ווילהעלם יערוזאַלעם

# פילאָסאָפיע

אידיש פון מ. כץ

פאַרלאַג די הײם

ניו יאָרק.

# אינהאלט:

## ערשטער טייל:

## די באדייטונג און די שטעלונג פון פילאָסאָפיע.



## צווייטער טייל:

## די פראָדעווטישע (פארבארייטענדיגע) לערעם.



## דריטער טייל:

## דער קריטיציזם פון וויסען און די עפּיסטעמאָלאָגיע.

## פערטער טייל:

## מעטאַפיזיק אָדער אנטאָלאָגיע.



## פינפטע אַפּטיילונג:

## די מעטאָדען און צוועקען פון עסטעטיק.



## זעקסטע אַפּטיילונג:

## עטיק און סאָציאָלאָגיע.

## ערשטער טייל.

# די באַדייטונג און די שטעלונג פון פילאָסאָפיע.

### 1. דער באַגריף און די פּראָבלעם פון פילאָסאָפיע.

פילאָסאָפיע איז דער אינטעלעקטועלער פאַרזוך צו פאַראייניגען די געוויינליכע דערפאַרונגען פון לעבען מיט די רעזולטאַטען פון וויסענשאַפטליכער פאָרשונג אין אַ האַרמאָנישער און אויסגעהאַלטענער וועלט־טעאָריע; נאָכמער, אין אַזאַ וועלט־טעאָריע, וואָס זאָל באַפרידיגען די באַדערפעניסען פון אונזער האַרץ. דער ציל פון אַלע פילאָסאָפישע חקירות פון אָנהויב־אָן און צו יעדער צייט איז שטענדיג געווען דערזעלביגער— אויסצואַרבייטען אַן אויסגעהאַלטענע טעאָריע פון דער וועלט און פון דעם מענשליכען לעבען. דאָס איז שטענדיג געווען דער געמיינשאַפט־ליכער צוועק פון אַלע פליאָסאָפישע סיסטעמען, ווי פאַרשיידען עס זאָלען ניט זיין זייערע אויספירונגען, סיי אין אינהאַלט סיי אין די מעטאָדען. אין דעם זינען, אַלזאָ, איז יעדע פילאָסאָפיע אַ טעאָריע פון דער וועלט און פון דעם לעבען. עס איז געווען אַ צייט, ווען מענשען האָבען געגלויבט, אַז מען קאָן אויפבויען אַזאַ טעאָריע פון ריינע געדאַנק־פאָרמען, ניט זאָרגענדיג וועגען די רעזולטאַטען פון גרינדליכע פאָר־שונגען. מען האָט דאָן באַטראַכט די פילאָסאָפיע, ווי די מלכה פון אַלע וויסענשאַפטען, וועמענס גזירות קענען באַשטימען וועלכע פון די רעזולטאַטען פון וויסענשאַפטליכע און היסטאָרישע פאָרשונגען זאָלען אָנגענומען ווערען אַלס גילטיג און וועלכע ניט. אָבער יענע צייט איז שוין אויף אייביג אַוועק. אַ פילאָסאָפיע, וואָס איז גלייכגילטיג צו די רעזולטאַטען פון וויסענשאַפטליכער פאָרשונג, אָדער וואָס איז

חוצפה'דיג גענוג צו דיקטירען מעטאָדען אָדער צו באַשטרייטען אַזעלכע רעזולטאַטען. — אַזא פילאָסאָפיע קאָן ניט האָפען אויף קיין אנערקע־נונג. די פילאָסאָפיע מוז גיין האַנט ביי האַנט מיט דער וויסענשאַפט און זיך דורכאויס שטיצען אויף די רעזולטאַטען פון דער וויסענשאַפט־ליכער פאָרשונג. נאָר אויף אַזעלכע פעסטע יסודות קאָן דער פילאָסאָ־פישער שטרעבען נאָך איינהייט זיך אונטערנעמען אויפצובויען אַן אויסגעהאַלטענע און פאַרשטענדליכע סיסטעם פון די שטיקלאַך. און ברעקלאַך, וועלכע זיינען דאָס לעצטע וואָרט פון וויסענשאַפטליכער פאָרשונג. אָבער די פילאָסאָפיע קען אויך דאָס ניט אויפטאָן, סיידען די פילאָסאָפען וועלען זיך באַנוצען מיט די מעטאָדען, וועלכע זיינען אין אַנקלאַנג מיט דעם וויסענשאפטליכען געדאַנק.

אָבער ניט נאָר דער טעאָרעטישער געדאַנק אַליין פאַרנעמט זיך מיט דער לייזונג פון אַט דער פראָבלעם. אונזערע געפילען, און בע־זונדערס אונזערע פאַרלאַנגען האָבען אַ וויכטיגען חלק אין אַט דער פילאָסאָפישער אַרבייט. הערבערט ספענסער, איינער פון די פראַקטישסטע פילאָסאָפען הויבט אָן זיין אויטאָביאָגראַפיע מיט דער באַמערקונג: „דער געפיל־מאָמענט שפילט א וויכטיגע ראָלע אין דער אַנטשטייאונג פון יעדער געדאַנקען־סיסטעם, אפשר פונקט אזא וויכטיגע ראָלע ווי דער אינטעלעקטועלער מאָמענט".

מען קאָן ניט באַטראַכטען א פילאָסאָפישע לערע ווי אַ מין עיר מקלט, וואו דער מענש קאָן זיך אויסבאַהאַלטען פון דער לאַנגווייליגער רוטינע פון פאָרשונגען. אַ מענשענס פילאָסאָפיע, זאָגט פיכטע, היינגט אָפּ אָן דעם, וואָס פאַר אַ סאָרט מענש ער איז.

די פילאָסאָפיע איז שוין ניט מער אַן ענין פאַר אַן איינזאַמען יישוב הדעת; זי קאָן זיך מער ניט דערלויבען צוריקצוציען פון דער ברייטער פראַקטישער וועלט. מיר מוזען אויסאַרבייטען אונזער פילאָ־סאָפיע פון דעם אוניווערז דורך פאָרזיכטיגע וויסענשאַפטליכע שטודיען, און אויסנוצען די פילאָסאָפיע אין אונזערע געוויינליכע דערפאַרונגען, כדי צו דערהויבען זיי אויף אַ העכערער מדרגה, און אויף אַזא אופן צו שאַפען מער נאָבעלע אימפולסען פאַר אונזערע שטרעבונגען און אונזערע אידעאַלען. די פילאָסאָפיע דאַרף אונז לערנען צו באַטראַכ־טען די וועלט און דאָס לעבען פון אַ העכערען שטאַנדפונקט, און ניט בלויז צו קוקען גלייכגילטיג אויף די ענינים און קאַמפען פון דער וועלט, ווי פון אַ הויכען וואַך־טורעם.

די הויפטפליכט פון דער פילאָסאָפיע דאַרף זיין צו ווייזען אונז פון אַ העכערען שטאַנדפונקט יענע ווייטע צילען, צו וועלכע די מענש־הייט שטרעבט, צו באַגייסטערען אונז מיט ענערגיע און מיט צוטרויען, כדי מיר זאָלען קאָנען מיטהעלפען צו דערגרייכען די דאָזיגע צילען.

### 2. די פסיכאָלאָגישע אַנטשטייאונג פון דער פילאָסאָפיע.

דער פאַרלאַנג צו שאַפען זיך אַ לאָגישע וועלט־טעאָריע איז טיף איינגעוואָרצעלט אין דער מענשליכער נאַטור. די ערשטע פאָרמע פון דעם פאַרלאַנג איז אַ געפיל פון וואונדער. פלאַטאָן און אַריסטאָטעל באַטראַכטען טאַקע אָט דעם געפיל פון וואונדער אַלס דעם אָנהויב פון פילאָסאָפיע. אַזאַ געפיל ווערט דערוועקט אין אונז דורך יעדער נייער דערפאַרונג, דורך יעדער דערפאַרונג וועלכע איז ניט אין האַרמאָניע מיט אונזער וועלט־אַנשויאונג. צוזאַ־מען מיט אָט דעם געפיל פון וואונדער קומט אָפט אַ געפיל פון שרעק, ווייל אַלץ וואָס איז אונז פרעמד זעט אונז אָפט אויס צו זיין געפערליך. אָבער אחוץ אָט דעם, אזוי צו זאָגען, פראַקטישען וואונדער, קאָנען מיר איינזעהן, אפילו ביי קליינע קינדער, אַן ענליכען געפיל, וואָס האָט קיין שום שייכות ניט צו שרעק, און וועלכען מע קאָן אָנרופען — טעאָרעטישער וואונדער. מיט אַנדערע ווערטער, דער פראָצעס פון דענקען, וועלכער האָט זיין מקור אין פראַקטישע באַטראַכטונגען ווי אַזוי צו דערהאַלטען און צו פאַרהיטען אונזער לעבען, אַנטוויקעלט זיך מיט דער צייט אין אַ פונקציע, וואָס אַרבייט אומאָפהייניג און אָהן דער טרייב־קראַפט פון דער פראַקטישער נויטווענדיגקייט. ביי קליינע קינדער דריקט זיך אויס דער וואונדער אָדער די נייגעריגקייט צוערשט אין דעם גוט־באַקאַנטען אויסדרוק פון פאַרלעגענהייט אויף זייער פנים און דערנאָך אין נאַאיווע פראַגען; ביי דערוואַקסענע מענשען, און ביי גאַנצע ראַסען אַנטוויקעלט זיך די פונקציע אין אַ וויסענשאַפטליכער אונטערזוכונג און פילאָסאָפישע חקירות. דער טעאָרעטישער וואונדער באַגלייט אונז אונזער גאַנץ לעבען. קודם דער־וועקט זיך אין אונז אַ נייגעריגקייט אָדער וואונדער דורך אַלץ וואָס איז ניי און פרעמד. אָבער עס קומט אַ צייט, ווען די וועלט־טעאָריע, וועלכע מיר האָבען כמעט אומבאַוואוסטזיניג איינגעזאַפט

## ווילהעלם יערוזאַלעם

אין זיך אַ דאַנק טראַדיציעס און אונטערן איינפלוס פון סאָציאַלער און רעליגיעזער אויטאָריטעט, קאָן מער ניט באַפרידיגן אונזער רייפערען געדאַנק. מיר הויבען דאַן אָן זיך צו וואונדערן איבער זאַכען, וועלכע האָבען אונז ביז דאַן זיך אויסגעוויזען צו זיין גוט באַקאַנט און פשוט, ווייל זיי ווייזען זיך פאַר אונז אין אַ נייער שיין. אַט דער וואונדער איבער גוט־באַקאַנטע און טראַדיציאָנעלע זאַכען איז דער אמת׳ער אָנהויב פון פילאָסאָפיע.

עס איז פאַראַן נאָך אַ פרימיטיווער פאַקט אין אונזער פסיכישען לעבען, וואָס פאַרשטאַרקט די נייגונג צו פילאָסאָפישער נייגעריגקייט. דאָס איז דער געפיל פון דער איינהייט פון אונזער באַוואוסטזיין. פונקט ווי יעדער איינער פון אונז קאָן זיך אַליין אַלס אַ יחיד, אַלס אַן אין זיך איינגעשלאָסענע פערזענליכקייט, וועלכע הערט ניט אויף צו פילען זיך אַלס אַן איינהייטליכער עצם, ניט קוקענדיג אויף די פאַרשיידענאַרטיגע באַציאונגען צו דער נאַטור און צו דער מענשהייט, און די גרויסע ענדערונגען, וואָס קומען פאַר אין דעם „איך" אין דעם נאַטירליכען גאַנג פון אַנטוויקלונג פון דער וויג ביז צום קבר, — פונקט אַזוי שטרעבען מיר צו דערקלערען די אַרומיגע וועלט לויט אַן איינהייט־ליכען פרינציפּ, און צו באַגרייפען זי אַלס אַן איינהייטליכע גאַנצקייט. דער צוועק און דער ציל פון יעדען מין פילאָסאָפירען שטיצט זיך אויף אַט דעם פסיכאָלאָגישען פרינציפּ.

די שווערקייט צו געפינען אַן איינהייטליכקייט אין דער פאַר־שיידענקייט וואַקסט אין דער זעלביגער מאָס, מיט וועלכער אונזער באַגריף פון דער וועלט באַרייכערט זיך דורך דער וויסענשאַפטליכער אונטערזוכונג. אָבער דאָס שאַפט בלויז אַ נייע פילאָסאָפישע באַגייס־טערונג און פאַרשטאַרקט נאָך מער דעם פאַרלאַנג נאָך איינהייטליכ־קייט. מיר קאָנען דאַרום מיט זיכערקייט באַהויפּטען, דאָס טראָץ דעם פאַקט, וואָס די ספּעציעלע וויסענשאַפטען פאַרשטויסען מיט פאַראַכטונג פילאָסאָפישע חקירות, וועט אָבער דער וואונש נאָך פילאָ־סאָפישער אויפקלערונג קיינמאָל ניט אָפּשטאַרבען. כאָטש קיין איין פי־לאָסאָפישע סיסטעם קאָן אונז ניט באַפרידיגען אויף שטענדיג, וועט די פילאָסאָפיע זעלבסט, ווי ש י ל ע ר האָט זיך אויסגעדריקט, אָנהאַל־טען אויף אייביג.

# פילאָסאָפיע

### 3. די היסטאָרישע אַנטשטייאונג פון דער פילאָסאָפיע.

די פאַרשיידענע ציוויליזירטע פעלקער האָבען אויסגעאַרבייט פי־לאָסאָפישע סיסטעמען, גאַנץ אומאָפּהענגיג איינע פון די אַנדערע. די אַנטוויקלונג פון דער וויסענשאַפטליכער פילאָלאָגיע אין דעם ניינ־צענטען יאָרהונדערט האָט אונז באַקאַנט געמאַכט מיט ברייטע זעהר אָפּט טיף־דורכגעטראַכטע פילאָסאָפישע אידייען ביי די כינעזער, עגיפּ־טער, פּערסען און באַזונדערס ביי די הינדוסען, — אָבער מיט דער אויסנאַם פון זעהר ווייניגע דיינקער פון ניינצענטען יאָרהונדערט, האָט בלויז די גריכישע פילאָסאָפיע אַ וועלכע עס איז באַדייטונג פאַר דער אַנטוויקלונג פון דעם פילאָסאָפישען געדאַנק אין די מערב לענדער. דער גריכישער געדאַנק האָט געווירקט אין פאַרלויף פון גאַנצען מיטעל־אַלטער, האָט פיל בייגעטראָגען צו דער באַרייכערונג און דער באַ־גייסטערונג פון דער מאָדערנער פילאָסאָפיע, און האָט נאָך אפילו איצט ניט איינגאַנצען אויסגעשעפּט זיין היסטאָרישע ווירקזאַמקייט. די גריכען האָבען די ערשטע אויפגעהויבען די פראַגען, מיט וועלכע מיר זיינען נאָך עד היום באַשעפטיגט; זיי האָבען אַנטדעקט די געדאַנקען־פאָרמען, וועלכע מיר באַנוצען נאָך אין אונזער צייט. דער שטודיום פון דער גריכישער פילאָסאָפיע איז דאַרום נאָך אַלץ אומבאַדינגט נויטיג, כדי גרינדליך צו פאַרשטיין די פילאָסאָפישע פּראָבלעמען. חוץ דעם, איז אַזאַ שטודיום אויסערגעוויינליך באַלערענדיג פאַר אַנפאַנ־גער.

די אַקטיווע געשעפטס־אונטערנעמונגען און האַנדעל פון די רייכע יאָנישע קאָלאָניעס (אויף דעם מערב ברעג פון קליין־אַזיען) האָבען אויף פילע אופנים געוועקט צו גייסטיגער טעטיגקייט, און די וואַקסענדיגע עשירות האָבען געשאַפען גענוג פרייע צייט פאַר אַ ישוב הדעת. אַזאַ סביבה האָט געשאַפען באַזונדערס גינסטיגע פסיכאָלאָגישע באַדינגונ־גען פאַר דער אַנטוויקלונג פון דעם פילאָסאָפישען אימפּולס. און דאָרטען הויבט זיך אָן אַרום 600 יאָר פאַר קריסטוס׳ געבורט, מיט דעם פילאָסאָף ט ה א ל ע ס, די לאַנגע רייע פון דיינקער, וואָס האָבען געשטרעבט צו לייזען די רעטעניש פון דער וועלט.

אָבער די ווערטער, פילאָסאָפיע און פילאָסאָף, זיינען אריין אין

געברויך ערשט צום סוף פון פינפטען יארהונדערט פאר קריסטוס. דאס גריכישע ווארט פ י ל א ס א פ י א שטאמט, ווייזט אויס, פון דעם ווארט פ י ל א ס א פ ע י ן, וואס מיינט שטרעבען נאך קענטעניש פון דעם ריינעם וואונש צו וויסען, אהן א שום פראקטישען צוועק. די דאזיגע אפשטאמונג פון דעם וואס האט אויך אזא אופן אויך א סימבאלישע באדייטונג, אין דעם זינען, וואס די וויכטיגסטע זאך אין פילאסאפיע איז דאס פילאסאפירען. אלזא, ניט דער רעזול־טאט פון חקירה, וועלכער קומט אן אהן אנשטריינגונג, נאר די אינדי־ווידועלע פראקטיק פון פילאסאפישען דיינקען, איז פון דער גרעסטער וויכטיגקייט.

דער פארזוך אויפצובויען א וועלט־טעאריע, דערהויפט ווען מען שטרעבט צו דערקלערען די גרונט־פרינציפען, ברייגנט די פילאסאפיע אין בארירונג מיט טראדיציאנעלע רעליגיעזע אידייען. אין דער אמת׳ן וואקסט די פילאסאפיע טיילווייז ארויס פון רעליגיע. עס פאסט זיך דערפאר, אז מיר זאלען צוערשט דערקלערען די שייכות צווישען רעליגיע און פילאסאפיע.

## 4. פ י ל א ס א פ י ע א ו ן ר ע ל י ג י ע.

פילאסאפיע און רעליגיע שטייען אין פיל פרטים אין זעהר א נאהענטער שייכות.ביידע מאכען דעם פארזוך צו פארפאלקאמען אונזער דערפארונג כדי צו שאפען אן אויסגעהאלטענע וועלט־אנשוי־אונג; נאכמער, ביידע האבען א נאאיווען גלויבען, באזונדערס ביי זייער ערשטען ארויסטריט, אין דער מאכט פון שכל און גייסטיגער התעוררות. און ביידע האבען א פעסטען צוטרויען צו די פראדוקטען פון דעם גייסט און פון דעם כח הדמיון. פ ל א ט א ן גלויבט אין דער ווירקזאמקייט און ווירקליכקייט פון אידייען, ניט ווייניגער ווי א גאטס־פארכטיגער מענש גלויבט אין עולם הבא.

אבער חוץ אט די געמיינשאפטליכע אייגענשאפטען, געפינען מיר צווישען זיי גרויסע פארשיידענקייטען, וואס פירען צו א שארפען ווי־דערשפרוך, אפילו ביים אנהויב פון דער היסטארישער אנטוויקלונג. די רעליגיעזע וועלט־אנשויאונג און לעבענס־טעאריע שטאמט הויפט־זאכליך פון דעם פאקט, וואס מיר דערקלערען אונזערע טאג־טעגליכע דערפארונגען מיט דער הילף פון אונזער פארשטעלונג־קראפט, וועלכע

מאַלט אַלץ אין אַ מענטשעשען זינען (אַנטראָפּאָמאָרפיש), און וואָס מיר אַנטוויקלען זיי לויט די באַדערפעניששן און וואונשען פון אונזער האַרץ. דער גלויבען אין רוחניות'דיגע קרעפטען, וועלכע מישען זיך אַריין אין דעם מענשליכען לעבען, ווערט דערנאָך פאַרשטאַרקט דורך דעם, וואָס די מיטגלידער פון אַ גאַנצער פאַמיליע אָדער פון אַ גאַנצען שבט פאַראייניגען זיך אין אָט דעם גלויבען. דער יחיד שטיצט און פאַרשטאַרקט זיין איבערצייגונג דורך זיין פאַרקער מיט אַנדערע, וועלכע טיילען מיט אים זיין גלויבען. רעליגיעזע אידייעס און דאָגמעס זיינען דאָס געמיינשאַפטליכע גייסטיגע אייגענטום פון גרויסע מאַסען מענשען, און אָט דער געמיינשאַפטליכער גייסטיגער פאַרמעגען שאַפט די פאַרבינדונג, וועלכע האַלט די מיט־גלויביגע צוזאַמען. רעליגיע, באַזונדערס אין אָנהויב, שטיצט זיך אויף דעם סאָציאַלען ווערט פון אירע דאָגמעס. די דאָזיגע אַלגעמיין־אַנערקענטע אידייעס גייען דערנאָך אַריבער פון דור צו דור מיט דער אויטאָריטעט פון טראַדיציע. אויף אַ שפּעטעריגער מדרגה פון אַנטוויקלונג ווערען זיי פאַרשטאַרקט דורך דעם אויטאָריטעט פון דער מלוכה. רעליגיע האָט דעריבער נאַטירליכערוויַיז, אַ סאָציאַלען און אויטאָריטאַטיווען כאַראַקטער.

די פילאָסאָפיע, פאַרקערט, האָט צו פאַרדאַנקען איר אַנטשטייאונג דעם פאַקט, וואָס דער פאָרשענדער אימפּולס איז געוואָרען אומאָפּהיינגיג. זי קאָן אַנדערקענען בלויז יענע זאַכען, וואָס קאָנען רעכטפאַרטיגט ווערען פאַר דעם בית־דין פון פאַרשטאַנד. דער פילאָסאָף איז פריער פאַר אַלץ אַן אינדיווידועלער דיינקער. ער איז געצוואונגען צו קריטיקירען די טראַדיציאָנעלע טעאָריעס און אויפצובויען זיין אייגענע וועלט־אַנשויאונג מיט דער קראַפט פון זיין אייגענעם שכל און פון זיין אייגענער פאָרשונג. ער מוז גיין זיין אייגענעם וועג און אָפּטמאָל אַפילו זיך שטעלען שטריינג קעגען די טראַדיציאָנעלע טעאָריעס, און קעגען די אָנזיכטען פון זיינע מיטמענשען. בעת, אַלזאָ, די רעליגיע טראָגט אַ סאָציאַלען און אַווטאָריטאַרען כאַראַקטער, איז פילאָסאָפיע פונקט דער היפוך, ד. ה. אינדיווידועל און קריטיש. דער דאָזיגער קאָנטראַסט איז באַזונדערס בולט ביים סאַמע אָנהויב פון זייער אַנטוויקלונג.

פון אָט דער אַנטיטעזע קאָנען מיר לייכט פאַרשטיין, פאַרוואָס די פילאָסאָפיע האָט שוין ביי איר ערשטער דערשיינונג געמוזט אַרויסוויַיזן איר אָפּאָזיציע קעגען רעליגיעזע טראַדיציעס. דער ווידער־

שטאַנד נעמט ציטענוויי אַז אַ זעהר שאַרפע פאָרמע אין דער גרי־כישער פילאָסאָפיע. ק ס ע נ אָ פ אַ נ ע ס וואַרפט פאַר די האָמע־רישע געטער, וואָס זיי זיינען ענליך אויף די מענשען און זינדיגען ווי מענשען; פ ר אָ ט אַ ג אָ ר אַ ס צווייפעלט, אויב עס זיינען גאָר פאַראַן געטער; ע פּ י ק ו ר גיט צו די עקזיסטענץ פון געטער אַלס אידעאַלע פאָרמען, אָבער ער לייקענט, אַז זיי האָבען וועלכען עס איז איינפלוס אויף וועלט־ענינים.

פון דער אַנדער זייט, זיינען זעהר פרי געמאַכט געוואָרען פאַר־זוכען צו פאַראייניגען רעליגיע און פילאָסאָפיע. פּ ל אַ ט אָ ן און אַ ר י ס ט אָ ט ע ל קומען דורך ריין־ספּעקולאַטיווע מעטאָדען צום באַשלוס, אַז עס איז דאָ נאָר איין איינציגע גאָטהייט. זיי אונטער־שיידען זיך אָבער אין זייערע דערקלערונגען וועגען די באַציהונגען פון דער גאָטהייט צו דער וועלט. די ס ט אָ אַ י ק ע ר מאַכען אַ פאַרזוך דורך אַלעגאָרישע צופאַסונגען איינצושליסען אין זייער פילאָ־סאָפישער סיסטעם די טראַדיציאָנעלע פּסוקים פון זייערע העלדען און געטער. פ י ל אָ, דער אַלעקסאַנדריער איד, (געבוירען אַרום 20 יאָר פאַר קריסטוסען), פּרופט דורך אַלעגאָרישע דערקלערונגען צו אַנטפּלעקען אַ ריין פילאָסאָפישע קאָסמאָלאָגיע אין דער מעשה בראשית פון דער תורה. דאָס קריסטענטום באַנוצט זיך אָפט מיט פילאָסאָ־פישע געדאַנקען־פאָרמען, תחילת אין דער באַהויפּטונג און דער פאַר־טיידיגונג פון דער אידייע פון זינד־אויסלייזונג, און דערנאָך אויך אין דער פאָרמולירונג פון זיינע לערעס. אָבער דאָס קריסטענטום באַ־טראַכט אמונה אַלס דעם העכסטען מין פון וויסען. אין מיטעל־אַלטער האָט די סכאָלאַסטישע פילאָסאָפיע געמאַכט אַ שטאַרקען פאַרזוך פעסטצושטעלען די קריסטליכע דאָגמען פון אַ פילאָסאָפישען שטאַנד־פונקט. עס האָט זיך אָבער באַלד אַרויסגעוויזען, אַז ניט פאַר יעדער דאָגמע קאָן מען געפינען אַ שטריינג־שכל׳דיגען באַווייז. עס איז דאַן געמאַכט געוואָרען אַ פאַרזוך אָפּצושיידען „נאַטור־טעאָלאָגיע“ פון „אַנטפּלעקטער טעאָלאָגיע“. אַלץ וואָס באַלאַנגט צו דער לעצטער קאָן ניט באַוויזען ווערען, און מוז אָנגענומען ווערען אויפ׳ן גרונט פון אַנטפּלעקונג. אויף אַזאַ אופן איז דער ווידערשפּרוך, וואָס איז אויסער־ליך אָפּגעווישט געוואָרען, ווידער אַרויסגעקומען אין דער סכאָלאַס־טיקע גופא.

די מאָדערנע פילאָסאָפיע איז פיל באַרייכערט געוואָרען אַ דאַנק

דעם פּראָגרעס, וועלכען די נאַטור־וויסענשאַפט האָט געמאַכט אין דעם זיבעצענטען און אַכצענטען יאָרהונדערט. די מאַטעמאַטיק האָט אויך געהאַט אַן אויסערגעוויינליך שטאַרקען איינפלוס. פון איין זייט, הויבען מיר אָן צו שעצען באָאַבאַכטונג און עקספּערימענט, אַלס די זיכערסטע קוואַלען פון עמפּירישער ידיעות (וואָס קומען דורך דער־פאַרונג) ; פון דער צווייטער זייט אָבער, זעהען מיר איין, אַז די מאַטע־מאַטיק אַנטהאַלט אין זיך אַ סיסטעם פון אמת'ען, וואָס איז געוויס מער גילטיג און איבערצייגענדיג אומאָפּהייננגיג פון דערפאַרונג, און וואָס שיינט צו שטאַמען פון דעם שכל גופא. דער וואוקס פון פאַר־שענדיגער קראַפט האָט אַרויסגערופען אַזאַ זעלבסט־צוטרויען, אַז די פילאָסאָפיע האָט געמוזט אַננעמען אַן אומאָפּהייניגע שטעלונג בנוגע די רעליגיעזע פּראָבלעמען. דיזאָזיגע פּראָבלעמען זיינען נאָך עד היום אַן ענין פון טיפער נאָכפאָרשונג.

דער מאַטעריאַליזם פון אַכצענטען און נייצענטען יאָרהונדערט האָט באַטראַכט יעדע רעליגיע אַלס אַ פּוסטען חלום און האָט זיך באַמיט צו באַפרייען די וויסענשאַפט פון אַלע רעליגיעזע פּראָבלעמען. אָבער די נייערע היסטאָרישע, און באַזונדערס עטנאָ־גראַפישע, פאָרשונגען האָבען קלאָר באַוויזען, אַז רעליגיעזע אידייעס עקזיסטירען וואו נאָר מענשליכע באַשעפענישען לעבען אין סאָציאַלע גרופּעס, און אַז די דאָזיגע אידייעס געהערען, דעריבער, צו די עלעמענ־טאַרע געדאַנקען פון דעם מענשען.

מע דאַרף אָבער ניט אויפגעבען אַלס האָפענונגסלאָז דעם פאַר־זוך צו האַרמאָניזירען די פילאָסאָפיע און רעליגיע, ווייל קיינער קאָן דאָך ניט אָפּלייקענען די מעגליכקייט, אַז פילאָסאָפישע פאָרשונגען, ד. ה. פאָרשונגען, וואָס זיינען פריי פון פאָראורטיילען, קאָנען דער־גרייכען רעזולטאַטען, וואָס זאָלען שטימען מיט די פיינערע רעליגיעזע אידייען. איין זאַך איז זיכער, נעמליך, אַז פילאָסאָפישע חקירות, סיי אין די אַלטע און סיי אין די מאָדערנע צייטען, האָבען פיל בייגעטראָ־גען צו דער פאַרפיינערונג פון די רלעיגיעזע אידייעס, און אַז די פילאָ־סאָפיע האָט זיך דערנעהענטערט, סיי טעאָרעטיש, סיי פּראַקטיש, צו דער וויסענשאַפטליכער וועלט־טעאָריע. און עס איז אויך זיכער, אַז די פילאָסאָפיע וואַגט נישט אוועקצומאַכען מיט דער האַנט אַ דער־שיינונג, וואָס איז אַזוי פאַרשפּרייט און וואָס האָט אַזאַ וויכטיגען איינ־פלוס, ווי רעליגיע. די פילאָסאָפיע מוז דאַרום זיך רעכענען מיט די

# ווילהעלם יערוזאַלעם

רעזולטאַטען פון דער וויסענשאַפט פון פאַרגלייכליכער רעליגיע, וועלכע האָט איין די לעצטע יאָרען געמאַכט אַן אומגעהויערען פאָרשריט. דער פאַרזוך צו שאַפען אַ גאַנצע, אַלץ־אַרומנעמענדיגע וועלט־אַנשויאונג פאָדערט, אַז די פילאָסאָפיע זאָל זיך פונקט אַזוי רעכענען מיט די רעזולטאַטען פון דער רעליגיע־וויסענשאַפט, ווי פון אַלע אַנדערע וויסענשאַפטען. דאָס פירט אונז נאַטירליכערווייז אַריין אין דער פּראָבלעם פון דער שייכות פון פילאָסאָפיע צו די פאַרשיידענע וויסענשאַפטען.

5. די פילאָסאָפיע און די וויסענשאַפט.

די פילאָסאָפיע, ווען זי האָט זיך צו ערשט באַוויזען ביי די גריכען, איז געווען איין אַנקלאַנג מיט דער טעאָרעטישער וויסענשאַפט. דער פאַרלאַנג נאָך קענטעניש פאַר זיך אַליין, איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דער פילאָסאָפיע אַזוי גוט ווי פאַר דער וויסענשאַפט. דאָס וויסענשאַפטליכע שטודיום פון דער נאַטור, בפרט, איז דאַן געווען דורכאויס די אַרבייט פון פילאָסאָפען. אַריסטאָטעל, וועלכער האָט סיסטעמאַטיזירט אַלע קענטענישען פון זיין צייט, איז געווען דער קלימאַקס און ווענדפּונקט פון אָט דער אַנטוויקלונג אין אַלטערטום. עס באַצייכענט דעם אָנהויב פון דער ספּעציאַליזירונג פון די איינצעלנע וויסענשאַפטען, ווי אויך די אויסטיילונג פון דער פילאָסאָפיע. אָבער דער דאָזיגער פּראָצעס איז אָנגעגאַנגען לאַנגזאַם און בהדרגה. באַשעפטיגענדיג זיך אונאויפהערליך און אויפמערקזאַם מיט די דאָזיגע פּלאָבלעמען, האָט זיך דער מענטשעשער גדאַנק לאַנגזאַם אויסגעלערענט פעסטצושטעלען די נאַטור־געזעצען דורך די בעאָבאַכטעטע פאַקטען און צו פאַרשטיין און קאָנטראָלירען די נאַטור דורך די דאָזיגע געזעצען. די שטענדיג־וואַקסענדע צעטיילונג פון אַרבייט, וואָס איז פאָרגעקומען איין משך פון די יאָרהונדערטער, האָט אָנגעזאַמעלט אַזאַ מאַסע פאַקטען און די אַנטדעקונג פון אַזעלכע קאָמפּליצירטע גערדאַנקען־מעטאָדען, אַז עס איז אַבסאָלוט אוממעגליך פאַר איין איינצעלנעם מענשען אומאָפּהיינגיג צו באַקענען זיך מיט דעם גאַנצען פעלד פון דער וויסענשאַפט. עס איז קיין צווייפעל ניט, אַז דאָס העלפט צו אַנטוויקלען די פאַרשיידענע וויסענשאַפטען, אָבער דערביי איז דאָ די געפאַר, אַז דער צוזאַמענהאַנג פון דעם אַלגעמיינעם מענשליכע וויסען זאָל צעריסען ווערען און פאַרלאָרען גיין.

# פילאָסאָפיע

די דאָזיגע סכנה ווערט נאָך מער פארשטארקט דורך דעם, וואָס אין דער צווייטער העלפט פון נייטצעגטען יאָרהונדערט האָבען פיל פאָרשטייער פון די איינצעלנע וויסענשאפטען געפילט אַן אַלגעמיינע שנאה צו פילאָסאָפישע מעטאָדען. די דאָזיגע שנאה שטאַמט דערפון, וואָס די פילאָסאָפיע איז אַ לאַנגע צייט באַטראַכט געוואָרען אַלס די מלכה פון אַלע וויסענשאפטען, און דערפון וואָס זי האָט אויך געפאָדערט אַזאַ אַנערקענונג, און איז באַשטאַנען אויף איר רעכט אַרויסצוגעבען די ענדגילטיגע הסכמות וועגען אַלע גרונט־פראָבלעמען פון אַלע וויסענשאפטען. די פילאָסאָפיע איז ניט נאָר באַשטאַנען אויף דעם רעכט צו זאָגען דאָס לעצטע וואָרט אין פראַגען פון נאַטור־וויסענשאפט, נאָר זי האָט זיך אויך גענומען דאָס רעכט צו צווייפלען אין פאַקטען, וועלכע האָבען זיך געשטיצט אויף גענויע פאָרשונגען און וויסענשאפטליכע באַווייזען, און צו באַהויפטען, אַז די דאָזיגע פאַקטען זיינען „אוממעגליך," ווייל זיי פאַסען זיך ניט אַריין אין דעם פילאָסאָפישען בנין.

די נאַטור־וויסענשאפט האָט געמוזט באַשטיין אויף איר אומאָפּהייננגיקייט און באַקעמפען אומבאַגרינדעטע טענות, ווי צום ביישפּיל די טענות פון ה ע ג ע ל און זיין שולע; זי האָט געמוזט באַשטיין, אַז די פאַקטען און געזעצען, וואָס זיינען פעסטגעשטעלט דורך פאָרשונגען און עקספּערימענטען, זיינען גילטיג, ניט קוקענדיג אויף אַלע פילאָסאָפישע חקירות. די פאַקטען, וועלכע ווערען אויף אַזאַ אופן אַנטדעקט, זיינען די יסודות, אויף וועלכע די וויסענשאפטליכע פילאָסאָפיע מוז בויען איר אייגענעם בנין.

די אומפאַרגלייכליכע ערפאָלגען פון דער נאַטור־וויסענשאפט און פון דער טעכנאָלאָגיע אין משך פון דעם נייטצעגטען יאָרהונדערט האָבען ביי ס'רוב וויסענשאפט־פאָרשער געשאַפען די מיינונג, אַז נאָר די גענויע פאָרשונג־מעטאָדען, וואָס שטיצען זיך אויף באַאָבאַכטונג, עקספּערימענט און מאַטעמאַטיק פירען צום אמת'ן פאָרטשריט פון אונזער וויסען. און פאַרקערט, אַז אַלע פילאָסאָפישע חקירות זיינען ניט מער, ווי אַן אומשולדיגער צייט־פאַרטרייב.

די וויסענשאפטען, וואָס פאַרנעמען זיך מיט דער פאָרשונג פון דעם גייסטיגען לעבען, האָבען אויך באַנוצט די מעטאָדען פון די נאַטור־וויסענשאפטען. די אַנטוויקלונג פון שפּראַך, רעליגיע, מנהגים און פון

##ווילהעלם יערוזאלעם

יעדער סאציאלער איינריכטונג ווערט נאך עד היום שטודירט אויפ'ן גרונט פון סטאטיסטישע און פארגלייכענדיגע מעטאדען. אויך דא פילט מען אפט א מין פארגעטערונג פון פאקטען און א פאראכטונג צו אלגעמיינע חקירות.

א באקאנטער פארשער פון אונזער צייט האט באמערקט, אז די וויסענשאפט איז ניט מער, ווי דער אויסדרוק פון דערפארונג אין אן עקאנאמישער סיסטעם; און די אויפגאבע פון דער וויסענשאפט איז צו באשרייבען אזוי איינפאך, ווי מעגליך, די פראצעסען פון דער נא־טור און פון דעם מענשליכען שכל. די פאדערונג, וועלכע איז אויס־געדריקט אין דער דאזיגער דעפיניציע, נעמליך, אז מען זאל אויס־שליסען אלץ וואס מיר גיבען צו צו די פאקטען און נאכפאלגען אין אונזער געדאנק די פראצעסען פונקט ווי זיי קומען ווירקליך פאר, איז זעהר א וויכטיגער מעטאדישער כלל פאר יעדער וויסענשאפטליכער פארשונג.

אבער קיין פרינציפ פון מעטאדישער פארשונג קאן ניט אפשאפען אונזער איינגעבארענע שטרעבונג צו פאראייניגען אלע אונזערע דער־פארונגען אין איין איינהייטליכער סיסטעם; און אונזער פארלאנג גיט נור צו שטודירען די נאטור און זיך אליין, נור אויך צו פארשטיין זייער באדייטונג. א חוץ דעם מוז מען געדיינקען, אז יעדער פאקט וועלכען מיר ערלערנען מוז באקומען זיין פארם פון אונזער שכל, כדי מיר זאלען אים קענען אויפנעמען. עס זיינען פאראן געוויסע אייגענ־שאפטען פון באגריף און געדאנק, וואס זיינען דער יסוד פון יעדער וויסענשאפטליכער פארשונג, וואס מאכען די פארשונג גופא מעגליך. נאכמער, די וויסענשאפט שטעלט זיך ניט צופרידען מיט א בלויזער אויבערפלאכליכער באקאנטשאפט מיט איינצעלנע פאקטען. זי שטרעבט צו אנטדעקען די געזעצען, וועלכע באהערשען די פאסירונגען. דערי־בער מוז יעדער איינצעלנע פארשונג, וועלכע וויל פארדינען דעם נא־מען — וויסענשאפט, נעמען אין אכט דעם סך הכל פון אלע פאקטען.

עס איז קלאר, אז מאדערנע פארשער אין די פארשיידענע וויסענ־שאפטען פילען די נויטווענדיגקייט פון אן ארומנעמענדיגער סיסטעם און פון א מער גרינטליכען באגריף וועגען דער נאטור פון דעם „איך“. ווילהעלם אסוואלד, דער בארימטער כעמיקער פון לייפ־ציג, האט פארעפענטליכט א סעריע לעקציעס איבער נאטור־פילאסאפיע און האט געגרינדעט א צייטשריפט „די אננאלען פון נאטור־פילאסא־

פיע", וועלכע פאַרנעמט זיך מיט די פּראָבלעמען פון וויסענשאַפטלי־
כער פאַרשונג, מיט דעם שטודיום פון וויסענשאַפטליכע מעטאָדען און
זייער שייכות צו די פּראָבלעמען פון וויסען. היסטאָריקער זיינען
אויך מיד געוואָרען פון פשוט קלייבען דאַטומס, און זיי זוכען צו באַ־
גרייפען דעם טיפערען מיין פון דער היסטאָרישער אַנטוויקלונג. די
דאָזיגע ענדערונג האָבען מיר צו פאַרדאַנקען דער פילאָסאָפיע פון גע־
שיכטע, וואָס איז באַגרינדעט געוואָרען פון הערדער און הע־
געל. אויף אַזאַ אופן באַקומט די געשיכטע אַ ברייטערען און מער
קאָנקרעטען פונדאַמענט, באַזונדערס דערפאַר ווייל אונזער וויסען
נעמט איצט אַרום אַלע פאַקטען פון דער גאַנצער וועלט.

עס שיינט דעריבער, אַז די פאַרשטייער פון די ספּעציעלע וויסענ־
שאַפטען זעהען איין אַלץ מער און מער, אַז דאָס גאַנצע מענשליכע
וויסען האָט געמיינשאַפטליכע יסודות און געמיינשאַפטליכע צילען.
די פילאָסאָפיע באַטראַכט די אויספאָרשונג פון די יסודות פון וויסען
אַלס איר הויפּט אויפגאַבע. דאָס איז באַזונדערס ריכטיג זינט
קאַנטען. פיכטע'ס פאָדערונג וועגען אַ וויסענשאַפט פון
וויסען איז ווידער אַמאָל אָנגענומען געוואָרען. וויכטיגע דיינקער פון
אונזער צייט זיינען געניגט צום גלויבען, אַז דער וויכטיגסטער אמת,
די איינציגע פּראָבלעם פון דער פילאָסאָפיע איז די אויספאָרשונג פון
די יסודות און פון די השערות פון אַלע וויסענשאַפטען. מיר שיינט
אָבער, אַז די איינהייטליכקייט פון שטרעבען איז דער וויכטיגסטער
און ניצליכסטער שטאַנדפּונקט. אַלע וויסענשאַפטען זיינען אַנטשטאַ־
נען פון פּראַקטישע נויטען, און דער העכסטער אידעאַל פון דער
מענשליכער פאָרשונג וועט שטענדיג בלייבען דער פאַרזוך צו מאַכען
דאָס מענשליכע לעבען רייכער און גליקליכער.

וויסענשאַפט און פילאָסאָפיע שטרעבען ביידע צו אַנטפּלעקען דעם
אמת. אָבער דער באַגריף וועגען אמת איז די לעצטע צייט דורכגע־
גאַנגען אַ פּראָצעס פון איבערבוי. מיר הויבען אָן איינצוזעהן, אַז דער
אמת איז ניט אַ סטאַטישע (אומבאַוועגליכע) שייכות צווישען גע־
דאַנק און פאַקט, וואָס בלייבט אייביג דערזעלביגער. עס זיינען איצט
דאָ דיינקער, וואָס באַטראַכטען דעם אמת, אַלס אַ דינאַמישע (באַוועג־
ליכע) זאַך, וועלכע שפּילט אַן אַקטיווע ראָלע, וואָס קען פירען אויפ'ן
דרך הישר, און העלפט אונז צו פאַרפאָלקאָמען דאָס לעבען. אַ מיי־
נונג איז ריכטיג, אויב זי העלפט אונז גובר צו זיין די נאַטור, אויב

# ווילהעלם יערוזאַלעם

זי איז בכוח צו באַאיינפלוסען צו גוטען אונזערע האַנדלונגען. מיט אַנדערע ווערטער, פּונקט ווי די וויסענשאַפט דינט דעם פּראַקטישען ציל צו פאַרשטאַרקען אונזער הערשאַפט איבער דער נאַטור און איבער דעם מענשליכען מוח דורך דעם, וואָס זי אַנטדעקט דעם אמת, פּונקט אַזוי דאַרף דער צוועק פון דער פילאָסאָפיע זיין, ניט די אינטואיטיווע סברה, נור פּראַקטיש צו באַאיינפלוסען און שכל׳דיג צו ווייזען דעם וועג פאַר אונזער געדאַנק און צו העלפען אויפבויען אַ העכערען לע־בענס־אידעאַל.

מען קאַן אויך שטעלען די פראַגע, צי די פילאָסאָפיע איז אַ וויסענ־שאַפט אָדער ניט. אַלס ענטפער וועל איך זאָגען, ווי ש י ל ע ר האַט געזאָגט, ווען ער האַט זיך אויסגעדריקט, אַז זיין פּאָעמע „די אַר־טיסטען“ איז ניט וועניגער אַ פּאָעמע דורך דעם, וואָס זי איז מער ווי אַ פּאָעמע. די פילאָסאָפיע איז אַלזאָ ניט וועניגער אַ וויסענשאַפט דערפאַר, וואָס זי איז מער ווי וויסענשאַפט.

די פילאָסאָפיע איז אַ וויסענשאַפט, ווייל זי איז געבויט אויף וויסענשאַפטליכע יסודות און באַנוצט זיך מיט וויסענשאַפטליכע פאָר־שונג־מעטאָדען. זי איז מער ווי וויסענשאַפט, ווייל זי מוז ניט נאָר רעגולירען אונזער דערפאַרונג, נור זי מוז אויך צולייגען איר אייגענס, און ווייל די פאַרשטעלונג און דער דמיון מוזען מיטאַרבייטען כדי צו דערגרייכען איר ענד־ציל, ד.ה. אַן אויסגעהאַלטענע וועלט־טעאָריע. דער היינט־וועלטיגער פילאָסאָף קאַן ניט איגנאָרירען די פליכט וועלכע ליגט אויף אים צו באַהערשען ווי ווייט מעגליך די רעזולטאַטען פון וויסענ־שאַפטליכער פאָרשונג, ספּעציעל צו באַקענען זיך מיט די געדאַנק־פאָרמען, וואָס מען האַט אַנטוויקעלט אין די פאַרשיידענע צווייגען פון דער וויסענשאַפט. אחוץ אַט דער וויסענשאַפטליכער פאָרבערייטונג, מוז ער אויך באַזיצען דעם מאָראַלען קוראַזש און די אַרטיסטישע פעּ־היגקייטען איבערצושטייגען די איינגע דערפאַרונג און צו פאַראייניגען די רעזולטאַטען פון ספּעציעלע פאָרשונגען אין אַ לאָגישער סיסטעם.

דער פילאָסאָף, וועלכען עס געלינגט דורך לאָגישען דענקען און קינסטלערישע באַאַרבייטונג אויפצובויען אַ וועלט־טעאָריע, האַט דאָס־זעלביגע רעכט צו זיין שטאָלץ מיט זיין בנין, ווי אַ גענעראַל שטאָלצירט מיט זיין זיג און אַן אַרטיסט מיט זיין מייסטערווערק. אַזאַ וועלט־טעאָריע איז צו דער זעלביגער צייט אַן אמונה און אַ פּראָ־

גראַם. אין אַזאַ וועלט־טעאָריע קאָנען וויסענשאַפט, קונסט און רעַ־ליגיע גיין האַנט ביי האַנט, אָבער שטענדיג נאָר בתנאי אַז די וויסענ־שאַפט איז דער פונדאַמענט און אַז די געדאַנקען פאָרמען וועלען תמיד פאַרבלייבען וויסענשאַפטליך.

## 6. די איינטיילונג פון דער פילאָסאָפיע.

פון די גריכען האָבען מיר גע'ירשנ'ט אַ דרייפאַכע קלאַסיפיצירונג פון דער פילאָסאָפיע. די דאָזיגע איינטיילונג איז אַלגעמיין אָנגענומען געוואָרען באַלד נאָך אַריסטאָטעלען, ד. ה. אין אָנהויב פון דריטען יאָרהונדערט פאַר קריסטוס. די דריי טיילען זיינען לאָגיק, פיזיק און עטיק.

די לאָגיק באַשעפטיגט זיך מיט דער לערע פון וויסען, מיט די געזעצען פון דיינקען, מיט די סימנים פון אמת, און שפּעטער מיט דער לערע פון וואַרשיינליכקייט.

די פיזיק שליסט איין נאַטור־וויסענשאַפט, נאַטור־פילאָ־סאָפיע, קאָסמאָלאָגיע און די לערע וועגען דער מענשליכער נשמה און איר גורל. דער נאָמען מעטאַפיזיק איז אַנטשטאַנען שפּעטער. איר ענין איז די לערע פון זיין, ד. ה. פון דעם, וואָס עקזיסטירט אומ־אָפּהיינגיג פון אונז, און וואָס מוז באַטראַכט ווערען אַלס דער עצם פון זאַכען, אַלס חלוק פון דעם, ווי די זאַכען זעהען אויס צו זיין. דער נאָמען מעטאַפיזיק איז דער רעזולטאַט פון צופאַל. אין דער זאַמלונג פון אַריסטאָטעלס ווערק איז דער טייל, וואָס באַשעפטיגט זיך מיט די דאָזיגע פּראָבלעמען, געקומען נאָך דער פיזיקע, און אַזוי ווי אַט דער טייל האָט ניט געהאַט קיין טיטעל, האָט מען אים גערופען „דאָס וואָס קומט נאָך דער פיזיקע" (טאַמעטאַ טאַ פיזיקאַ). דער דאָ־זיגער נאָמען און דער באַגריף זיינען פאַרבליבען עד היום, אָבער עס וואָלט מער געפּאַסט צו באַצייכענען אַט דעם טייל פון דער פילאָסאָפיע מיט'ן נאָמען אָנטאָלאָגיע, ד. ה. די לערע פון זיין.

די עטיק באַשעפטיגט זיך מיט דער לערע פון מענשליכער מאָראַל. אָבער אין אַלטערטום האָט מען געהאַלטען, אַז עטיק איז ניט אַזוי די לערע וועגען דעם מאָראַלישען חוב, ווי פון דעם העכסטען מענשליכען וואוילזיין בכלל. די פּאָליטיק, ד. ה. די לערע פון שטאַאַט און זיינע פאָרמען פלעגט באַטראַכט ווערען אַלס אַ טייל פון עטיק.

## ווילהעלם יערוזאַלעם

פּ ל אַ ט אָ ן, אַ ר י ס ט אָ ט ע ל און באַזונדערס פּ ל אָ־ ט י נ ו ס דערמאָנען אַמאָל די לערע פון דאָס שיינע און פון דער קונסט, אָבער די עסטעטיק פאַרנעמט ניט קיין באַזונדערן פּלאַץ אין דער פילאָסאָפיע פון אַלטערטום.

די איינטיילונג אין ל אָ ג י ק, פ י ז י ק און ע ט י ק האָט אָנגעהאַלטען אויך אין מיטעלאַלטער, און דינט נאָך איצט אויך אַלס יסוד ביי דער באַהאַנדלונג פון דער געשיכטע פון דער פילאָסאָפיע. אין די מאָדערנע צייטען האָט מען אריינגעבראַכט אַ נייע איינטיילונג. דאָס איז באַזונדערס דער פאַל מיט ב י י ק אָ ן פון ווערולאַם (1561—1626) און ק ר י ס ט י אַ ן וו אָ ל ף (1679—1754), וועל־כע מאַכען אַ פאַרזוך איינצוטיילען די פילאָסאָפיע לויט פּסיכאָלאָגישע פּרינציפּען. ק אַ נ ט׳ ס (1724—1804) איינטיילונג, וועלכע האָט עד היום דעם גרעסטען איינפלוס, און וועלכע מיר וועלען אויך אָנ־נעמען אין אונזער בוך, פאָלגט נאָך דעמזעלביגען פּרינציפּ.

אין זיין ק ר י ט י ק פ ו ן ר י י נ ע ם ש כ ל גיט אונז ק אַ נ ט אַ פילאָסאָפיע פון וויסען, אין זיין ק ר י ט י ק פ ו ן פּ ר אַ ק ט י ש ע ן ש כ ל — אַ פילאָסאָפיע פון ווילענס־קראַפט, און אין זיין ק ר י ט י ק פ ו ן א ו ר ט י י ל־ק ר אַ פ ט — אַ פילאָסאָפיע פון געפיל.

מיר וועלען זיך אויך האַלטען ביי דער דאָזיגער איינטיילונג. אָבער מיר וועלען אוזען ווייטער איינטיילען די פילאָסאָפיע פון וויסען אין צוויי חלקים. דער ערשטער וועט אויספאָרשען די פּראָבלעם וועגען דער מעגליכקייט, די גרעניצען און די אָפּשטאַמונג פון וויסען, און דער צווייטער וועט באַהאַנדלען דעם ענין פון וויסען. דער ק ר י־ ט י צ י ז ם און די ט ע אָ ר י ע פ ו ן וו י ס ע ן וועלען דערי־בער אריינגיין אין ערשטען טייל, און דער צווייטער טייל וועט אַנט־האַלטען די לערע פון ז י י ן אָדער אָ נ ט אָ ל אָ ג י ע.

די פילאָסאָפיע פון געפיל, ווי מיר וועלען באַווייזען, איז ניט מער ווי די לערע וועגען דאָס שיינע און דאָס דערהויבענע. די דאָזיגע לערע, וואָס איז זינט דעם מיטען פון אַכצענטען יאָרהונדערט, באַצייכענט געוואָרען אַלס ע ס ט ע ט י ק, איז איצט אַ באַזונדער טייל פון דער סיסטעמאַטישער פילאָסאָפיע.

די פילאָסאָפיע פון ווילען שטרעבט צו אַנטדעקען די תנאים און די כללים פון דער מענשליכער האַנדלונג. אַלס פּראַקטישע פילאָסאָ־

פיע, אדער עטיק, איז דאָס שטענדיג געווען אַ וויכטיגע אפּטיילונג פון דער סיסטעמאַטישער פילאָסאָפיע. אָבער אזוי ווי ניט נור דער ווילען פון דעם יחיד, נור אויך דער ווילען פון כלל איז פאַראַנטוואָרטליך פאַר מענשליכע האַנדלונגען, וועלען מיר מיט דער עטיק פאַראייניגען די נייעסטע פון די פילאָסאָפישע לערעס, די סאָציאָלאָגיע. מיר וועלען אויך מאַכען אייניגע באַמערקונגען וועגען די אַלגעמיינע פּרינציפּען פון דערציאונג, אדער פּעדאַגאָגיק.

איידער מיר גייען איבער צו די פאַרשיידענע פילאָסאָפישע פּראָבלעמען, מוזען מיר קודם כל אין קורצען באַהאַנדלען די פּסיכאָלאָגיע און לאָגיק, וועלכע ווערען מיט רעכט באַטראַכט אַלס פאַרבערייטענדיגע (אָדער פּראָפּאַדעווטישע) לערעס. פּסיכאָלאָגיע איז לעצטענס געוואָרען אַן אומאָפּהייגיגע וויסענשאַפט, וואָס פירט אָן אירע פאָרשונגען מיט ריין־עמפּירישע מעטאָדען (וואָס שטיצען זיך אויף עקספּערימענטען), אומאָפּהייגיג פון פילאָסאָפישע חקירות. פּסיכאָלאָגיע איז דער נויטווענדיגער יסוד פון אַלע רוחניות׳דיגע וויסענשאַפטען, וואָס ברענגט זיי אין אַ נאָענטער שייכות מיט פילאָסאָפיע. לאָגיק איז אין דער אמת׳ן אַ וויכטיגע פאַרבאַרייטענדיגע לערע פאַר אַלע וויסענשאַפטען, אָבער אין דער פילאָסאָפיע, וועלכע שטרעבט צו סיסטעמאַטיזירען די רעזולטאַטען פון ספּעציעלע פאַרשונגען לויט אַלגעמיינע פּרינציפּען, קאָן מען זיך אָהן לאָגיק אבסאָלוט ניט באַגיין.

די געשיכטע פון פילאָסאָפיע ווערט מיט רעכט באַטראַכט אַלס אַ וויכטיגע אָפּטיילונג פון פילאָסאָפישען שטודיום. עס איז געווען אַ צייט, ווען מען האָט געהאַלטען, אַז די פילאָסאָפיע דאַרף זיך באַגרעניצען מיט דעם פאַרשען פון איר אייגענער געשיכטע. עס פּאַסט זיך דעריבער צו זאָגען אַ פּאָר ווערטער וועגען דער וויכטיגקייט פון אָט דעם שטודיום.

### 7. די געשיכטע פון דער פילאָסאָפיע.

אין דעם שטודיום פון פילאָסאָפיע איז זעהר וויכטיג נאָך פיל מער ווי אין וועלכען עס איז אַנדערן צווייג פון וויסענשאַפט, צו באַקענען זיך מיט איר געשיכטע. ווען איינער קלייבט אויס, למשל, מאַטעמאַטיק אדער פיזיק פאַר זיין פעלד פון וויסענשאַפטליכער פאַרשונג, איז ניט נויטיג, אַז ער זאָל זיך באַקענען מיט דער היסטאָרישער אַפּ־

# ווילהעלם יערוזאַלעם

שטאַמונג און מיט דער גאַנצער אַנטוויקלונג פון די פאַרשונג־פּרינציפּען, כדי צו דערלערנען די מעטאָדען, די געדאַנקען־פאָרמען און די פאָר־שונג־רעזולטאַטען פון זיין ענין. ערשט ווען ער האָט דערגרייכט די העכסטע מדרגה פון וויסען, וועט ער אפשר אָנהויבען פילען אַ באַדער־פעניש אין געשיכטע; לכל הפחות, ווי ערנסט מאַך האָט פיל מאָל באַטאָנט אין דעם פאַל פון פיזיק, וועט ער דאַן איינזען, אַז מען קאָן ניט דערגרייכען צו קיין טיפען און גענויען באַגריף וועגען די גרונט־פּרינציפּען, ווען מען ווייסט ניט זייער געשיכטליכע אַנט־וויקלונג.

מיט דער פילאָסאָפיע האָלט עס גאַנץ אַנדערש אין דעם פּרט. עס איז פּאַקטיש אוממעגליך צו קריגען אַ וועלכען עס איז ריכטיגען באַגריף וועגען אַ פילאָסאָפישער פּראָבלעם, ווען מע ווייסט ניט איר היסטאָרישע אַנטוויקלונג. לאָמיר נעמען, למשל, די פאָלגענדיגע באַ־הויפּטונג: „אַלץ, וואָס איך זעה, דער שטערנדיגער הימעל איבער מיר, די הייזער, די פעלדער, די בוימער אַרום מיר, דאָס אַלץ איז ניט מער, ווי מיין אידייע, זיי עקזיסטירען בלויז, ווי איך באַגרייף זיי, און בלויז ווי מיינער אַ באַגריף". צוערשט קאָן אַזאַ באַהויפּטונג קלינגען משונה ווילד. אָבער די באַקאַנטשאַפט מיט דער היסטאָרישער אַנטוויקלונג פון דעם ריינעם אידעאַליזם, מאַכט די דאָזיגע באַהויפּ־טונג גאַנץ קלאָר. ווי מיר וועלען שפּעטער זעהן, איז עס אוממעגליך קריטיש אָפּצושאַצען די דאָזיגע פילאָסאָפישע פּראָבלעם, ווען מען איז ניט גענוי באַקאַנט מיט איר אַנטוויקלונגס־געשיכטע.

דערפון איז פאַרשטענדליך, אַז עס איז אומבאַדינגט נויטיג צו באַקענען זיך מיט די הויפּט פאַקטען פון דער געשיכטע פון פילאָסאָפיע, כדי צו זיין בכח צו פאַרשטיין די פילאָסאָפישע פּראָבלעמען. צוליב אָט די טעמים רעכענען פילע, אַז דער שטודיום פון פילאָסאָפיע מוז זיך אָנהויבען מיט אַ שטודיום פון איר געשיכטע.

דער שטודיום פון דער געשיכטע פון פילאָסאָפיע איז העכסט ניצליך אויך פאַר די, וואָס האָבען ניט בדעה צו ספּעציאַליזירען זיך אין פילאָסאָפיע. אויף אַזאַ אופן באַקענט מען זיך מיט דער אַנט־שטייאונג און מיט דער אַנטוויקלונג פון יענע געדאַנק־מעטאָדען, אַ דאַנק וועלכע דעם מענשליכען שכל איז געלונגען בהדרגה צו באַזיגען די וועלט, מיט אוצרות. „וועלכע מיר הערען אויף צו שעצען פּשוט דער־פאַר, ווייל זיי זיינען אונז אַזוי באַקאַנט און וואָכעדיג". למשל,

היינט־צו־טאָג מאַכען מיר כמעט אומעטום א חלוק צווישען מאַטעריע און פאָרם, און מיר זיינען אַלע גוט באַקאַנט מיט די באַגריפען פון מעגליכקייט און ווירקליכקייט, און דאָך פאַרגעסען מיר זעהר לייכט, אַז אַריסטאָטעל איז געווען דער ערשטער אויסצואַרבייטען און קלאָר צו מאַכען פאַר אונז די דאָזיגע באַגריפען.

דער הויפּט געווינס פון אַ שטודיום פון דער געשיכטע פון פילאָ־סאָפיע, איז די באַקאַנטשאַפט מיט דער בהדרגה׳דיגער אַנטוויקלונג פון די געדאַנקען־מעטאָדען. יעדע געשיכטע פון דער פילאָסאָפיע — און וועגען דעם זיינען שוין אַ סך ביכער געשריבען געוואָרען — מאַכט אַט דעם פּונקט בולט׳ער.

די געשיכטע פון פילאָסאָפיע איז אָבער ניט נאָר פילאָסאָפיע. עס איז אויך היסטאָריע. עס טרעפט גאַנץ אָפט, אַז דאָס גייסטיגע לעבען פון אַ דור דריקט זיך אויס אַם קלאָרסטען און אַם טיפסטען אין דער פילאָסאָפישער סיסטעם, וואָס איז אַנטשטאַנען אין יענעם פּעריאָד. צום ביישפּיל, קאַנט׳ס „קאַטעגאָרישער אימפּעראַטיוו“ איז אַ קריסטאַליזירונג פון דעם פּרייסישען געפיל פון פליכט, און דער קאָסמאָפּאָליטיזם פון די קיניקער און פון די סטאָאיקער באַצייכענט דעם אונטערגאַנג פון דעם גריכישען נאַציאָנאַלען שטאַט.

די געשיכטע פון דער פילאָסאָפיע איז אַלזאָ אַ וויכטיגער טייל פון פילאָסאָפישען שטודיום. אַ גרויסע שוועריגקייט איז דערביי די טערמינאָלאָגיע, וועלכע איז ביסלעכווייז אויסגעוואַקסען און מיט וועל־כער דער לעזער מוז זיך באַקענען. מיר וועלען זעהן אין אונזער אריינפיר גענוי צו דערקלערען דעם מיין פון די וויכטיגסטע טעכ־נישע אויסדרוקען, כדי צו פאַרלייכטערען פאַר׳ן לעזער דעם ווייטער־דיגען שטודיום פון דער געשיכטע פון פילאָסאָפיע. פון דער אַנדער זייט, אַזוי ווי מיר וועלען געבען לכל הפּחות אַ קורצען איבערבליק פון דער היסטאָרישער אַנטוויקלונג פון די פאַרשיידענע פילאָסאָפישע פראַגען, וועט דער לעזער אויף אַזאַ אופן זיך באַקענען מיט די וויכ־טיגסטע פאַקטען פון דער היסטאָרישער אַנטוויקלונג און דאָס וועט אים דינען אַלס אַ מין הקדמה צו דער געשיכטע פון דער פילאָסאָפיע.

## צווייטער טייל.

# די פּראָפּעדעווטישע (פּאַרבערייטענדיגע) לערעס.

### 8. דער עצם און די פּראָבלעם פון פּסיכאָלאָגיע.

פּסיכאָלאָגיע איז די וויסענשאַפט, וואָס באַשעפטיגט זיך מיט די גענזעצען פון גייסטיגען לעבען. דער ענין פון דער פּסיכאָלאָגיע איז דעריבער דאָס גייסטיגע לעבען, ד. ה. אונזער דיינקען, פילען און וועלען; בקיצור, אַלץ, וואָס מיר לעבען דורך אין דעם אומאויפהערליכען גאַנג פון אונזער פּסיכישער טעטיגקייט — אַלץ וואָס מיר דערפאַרען און דערקענען דירעקט אַלס די דאָזיגע דערפאַרונג. פּסיכאָלאָגיע באַשעפטיגט זיך דעריבער שטענדיג בלויז מיט גייסטיגע פּראָצעסען, ד. ה. מיט גייסטיגע איבערלעבונגען, קיינמאָל ניט מיט באַשטימטע, פאַרגליווערטע צושטאַנדען. די פראַגע וועגען אַ ממשות'דיגען טרעגער פון די פּסיכישע דערשיינונגען, וועלכע מיר לעבען דורך, די פראַגע אויב אונזער גייסטיגע טעטיגקייט פליסט פון אַ נשמה וועלכע איז אייביג און וועלכע פערבלייבט אומגעענדערט און גלייך צו זיך אַליין דורך אַלע ענדערונגען פון דעם לעבען, — די דאָזיגע פראַגע געהערט ניט צו דער פּסיכאָלאָגיע, נור צו דער מעטאַפיזיק אָדער אָנטאָלאָגיע. די פּראָבלעם פון דעם פּלאַץ, וועגען דער איינפאַכקייט און דער אומשטערבליכקייט פון דער נשמה (השאָרת הנפש) איז אויך אַ פראַגע פון מעטאַפיזיק. די פאַרשיידענע רעליגיעזע לערעס מעגען זיך פאָרמולירען רעליגיעזע דאָגמעס וועגען אַלע זאַכען, וועלכע ווערען „אני מאמינ'ס" ביי די אַנהייגער פון די פאַרשיידענע רעליגיעזע גרופּעס. די וויסענשאַפטליכע פילאָסאָפיע מעג זיך מאַכען השערות וועגען די פראַגען אויפ'ן גרונט פון אַ דורכדרינגליכען אַנאַליז. אָבער דאָס האָט ניט קיין שום שייכות מיט דער פּסיכאָלאָגיע. די פּסיכאָ-

# פילאָסאָפיע

לאגיע פארשט אויס דאס גייסטיגע לעבען, וואס איז א פאקט, איינער פון די אומבאשטרייטליכסטע פאקטען, וואס מיר פארמאגען. די פסיכאלאגיע שטרעבט פאנאנדערצוגלידערען די גייסטיגע פראצעסען אויף זייערע איינפאכסטע עלעמענטען, און פעסטצושטעלען די געזעצען וואס באהערשען זיי, גאנץ אומאפהענגיג פון אלע טעאלאגישע דאגמעס און מעטאפיזישע השערות.

אבער דאס מיינט ניט, אז די פסיכאלאגיע טרעט ארויס קעגען אט די דאגמעס אדער מעטאפיזישע השערות. פארקערט, אירע אויספירונגען זיינען גילטיג פאר יעדער מעטאפיזיק און פאר יעדער רעליגיע. פסיכאלאגיע איז פונקט אזוי ווייניג אימשטאנד צו דערקלערען דעם עצם פון דער נשמה, ווי מעכאניקער — דעם עצם פון ענערגיע.ביידע זוכען בלויז צו דערקלערען דאס ג ע ז ע ץ, וואס קאנטראלירט דעם פראצעס. דערפאר קומט צו די פסיכאלאגיע זעהר נאהענט צו די נאטור־וויסענשאפטען, סיי אין איר עמפירישען כאראקטער, סיי אין אירע מעטאדען, אבער זי אונטערשיידט זיך פון זיי אין דעם ענין, מיט וועלכען זי פארנעמט זיך. דער דאזיגער באגריף פון דער פסיכאלאגיע און איר פולשטענדיגע אומאפהייניגקייט פון מעטאפיזיק האט זיך אנטוויקעלט בלויז אין די לעצטע עטליכע צענדליג יארען.

דער גלויבען אין א נשמה, וואס איז אפגעטיילט פון דעם גוף, וואס פארלאזט דעם גוף ביים שטארבען און פירט דערנאך אן אומאפהענגיגע עקזיסטענץ איז טיף איינגעווארצעלט אין דער מענשליכער נאטור. דער דאזיגער גלויבען איז פארשפרייט אפילו ביי די פרימיטיווסטע פעלקער, וואס שטייען אויף דער נידעריגסטער מדרגה פון ציוויליזאציע. כמעט אלע רעליגיעזע סיסטעמען פון דער וועלט האבען דערהייבען דעם דאזיגען גלויבען צו אן עיקר פון אמונה, און ער איז אויך פארקערפערט געווארען אין פילע פילאסאפישע אנשויאונגען אלס אן אויגענשיינליכער פאקט, וואס דארף ניט באוויזען ווערען. דערפאר איז די פסיכאלאגיע פון אלטערטום, פון מיטעלאלטער און פון אנהויב פון דעם מאדערנעם פעריאד געווען א טייל פון דער מעטאפיזיק אדער פון דער אנטאלאגיע, ווייל זי איז באטראכט געווארען אלס די לערע פון דער נשמה. און דאך געפינען מיר זעהר פרי אין דער געשיכטע פון פילאסאפישען געדאנק סימנים פון א פארשונג פון אמת־גייסטיגען לעבען. פ ל א ט א ן און א ר י ס ט א ט ע ל האבען געמאכט זעהר ווערטפולע ביישטראגען צו אט די פאר־

שונגען. אויך דער דאָקטאָר היפּאָקראַטעס און זיין שולע, און די שפּעטערדיגע פילאָסאָפישע שולען פון אַלטערטום, ווי די סטאָאיקער, די עפּיקורייער (באַזונדערס דער פּאָעט־פילאָסאָף לוקרעץ) און די נייע־פּלאַטאָניקער (באַזונדערס פּלאָטינוס), — אַפילו די סכאָלאַסטישע פילאָסאָפיע פון מיטעלאַלטער איז ניט געווען אינגאַנצען פרעמד צו אַזאַ פאָרשונג, ווי סיבעק האָט עס לעצטענס באַוויזען. אין אָנהויב פון דעם מאָדערנעם פּעריאָד האָט מען אויפגענומען די דאָזיגע פּראָבלעם מיט אַ באַנייטער ענערגיע. נאָכדעם ווי דאָס פאָרשען פון דעם אמת׳ן גייסטיגען לעבען איז פיל פאַרברייטערט געוואָרען דורך די גרינדליכע פאָרשונגען פון אַזעלכע גרויסע דיינקערס פון זיבעצענטען און אַכצענטען יאָרהונדערט, ווי דזשאָהן לאָקקע, דזשאָרדזש בוירקלי, דייוויד יוהם און אַדאַם סמיט, האָט דזשיימס מילל (דער פאָטער פון דעם באַרימטען לאָגיקער און פּאָליטישען עקאָנאָמיסט דזשאָהן סטוּאַרט מילל) פאַרעפענטליכט זיין אַנאַליז פון די דערשיינונגען פון דעם מענשליכען שכל אין 1829. דאָס איז געווען די ערשטע אַרבייט וועגען דעם גייסטיגען לעבען, וואָס איז געווען פריי פון מעטאַפיזישע השערות. הערבאַרט, וועלכער האָט אויך געמאַכט אַ פאַרזוך צו געברויכען די מעטאָדען פון דער מאַטעמאַטיק אין זיינע פאָרשונגען פון גייסטיגע דערשיינונגען, איז געווען דער ערשטער צו דערהויבען די עמפּירישע פּסיכאָלאָגיע אויף אַ וויסענשאַפטליכער מדרגה.

הערבאַרט׳ס אָנגעזעהענער תּלמיד, ה. לאָטצע, האָט שפּעטער באַשריבען דאָס גייסטיגע לעבען אין צוזאַמענהאַנג מיט די פיזיאָלאָגישע דערשיינונגען אין זיין בוך „מעדיצינישע פּסיכאָלאָגיע“, וועלכען ער האָט פאַרעפענטליכט אין 1852. אין אַ קורצער צייט אַרום האָבען פּעכנער און וואונדט גרינדליכער אונטערזוכט די שייכות צווישען דעם גייסטיגען לעבען און פיזיאָלאָגישע דערשיינונגען. זיי האָבען זיך אויך אונטערגענומען צו מאַכען עקספּערימענטען איבער דער טעטיגקייט פון אונזער גייסט. מען קאָן דעריבער זאָגען, אַז פּעכנער און וואונדט זיינען די גרינדער פון דער מאָדערנער פּסיכאָלאָגיע. אחוץ זיינע אייגענע וויכטיגע ביישטראַגען, האָט וואונדט שטאַרק באַאיינפלוסט דעם ווייטערדיגען

# פילאָסאָפיע

וואוקס פון דער פסיכאלאגיע דורך זיין גרינדליך ווערק, „די יסודות פון פיזיאלאגישער פסיכאלאגיע", און אויך מיט דעם, וואס ער האט געגרינדעט אין לייפציג אין יאהר 1879 די ערשטע לאבאראטאריע פאר עקספערימענטאלער פסיכאלאגיע. זינט דעמאלט זיינען געגרינדעט געווארען פיל אנשטאלטען אויף דעם זעלביגען מוסטער אין דייטשלאנד, פראנקרייך, ענגלאנד, איטאליע, און באזונדערס אין אמעריקע. און אין אט די אנשטאלטען באשעפטיגט מען זיך זעהר פיל מיט עקספערימענטאלע פארשונגען פון גייסטיגען לעבען.

פסיכאלאגיע איז אויף אזא אופן געווארען אן אומאפהייניגע עמפירישע וויסענשאפט, פריי פון אלע פילאסאפישע חקירות, און גוט צוגעפאסט צו דינען אלס דער פונדאמענט פאר אלע וויסענשאפטען, וואס באשעפטיגען זיך מיט'ן גייסטיגען לעבען. מיר ווילען איצט באקענען דעם לעזער מיט די פארשיידענע מעטאדען און ריכטונגען, וואס די פסיכאלאגיע האט ביז איצט ארויסגעבראכט.

## די מעטאדען און שולען פון פסיכאלאגיע.

פונקט ווי אין דעם פאל מיט יעדער עמפירישער וויסענשאפט איז פאר דער פסיכאלאגיע פריער פאר אלץ נויטיג צונויפצוקלייבען די גרעסטע מעגליכע צאל פאקטען. דער ערשטער מיטעל צו דעם איז די באאבאכטונג פון פאקטען אין פראצעס פון זייער פארקומען. די דאזיגע באאבאכטונג איז אין דער פסיכאלאגיע בעצם א גאנץ אנדערע, ווי אין די נאטור־וויסענשאפטען. די פסיכישע דערשיינונגען ווערען דורך אונזערע חושים באנומען אויף א גאנץ אנדערען אופן, ווי די נאטור־דערשיינונגען. זיי קאנען בלויז דורכגעלעבט ווערען דורך יעדען איינעם פון אונז אויף א ספעציעלען אופן, וואס איז יעדערן גוט באקאנט, נאר וואס קאן קוים געגוי באשריבען ווערען. איך קען פון דער דערפארונג בלויז די פסיכישע פראצעסען, וואס איך אליין לעב דורך אין מיין אייגענעם באוואוסטזיין. כדי צוזאמענצובינדען די פאקטען מוז איך דעריבער באטראכטען די פאקטען פון מיין דערפארונג אין זיך גופא און בויען אויף זיי מיין אורטייל. דער וויכטיגסטער און גרינדליכסטער מקור פון ידיעות פאר דעם פסיכאלאג איז דעריבער די באאבאכטונג איבער זיינע אייגענע פסיכישע דערפארונגען, אדער זעלבסט־באאבאכטונג. דער מעטאד פון אינזיך־באאבאכטונג אדער דער

אינטראָספּעקטיווער מעטאָד איז דעריבער דער ערשטער און דער וויכטיגסטער אין דעם פאַל.

דער אינטראָספּעקטיווער מעטאָד שטויסט זיך אָבער אָן אויף אַ סך פאַרשיידענע שוועריגקייטן און ווידער־שפּרוכן. די באָאָבאַכטונג גופא פון מיין פּסיכישער דערפאַרונג איז אויך אַ גייסטיגע טעטיגקייט, וועלכע מוז צוליב דעם אינערליכן צוזאַמענהאַנג פון אונזער גייסטיג לעבן אומפאַרמיידליך אריינמישן זיך אין דעם גאַנג פון די דערשיינונגען, וואָס דאַרפן באָאָבאַכטעט ווערן, און פאַרענדערן אָדער איבעררייסן זייער גאַנג. אויב איך וואָלט, למשל, געוואָלט באַטראַכטן זיך אַליין בשעת איך בין אויפ־גערעגט, וועט זיך מיין אויפרעגונג מוזן אָפּקילן אין דעמזעלביגן מאָמענט, ווי איך פּרוביר צו מאַכן מיין באָאָבאַכטונג. פילע באַ־טראַכטן צוליב דעם די אָנווענדונג פון דעם אינטראָספּעקטיווען מעטאָד אַלס אַן אוממעגליכקייט און וואַרפן אים דעריבער אָפּ אַלס אַ פולשטענדיג אומנוצליכן. דער דאָזיגער קוק איז אָבער ניט קיין ריכטיגער. די עלעמענטאַרע דערפאַרונגען, ווי די חוש־פאַרשטעלונגען, געוויינליכע געפילן, סיי חושים'דיגע, סיי עסטעטישע קאָנען נאָך אַ קליינער פּראַקטיק באָאָבאַכטעט ווערן און דערביי בעצם ניט גע־ענדערט ווערן דורך דער באָאָבאַכטונג. די מער קאָמפּליצירטע פּראָ־צעסן, ווידער, קאָנען רעקאָנסטרואירט ווערן אין זכרון און אויף אַזאַ אופן ווידער אַמאָל באָאָבאַכטעט ווערן. אין דעם פאַל ווערט די שטערענדיגע ווירקונג פון דער באָאָבאַכטונג פאַקטיש באַזייטיגט, ווייל דאָס אריינקוקן אין זיך אַליין ווערט פאַרבונדן מיט'ן זכרון.

נאָך דער באָאָבאַכטונג קומט די רעדוצירונג און דער אַנאַליז. די הויפּט־אויפגאַבע פון דעם מאָדערנעם פּסיכאָלאָג באַשטייט אין מאַכן דעם דאָזיגן אַנאַליז. נאָך אַ גענויערער באַטראַכטונג געפינען מיר אויס אַז אַלע פּראָצעסן פון פאַקטישער דערפאַרונג זיינען קאָמ־פּליצירטע. ס'איז דעריבער נויטיג צו אַנטדעקן די עלעמענטאַרע פּראָצעסן, וואָס שאַפן און בילדן אויס די באָאָבאַכטעטע פּראָצעסן. דעריבער מוז די רעדוצירונג אָדער דער אַנאַליז באַטראַכט ווערן אַלס אַ וועזענטליכער עלעמענט פון דעם אינטראָספּעקטיווען מעטאָד.

די רעדוצירונג, וועלכע ווערט געמאַכט אויפ'ן יסוד פון דעם אינטראָספּעקטיווען מעטאָד, **האָט אָבער אירע באַשטימטע גרעניצן.**

## פילאָסאָפיע

דער אויגען־איינדרוק, למשל, וואס א זאך מאכט אויף אונז דערשיינט פאר דער אינטראספעקציע אלס א פשוט'ער פראצעס, וואס קאן ווייטער ניט רעדוצירט ווערען. אין דעם פאל מישט זיך די דערפארונג אריין אויף א גלענצענדען אופן און גיט אונז די מעגליכקייט פארטצוזעצען אונזער אנאליז אויסער די גרעניצען פון זעלבסט־באאבאכטונג.

דער עקספעריםענטאלער מעטאד אין דער פסיכאלאגיע, פונקט ווי אין די נאטור־וויסענשאפטען, באשטייט אין שאפען די תנאים פאר דער אנטשטייאונג פון פסיכאלאגישע פראצעסען אויף א באוואוסטזיניגען און סיסטעמאטישען אופן, און דערביי שאפען זיי אויף אן אופן אז זיי זאלען קאנען געענדערט ווערען סאי אין איכות, סאי אין כמות. אלס א כלל פאדערט דער פסיכאלאגישער עקספערימענט די אנוועזענקייט פון צוויי פערזאנען, פון דעם עקספערימענטער און פון דעם באאבאכטער. דער עקספערימענטער שאפט די באדינגונגען און פארענדערט זיי אויף אזא אופן, אז דער באאבאכטער זאל ניט וויסען וועגען דער פארענדערונג. דער באאבאכטער פארצייכענט דעמאלט זיינע איינדריקען, טיילווייז מיט ווערטער, טיילווייז דורך געוויסע צייכענס, וועלכע זיינען דערצו אויסגעארבייט געווארען. נאטירליך, אז דער באאבאכטער איז דערביי פשוט פארנומען מיט אן אינטראספעקציע. פארשטייט זיך, אז ס'איז נויטיג צו האבען א פראקטישע דערפארונג, כדי צו באזייטיגען טעות'ן און כדי צו דערגרייכען באשטימטע ווערטפולע רעזולטאטען. די טבע פון די פסיכאלאגישע עקספערימענטען איז אזא, אז כדי צו דערגרייכען נוצליכע רעזולטאטען מוז מען האבען א גרויסע צאל עקספערימענטען, געמאכט דורך פארשיידענע באאבאכטער. די עקספערימענטען אויף איינעם און דעמזעלביגען געביט ווערען דעריבער אנגעפירט יארענלאנג און ווערען יעדעס מאל איבערגע'חזר'ט אונטער געענדערטע אומשטענדען. ס' איז אויך נויטיג אז אפילו די ניט ערפאלגרייכע פראבעס, דאס הייסט אזעלכע, וואס האבען ניט געבראכט דעם דערווארטעטען רעזולטאט, זאלען גענוי פארצייכענט ווערען.

דער עקספערימענטאלער מעטאד איז איינגעפירט געווארען ערשט אין די לעצטע פאר צענדליג יאר. מען האט צוגעטראכט אסך מיטלען, וואס מאכען גרינגער די עקספערימענטען און ברייגנען צו מער גענויע רעזולטאטען. דער דאזיגער מעטאד האט געבראכט באזונדערס

# ווילהעלם יערוזאלעם

גוטע רעזולטאטען אין דעם אנאליז פון חושים'דיגע פארשטעלונגען. מיר ווייסען איצט, אז אינאיינעם מיט די ווירקונגען פון דער רעטינע, שפילען די באוועגונגען פון אויג און פון די נאכפאלגענדיגע מוסקולא־רישע ווירקונגען א גרויסע ראליע אין שאפען דעם זעהונג־איינדרוק. דאס זעלביגע איז אויך אין פאל מיט דעם בארירונג־חוש. דער עקס־פערימענטאלער מעטאד האט אויך דערוויזען די גרויסע וויכטיגקייט פון די מוסקעל־איינדרוקען בכלל. דאס אלץ האט געשאפען א ראדי־קאלע ענדערונג אין אונזער פארשטעלונג וועגען דער טבע פון אונזער גייסטיגען לעבען. די נאכפאלגערשאפט פון אידייען אין צייט, די געזעצען פון אסאציאציע, די אקטען פון זכרון, די טעאריע פון די געפילען, ספעציעל אויף וויפיל זיי ווירקען אויפ'ן דופק, און ענדליך אויך די עלעמענטארע עסטעטישע געפילען זיינען זעהר פיל אויפגע־קלערט געווארען דורך דעם עקספערימענטאלען מעטאד. מען מעג אויך האפען, אז די פאראייניגטע פארזוכען אויף דעם דאזיגען געביט וועלען נאך ארויסברייגגען א סך נייע אנטדעקונגען.

אלס צוגאב צו דעם אינטראספעקטיווען און עקספערימענטאלען מעטאד איז די באאבאכטונג איבער אנדערע פערזאנען אן אנדער מקור פון ידיעות, וואס זיינען זעהר וויכטיג. איז אזא פאל קאנען מיר, פארשטייט זיך, ניט אויפפאסען דירעקט אויף די פסיכישע פראַ־צעסען און מיר קאנען באמערקען בלויז זייערע קערפערליכע אויסדרו־קען און באוועגונגען, פארהאלטען זיך און רעדען. וועגען דעם עצם פראצעס מוז מען זיך אנשטויסען און דער יסוד ביי דעם אנשטויסען זיך איז ווידער אמאל די פערזענליכע דערפארונג פון דעם באאבאכטער. אזעלכע באאבאכטונגען איבער קינדער אדער איבער פערזאנען, וואס זיינען פון דער נאטור געשטראפט געווארען מיט א וועלכען עס איז פעלער, זיינען באזונדערם באלערענדיג. בלינד־געבארענע אדער גע־ווארענע און טויב־שטומע גיבען א רייכען מאטעריאל פאר באאבאכ־טונגען און פיל אנטדעקונגען זיינען געמאכט געווארען בלויז א דאנק דער אויפמערקזאמער באאבאכטונג איבער אזעלכע פערזאנען. מיר האבען דערביי אין זינען ספעציעל די מערקווירדיג־באלערענדיגע דער־ציהונג פון אזעלכע טויב־שטום־בלינדע, ווי לאורא ברידזשמאן, העלען קעלער און מערי הוירטין. די דאזיגע פאלען אנטפלעקען פאר אונז א באמת וואונדערליכע פעהיגקייט פון דעם בארירונג־חוש, ווען ער ווערט ניט געשטיצט דורך אנדערע חושים און דורך דער הילף פון דער

# פילאָסאָפיע

גערעדטער שפּראַך, וואָס העלפט דעם געדאַנק זיך אַנטוויקלען אין אַ באַשטימטער ריכטונג.

ווי שוין פריער אָנגעוויזען אין דער אַנאַליז, וואָס רעדוצירט די באַאָבאַכטעטע פּראָצעסן צו זייערע פּשוט׳סטע עלעמענטען אַמווייניגסטען פאַרבונדען מיט דעם אינטראָספּעקטיווען מעטאָד. צוליב דעם, וואָס די נאַטור פון די פּסיכישע פּראָצעסן איז אַזאַ, אַז זי שטעלט זיך אָפּ בלויז אויף געשעהענישען און קיינמאָל ניט אויף דעם באַשטענדיגען צושטאַנד פון זיין, מוז די אַנאַליטישע באַטראַכטונג פון זיך אַליין איבערגיין אין אַ גענעטישער, וואָס באַנעמט דאָס גייסטיגע לעבען אַלס אַ סדר פון נאָכפאָלגערשאַפט און פרעגט וועלכער פּראָצעס איז דערביי געווען דער ערשטער, וואָס ליגט אין גרונט פון אַלץ. די פראַגע וואָס עס איז אַזוינס אַ פּראָצעס פירט אומפאַרמיידליך צו דער פראַגע ווי און פון וואַנען ער הויבט זיך אָן.

דער גענעטישער מעטאָד פון פאָרשונג פירט אונז אָבער אַרויס פון די גרעניצען פון דעם יחיד און צווינגט אונז אריינצונעמען אין חשבון די געזעלשאַפט צווישען וועלכער דער מענש לעבט, אַלס אַ וויכטיגען פאַקטאָר פון זיין גייסטיגער אַנטוויקלונג. ווי ווייט מיר זאָלען ניט זוכען אין דעם עבר געפינען מיר שטענדיג אויס, אַז דער מענש איז שטענדיג און אומעטום געווען אַ סאָציאַלע בריאה, אַ הערד־חיה. אַריסטאָטעל׳ס באַהויפּטונג, אַז דער מענש איז אַ סאָציאַלע באַשעפעניש ווערט פולשטענדיג באַשטעטיגט דורך דער מאָדערנער עטנאָלאָגיע. די נאַטור־סביבה איז ניט דער איינציגער פאַקטאָר, וואָס באַשטימט די ריכטונג און דעם אינהאַלט פון גייסטיגען לעבען. די סאָציאַלע חבר׳שאַפט האָט דאָ ניט קיין קלענערע ווירקונג. די אינדיווידועלע פּסיכאָלאָגיע גייט דעריבער אויף אַ נאַטירליכען אופן איבער אין דער סאָציאַלער אָדער פעלקער־פּסיכאָלאָגיע. די דאָזיגע וויסענשאַפט, וואָס איז געגרינדעט געוואָרען דורך לאַצאַרוס׳ן און שטיינטאל׳ן האָט זיך זעהר שטאַרק אַנטוויקעלט פאַר די לעצטע עטליכע צענדליג יאָרען. ווילהעלם וואונדט׳ס ברייט־פאַרטראַכטע ארבייט איבער דער פעלקער־פּסיכאָלאָגיע באַהאַנדעלט לויט דעם פעלקער־פּסיכאָלאָגישען פּרינציפּ די שפּראַך, די אויסבילדונג פון לעגענדעס און פון מנהגים. דאָס דאָזיגע ווערק ברייגנט פאַר אונז אַרויס אַ נייעם און זעהר באַדייטונגפולען

## ווילהעלם יערוזאַלעם

שטאַנדפּונקט. די צאָלרייכע ווערק פון אַ ד אָ ל ף  ב אַ ס ט י אַ ן ברייגגען אויך אַרויס מאַטעריאַלען פון אַ זעהר גרויסען ווערט. ס'איז דעריבער אַן אומפאַרמיידליכע זאַך, אַז יעדער פּסיכאָלאָג זאָל זיך מור־זען געגוי באַקענען מיט די רעזולטאַטען פון דער מאָדערנער עטנאָלאָגיע און האָבען אין זינען דעם סאָציאַלען פאַקטאָר אין דער אַנטוויקלונג פון דעם מענשליכען וויסען, פילען און ווילען אין אַ פיל גרעסערער מאָס ווי דאָס איז ביז איצטער געטאָן געוואָרען. דאַרווין האָט אין זיין עפּאָכעמאַכענדיג ווערק איבער דער „אַנטשטייאונג פון די מינים" פאָרגעשלאָגען דעם טערמין  אָ נ ט אָ ג ע נ ע ט י ש ע ר  פאַר דער אַנטוויקלונג פון דעם יחיד און  פ י ל אָ ג ע נ ע ט י ש ע ר — פאַר דער אַנטוויקלונג פון דעם מין. האַבענדיג דאָס אין זינען מוזען מיר אונטערשטרייכען, אַז די פּסיכאָלאָגיע באַטראַכט דעם יחיד ניט אַלס אַן איינצעלנעם וועזען, נאָר אויך אַלס איינעם, וואָס ווערט באַווירקט דורך זיינע ראַסען־פאַרבינדונגען, — דאָס הייסט, אַז אין דעם פאַל מוזען אַנגעווענדט ווערען ניט בלויז אָנטאָגענעטישע, נאָר אויך פילי־גענעטישע מעטאָדען.

ווען מיר טראַכטען זיך אַריין אין דער אַנטשטייאונג און דער אַנטוויקלונג פון די גייסטיגע פּראָצעסען שטויסען מיר זיך כמעט אומ־פאַרמיידליך אָן אויף דער טיפער שייכות פון די דאָזיגע פּראָצעסען מיט דער דערהאַלטונג פון לעבען. אַ גרויסער טייל פון אונזער געדאַנק איז געפיל דינט באמת, ווי יעדערער ווייסט, אַזוי געווינע פּראַקטישע צוועקען, דאָס הייסט זיי פאַרנעמען זיך מיט'ן לעבען פון דעם יחיד, פון דער פאַמיליע אָדער פון דער געזעלשאַפט, צו וועלכער ער באַלאַנגט און שטרעבען אָדער אָפּצוהיטען זיי, אָדער צו שטעלען זיי אין אַ באַ־קוועמער לאַגע, אָדער צוצוגעבען זיי מער זינען און שטאַנדהאַפטיג־קייט. ווען מיר באַטראַכטען דאָס גייסטיגע לעבען אַלס אַ גאַנצעס פון אָט דעם שטאַנדפּונקט ווערט שוין די פּסיכאָלאָגיע אַ טייל פון דער ביאָלאָגיע, דאָס הייסט פון דער וויסענשאַפט וועגען די געזעצען פון לעבען בכלל. דער דאָזיגער ביאָלאָגישער מעטאָד וואַרפט אָפּט אַן אומדערוואַרטע ליכט אויף דעם אינערליכען צוזאַמענהאַנג פון גייס־טיגען לעבען, און העלפט אונז אין דערזעלביגער צייט זעהר שטאַרק צו באַגרייפען און פאַרשטיין אונזער רייכען געפיל־לעבען. ה ע ר־ב ע ר ט  ס פּ ע נ ס ע ר האָט אַנגעווענדט דעם ביאָלאָגישען מע־טאָד מיט אַ מערקווירדיגען ערפאָלג. דאָס בוך פון דעם אוטאָר פון די

# פילאָסאָפיע

דאזיגע שורות איבער פסיכאָלאָגיע איז אויך געשריבען פון אַ דעם שטאַנדפּונקט.

דער אינטראספּעקטיווער און דער עקספּערימענטאַלער מעטאָדען, קאָמבינירט מיט אַ גרינדליכען וויסענשאַפטליכען אַנאַליז, באַצוועקען צו פארצייכענען די פסיכאָלאָגישע פאַקטען מיט דער גרעסטער פּינקט־ליכקייט; בעת דער גענעטישער מעטאָד איז זיין טאָפּעלטער פאָרם, דאָס הייסט אין דער אַנטאָגענעטישער און אין דער פילאָגענעטישער איז פארבינדונג מיט דעם ביאָלאָגישען מעטאָד זוכען אויסצופאָרשען די אַנטשטייאונג, די אַנטוויקלונג און די באַטייטונג פון דעם גייסטיגען לעבען.

וואָס איז שייך די פאַרשיידענע טענדענצען וואָס הערשען אין דער מאָדערנער פסיכאָלאָגיע זיינען זיי טיילווייז אין הסכם דערמיט וואָס פאַר אַ מעטאָדען זיי באַנוצען ביי דער אויספאָרשונג, און טייל־ווייז זיינען זיי פאַרבונדען מיט די גרונט אַנשויאונגען אויף דער גרע־סערער אָדער קלענערער באַטייטונג פון געוויסע עלעמענטאַרע קלאַ־סען פון פיזישע פּראָצעסען.

דער חלוק וואָס מען פלעגט אַמאָל מאַכען צווישען דער ראַציאָנאַ־לער אָדער חקירה׳דיגער און דער עמפּירישער, דערפאַרונג־פסיכאָלאָגיע האָט איצט פאַרלאָרען זיין באַדייטונג. דאָס וואָס מען פלעגט אַמאָל אָנרופען ראַציאָנאַלע פסיכאָלאָגיע ווערט איצט בכלל באַטראַכט אַלס אַ טייל פון מעטאַפיזיק און ווערט אויסגעשלאָסען פון פסיכאָלאָגיע גופא. צוליב דעם טאַקע איז אויך דער טערמין „עמפּירישע,“ מיט וועלכען מען פלעגט באַצייכענען איין מין פון פסיכאָלאָגיע געוואָרען אַ זעלבסטפאַרשטענדליכקייט און דעריבער אויך אַן איבעריגע זאַך.

די פסיכאָלאָגיע ווערט ווייטער איינגעטיילט אין הסכם מיט די געהעריגע מעטאָדען, וואָס זי באַנוצט, אויף אַן א י נ ט ר א ס פּ ע ק־ט י ו ו ע ר (אינזיכ׳יגער) און ע ק ס פּ ע ר י מ ע נ ט א ל ע ר (וואָס איז געבויט אויף וויסענשאַפטליך איינגעאָרדענטע באַאָבאַכטונ־גען). דיביידע ריכטונגען פירען צווישען זיך אַפּט אַ שאַרפע מלחמה. די אינטראספּעקטיווע פסיכאָלאָגען באַשולדיגען די עקספּערימענטאַ־ליסטען, אַז די רעזולטאַטען פון זייערע לאַנגווייליגע אויספאָרשונגען זיינען אַפט גאַנץ נישטיגע און אַז זיי ברייננען נאָך אַלעמען מער נו־צען דער פיזיאָלאָגיע איידער דער פסיכאָלאָגיע. די עקספּערימענטאַ־ליסטען פון דער אַנדער זייט לאַכען זיך אַפּט אויס פון די „פסיכאָלאָגי־

שע באַנק־קוועטשער" און באַהויפּטען, אַז פּסיכאָלאָגיע קאָן געשטודירט ווערען אויף אַ פּינקטליכען אופן בלויז אין אַ לאַבאָראַטאָריע.

אין משך פון די לעצטע יאָרען איז געמאַכט געוואָרען אַ פּאָרזוך צו קאָמבינירען די דאָזיגע צוויי מעטאָדען. דאָס איז אויפ'ן ערפאָלג־רייכסטען אופן געטאָן געוואָרען אין דעם ווירצבורגער אינסטיטוט פאַר עקספּערימענטאַלער פּסיכאָלאָגיע (אונטער דער דירעקציע פון אַ ס וו אַ ל ד  ק י ו ל פּ ע). דער נייער מעטאָד באַשטייט אין אַ מין נאָכפאָרשען זיך אַליין אונטער אומשטענדען, וואָס ווערען באַשטימט מיט אַ וויסענשאַפטליכער פּינקטליכקייט. אַ דאַנק דעם מעטאָד איז עס געלונגען מיט אַ גרעסערער גענויקייט צו אַנאַליזירען סײַ די פּראָצעסען וואָס זיינען פאַרבונדען מיט'ן אורטייל, סײַ די אַנדערע מער קאָמפּליצירטע אינערליכע גייסטיגע פּראָצעסען.

פון די דאָזיגע דערקלערונגען איז קלאָר אַז ביידע ריכטונגען האָבען זייער באַרעכטיגונג. דער וויסענשאַפטליכער פּראָגרעס פאָדערט דעם צוזאַמענאַרבייטען פון דעם עקספּערימענט מיט דער אינטראָספּעקציע, בתנאי אַז זיי ביידע זאָלען שטענדיג באַגלייט ווערען דורך אַ וויסענשאַפטליכען אַנאַליז.

בנוגע צו דער פראַגע וועגען דער געהעריגער וויכטיגקייט, וואָס יעדערער פון די פּסיכישע פּראָצעסען האָט, פלעגט מען האַלטען אַז די פאָרשטעלונג און די אידייע קומען פריער, און אַז דאָס פילען און וועלען זיינען ערשט שפּעטערדיגע גייסטיגע מדרגות. די דאָזיגע טענדענץ, וואָס האָט נאָך אַלץ אַ סך אַנהייגער, קאָן באַצייכענט ווערען אַלס די  א י נ ט ע ל ע ק ט ו אַ ל י ס ט י ש ע.

פון דער אַנדער זייט אָבער באַהויפּטען די נייסטע אויספאָרשער, אַז ניט די אידייע, נאָר דאָס פילען און די פונקציע וואָס איז מיט איר אַממערסטען פאַרבונדען, — דאָס וועלען, זיינען די ערשטע צושטאַנדען, פון וועלכע עס קומען ערשט שפּעטער אַרויס די איינדרוקען, פאָרשטעלונגען און אידייעס. די דאָזיגע ריכטונג, וואָס איז מער אין הסכם מיט דער עוואָלוציאָנערער טעאָריע פון לעבען איז באַקאַנט אַלס די  וו אַ ל ו נ ט אַ ר י ס ט י ש ע  פּסיכאָלאָגיע. די דאָזיגע ריכטונג פאַרשפּרייט זיך איצט זעהר שנעל און געווינט אַלץ מער און מער אַנהייגער.

# פילאָסאָפיע

## 10. פסיכאָלאָגיע און פיזיאָלאָגיע.

די אינטימע שייכות צווישען דעם פיזישען און פיזיאָלאָגישען פּראָצעס אָדער — ווי מען דריקט זיך געוויינליך אויס פּשוט׳ער און קירצער, — צווישען דעם קערפּער און גייסט איז שוין לאַנג אַן אנער־קענטער פאַקט, וואָס האָט דורות־לאַנג אינטערעסירט די באַקאַנטסטע דיינקער. מיר וועלען זיך נאָך שפּעטער אומקערען צו די פילאָסאָפישע פּראָבלעמען, וואָס וואַקסען אַרויס ביים באַטראַכטען די דאָזיגע שייכות און צו די וויכטיגסטע פּראָבען צו לייזען די פּראַגע.

די מאָדערנע פּסיכאָלאָגיע באַטראַכט אַלס אַ פעסטגעשטעלטע זאַך דעם פאַקט, אַז די גרעסטע מערהייט פּסיכישע פּראָצעסען ווערען באַגלייט דורך פּאַראַלעלע פיזיאָלאָגישע פּראָצעסען. ס׳איז ווייטער אַבסאָליוט זיכער, אַז דער גרונט־תנאי פאַר אַ פּסיכאָלאָגישען פּראָצעס מוז שטענדיג זיין אַ נערוועז־פּראָצעס און דערביי תמיד אַזאַ אין וועל־כען עס באַטייליגט זיך סוף כל סוף דער מוח. די באַהויפּטונג, אַז אַ מוח־פּראָצעס אַנטשפּרעכט יעדען פּסיכישען פּראָצעס אָהן אויסנאַם ווערט בכלל אָנגענומען נאָר אויף אַזוי פיל, אויף וויפיל יעדער ערנס־טער פאָרשער איז איבערצייגט, אַז קיין שום דערשיינונגען פון באַ־וואוסטזיין קאָנען ניט פּאָרקומען אָהן אַ מוח. פון דער אַנדער זייט זיינען נאָך די מיינונגען שטאַרק פאַרשיידען בנוגע צו דער פראַגע וועגען דעם, צי יעדער עלעמענטאַרער פּראָצעס פון אַ דערשיינונג, וואָס איז קינסטליך אויסגעשיידט געוואָרען דורך אַ פּסיכאָלאָגישען אַנאַליז איז אויך אומפאַרמיידליך פאַרבונדען מיט פּונקט אַזעלכע עלעמענט־טאַרע פיזיאָלאָגישע פּראָצעסען. אַזוי, למשל, האַלט וואונדט אַז יעדע פאָרשטעלונג וועגען יעדען געגעבענעם פאַקט פאָדערט, אַז „דער קאָמפּלעקס וואָס ווערט אַרויסגערופען ביי דעם אָביעקט פון דעם איינדרוק זאָל קאָמבינירט ווערען מיט אַן אַקט פון אַן אַסאָציאַטיווען סינטעז.“ דער דאָזיגער אַקט פון סינטעז איז לויט דער מיינונג פון אָט דעם באַרימטען געלערנטען, אַ ריין פּסיכישער אַקט און ווערט ניט באַגלייט דורך קיין שום פאַראַלעלען פיזיאָלאָגישען פּראָצעס. (דאָס הייסט אַזוי: ווען איך — דער אָביעקט פון דעם איינדרוק — באַקום פון עמיצען אַ קלאַפּ און פיל דערפון אַ דירעקטען אומאַנגענעמען איינ־דרוק, אַ ווייטאָג, האָבען מיר דאָ אַ פאַל וואו דער פּסיכישער פּראָצעס

# ווילהעלם יערוזאלעם

גייט האנט ביי האנט מיט דעם פיזיאלאגישען. אבער ווען דער וויי־טאג פון דעם באקומענעם קלאפ רופט ביי מיר ארויס לויט דער אסא־ציאציע פארבינדונג פון געדאנק א מער קאמפליצירטע פארשטעלונג, — א געדאנק, למשל, וועגען דעם ווי אויסצומיידען א צווייטען מאל דעם קלאפ, אדער דעם ווייטאג און ווי זיך אפצורעכענען מיט דעם, וואס האט מיר דעם ווייטאג פארשאפט, איז שוין אט דער דאזיגער באגלייטענדיגער געדאנקען־אויספיר — אדער דער אסאציאטיווער סינטעז — ניט פארבונדען דירעקט מיט קיין נייעם פיזיאלאגישען פראצעס, דאס הייסט ער איז פון א ריין־פסיכישער נאטור. מ. כ.)

דער פאקט, וואס דער פסיכישער פראצעס הייגגט אפ אין אזא גרויסער מאס פון דעם מוח־פראצעס האט געבראכט א סך אויספאר־שער צום אויספיר, אז די איינציגע פראבלעם פון פסיכאלאגיע באַ־שטייט אין פארגרעסערען אונזערע ידיעות וועגען דער פונקציע פון דעם מוח, און אז פסיכאלאגיע איז דעריבער בלויז אן אפטיילונג פון פיזיאלאגיע.

מיר דארפען אבער ניט פארגעסען, אז די פסיכישע פראצעסען האבען א גאנץ אייגענארטיגען כאראקטער, וואס זיינען גאנץ פארשיי־דען פון די פיזישע דערשיינונגען. אלע נאטור־פראצעסען, און אויך די וואס קומען פאר אין דעם מענשליכען קערפער, זיינען אדער דירעקט צוגענגליך פאר אונזערע חושים, אדער קאנען געמאכט ווערען צוגענג־ליך פאר זיי מיט דער הילף פון דעם מיקראסקאפ אדער פון א וועלכע עס איז אנדערע קינסטליכע מיטלען. אפילו אין די פאלען, וואו דאס איז ביז איצט געוועזען אוממעגליך קאן עס פונדעסטוועגען צו יעדער צייט מעגליך ווערען, ווען אונזערע אינסטרומענטען וועלען פארבע־סערט ווערען. ס'איז יעדענפאלס ניטא קיין איין נאטור־פראצעס, וועלכען עס זאל זיין אומדענקבאר צו באגרייפען דורך אונזערע חושים. די פסיכישע פראצעסען אבער קאנען קיינמאל דורך די חושים ניט באנומען ווערען. זיי קאנען בלויז דערפילט ווערען אויף דעם אייגענארטיגען אופן, וואס יעדער איינער פילט אוממיטעלבאר, אבער וואס קאן געגוי ניט באשריבען ווערען. און אט צוליב דעם טאקע מוזען די אויספארשונג פון די פסיכישע דערשיינונגען פארבלייבען אן ענין פאר א ספעציעלער וויסענשאפט.

די פסיכאלאגיע קען באקומען פון דער פיזיאלאגיע זעהר ווערט־פולע אנשטויסען פאר דעם ווייטערדיגען פסיכאלאגישען אנאליז פונקציז

# פילאָסאָפיע

ווי זי קאַן פון איר זייט אַנצייכענען געוויסע פּראָבלעמען און מעטאַ־דען, מיט וועלכע די פיזיאָלאָגיע וועט זיך דאַרפען פאַרנעמען: אָבער פּסיכאָלאָגיע קאַן קיינמאָל ניט אויפהערען צו זיין אַן אומאָפּהייננגיגע וויסענשאַפט, ווייל דער ענין מיט וועלכען זי פאַרנעמט זיך וועט זיך שטענדיג אונטערשיידען פון די ענינים מיט וועלכע עס פאַרנעמען זיך די נאַטור־וויסענשאַפטען.

## 11. פּסיכאָלאָגיע און פילאָסאָפיע.

די מאָדערנע פּסיכאָלאָגיע האָט, ווי מיר האָבען שוין געזעהן, זיך אָפּגעזאָגט פון מעטאַפיזישע חקירות און האָט זיך אַנטוויקעלט אין אַ זעלבשטענדיגער עמפּירישער וויסענשאַפט. פונדעסטוועגען איז פאַרט פאַרבליבען אַן איינגע פאַרבינדונג צווישען פּסיכאָלאָגיע און פילאָסאָ־פיע. איינענטליך קאַן זיך טאַקע דער פּסיכאָלאָג גרינג באַגיין אָהן אַ וועלכער עס איז מעטאַפיזישער השערה, אָבער דער פילאָסאָף היינגט איצט אָפּ מער ווי ווען עס איז אַנדערש פון דעם גרינטליכען פּסיכאָ־לאָגישען אַנאַליז.

אויב די פילאָסאָפיע האָט צו דערגרייכען איר צוועק, דאָס הייסט צו שאַפען אַן אויסגעהאַלטענע וועלט־טעאָריע קאַן זי זיך ניט באַגרע־ניצען בלויז מיט די געזעצען פון דער פיזישער וועלט, אויך וויפיל מיר דערוויסען זיך וועגען זיי פון דער נאַטור־וויסענשאַפט; ס'איז פאַר איר נאָך וויכטיגער אָפּצוגעבען זיך אַ גענויעם דין וחשבון וועגען די געזעצען פון די פּסיכישע דערשיינונגען, וועלכע די פּסיכאָלאָגיע נעמט זיך אונטער צו אַנטפּלעקען. דער פילאָסאָף קאַן ביי היינטיגע צייי־טען באַשטימען די גרעניצען פון דעם מענשליכען וויסען בלויז אויפ'ן יסוד פון דער פּסיכאָלאָגיע. ער קאַן אַנטפּלעקען און אויסלערנען זיך צו פאַרשטיין די פאָרמען, אין וועלכע אונזער וויסען מוז זיך נויטיגער־ווייז אויסדריקען בלויז מיט דער הילף פון פּסיכאָלאָגיע. אַ פּסיכאָ־לאָגישער אַנאַליז פון דעם פילען איז דער איינציגער מעטאָד דורך וועל־כען ער קאַן באַשטימען די תנאים, ביי וועלכע אַ זאַך ווערט באַטראַכט אַלס שיין, און די כללים פאַר יעדען אַרט קונסט מוזען אויך געבויט ווערען אויף אַ באַקאַנטשאַפט מיט אָט די תנאים. אַ גרינטליכער אַנאַ־ליז און אַ פּינקטליכע נאָכפאָרשונג פון דעם, וואָס עס קומט פאָר אין אונז גופא, ווען מיר זיינען מסכים מיט די אַקטען פון אַנדערע פער־

# ווילהעלם יערוזאלעם

זאנגען און ווען מיר זיינען צופרידען אדער אומצופרידען מיט זיך אליין גיט אונז די איינציגע האפענונג צו אנטדעקען א מעטאד, לויט וועלכען מען קאן פעסטשטעלען די וויסענשאפטליכע נארמעס פון דער מענשליכער טעטיגקייט.

צוליב אט די טעמים איז די פסיכאלאגיע דער וויכטיגסטער יסוד פאר אן אמת וויסענשאפטליכער פילאסאפיע. ווער עס פארגעסט וועגען דעם, אדער ווער עס וויל זיך פארלאזען אויף א דרייסטען אבער אומציייטיגען צוטרוי אין דעם כוח פון חקירות און גלויבט אז ער קאן דורך דעם אויסמיידען די נויטיגקייט צו שטיצען זיך אויף א פסיכא־לאגישען יסוד, דער „מוז זיך אויף יעדען טריט און שריט אנשטויסען אויף אומזיכערקייטען און ווערען א שפילצייג פון ווינט און כוואליע."

און כאטש די פסיכאלאגיע קאן זיך, ווי מיר האבען שוין געזאגט, באגיין אהן פילאסאפישע סברות, פונדעסטוועגען פירט זי כמעט אומ־פארמיידליך צו פילאסאפישע פראגען.

אפילו די טעאריע וועגען חושים'דיגע פארשטעלונגען אנטפלעקט פאר אונז דעם מערקווירדיגען פאקט, אז מיר האבען מער צוטרויען צו די רעזולטאטען פון אנטאפען א זאך, איידער צו אונזער ראיה אדער געהער. דער פסיכאלאג איז, פארשטייט זיך, ניט געצוואונגען צו טאן עטוואס מער, ווי בלויז פארצייכענען זיך דעם פאקט. אבער דער נסיון צו גיין ווייטער און געפינען א דערקלערונג דערצו איז א זעהר גרויסער. דאס אבער ברייגנט אונז שוין צו דער טעאריע פון וויסען.

די פראגע וועגען די מאראלישע און רעליגיעזע געפילען און די דערשיינונגען פון ווילען שטעלען אונז נאך אין א שטארקערען נסיון צו דערגרונטעווען זיך צום יסוד פון די מאראל־געזעצען און פון דער פרייהייט פון ווילען. צוליב דעם איז נויטיג אז דער פסיכאלאגישער פאקט זאל קודם כל קאנטראלירט און דעפינירט ווערען אהן שום שייכות מיט א וועלכער עס איז פילאסאפישער טעאריע. אבער דער קאנטראל איז אפט פארבונדען מיט דער לייזונג גופא פון דער פראבלעם און ס'איז שווער איינצוזעהן פאר וואס דער פסיכאלאג זאל ניט האבען דעם מוט צו מאכען א פאר שריט ווייטער פון דעם פשוט'ען קאנ־טראל פון די פאקטען און פארצושלאגען א דערקלערונג־טעאריע.

די פסיכאלאגיע איז דעריבער אין איר איצטיגען צושטאנד אן

אומאָפּהיינגיגע וויסענשאַפט. אַבער זי איז אין דערזעלביגער צייט אַן אומבאַדינגט נויטיגער יסוד פאַר יעדער פילאָסאָפישער נאָכפאָרשונג.

## 12. דער עצם און די פּראָבלעם פון לאָגיק.

לאָגיק איז די וויסענשאַפט וועגן די פאָרמען פון א ריכטיגען דיינקען. מיר באַטראַכטען דעם געדאַנק אַלס אַ ריכטיגען, ווען ער ברייננגט אונז צו אַן אָביעקטיוו ריכטיגען אויספיר. די אויספירען זיינען ריכטיגע, ווען יעדער איינער, וואָס הערט זיי און וואָס פאָלגט נאָך דעם געדאַנקען־גאַנג, וואָס ברייננגט צו זיי, מוז מיט זיי מסכים זיין. דער צווייטער סמן פון אַן אָביעקטיווער זיכערקייט פון אַן אויספיר באַשטייט אין דער פאַרווירקליכונג פון די פאַראויסזאָגונגען, וואָס זיינען באַגרינדעט אויף דעם געגעבענעם אויספיר.

די אָביעקטיווע זיכערקייט איז דער היפּוך פון סוביעקטיווער זי־כערקייט. דער לעצטען מין זיכערקייט קאָן אַלס כלל ניט איבערגע־געבען ווערען צו אַ צווייטען. מיר זיינען, למשל, סוביעקטיוו זיכער, אַז אונזער פריינד, וועלכען מיר האָבען יאָרען־לאַנג געקענט וועט אונטער באַשטימטע תנאים טאָן אַ געוויסע זאַך און וועט ניט טאָן פאַרקערט. מיר זיינען, פון דער אַנדער זייט, אָביעקטיוו זיכער, אַז דאָס הויבען זיך פון דעם באַראָמעטער באַדייט אַ פאַרגרע־סערונג פון דער לופט־דרוק.

די פאָרמען פון קאָנקרעטען דיינקען, דאָס הייסט, פון דעם דיינ־קען, וואָס ברייננגען צו אָביעקטיוו זיכערע אויספירען זיינען דעריבער פשוט די אַלגעמיינע אומשטענדען פון אָט דער אָביעקטיווער זיכער־קייט. אויב מיר זאָלען נעמען אין אַכט דעם צוגאָב־אומשטאַנד, אַז די וויסענשאַפטליכע פאָרשונג דערגרייכט ניט שטענדיג צו אַזעלכע אויס־פירען, וואָס זיינען אביעקטיוו־זיכער, נאָר אָפט צו אַזעלכע, וואָס זיינען בלויז מער אָדער ווייניגער וואַרשיינליך, וועלען מיר דעמאָלט מוזען באַצייכענען די לאָגיק אַלס די לערע וועגען די אַלגעמיינע תנאים פון אָביעקטיווער זי־כערקייט און וואַרשיינליכקייט.

כדי צו אַנטפּלעקען די פאָרמען פון ריכטיגען דיינקען מוז מען פריער פאַר אַלץ באַטראַכטען די פאָרמען פון געדאַנק בכלל, דאָס

## ווילהעלם יערוזאלעם

הייסט מיר מוזען זעהן צו אנטפלעקען דעם אלגעמיינעם ציל פון יעדען געדאנקען־אקט. די אורטייל־פארם, וועלכע איז דער יסוד פון יעדען ארט דיינקען איז נאטירליך דער אלגעמיינער כלל. די פשוט׳סטע פארשטעלונגען פונקט ווי די רעזולטאטען פון דעם טיפסטען אריינטראכטען זיך ווערען אלע אויסגעדריקט אין דעם פארם פון אן אורטייל, אן אויספּיר. די שפּראך האט פארוואנדעלט די דאזיגע געדאנקען־פארם אין א באהויפּטונג. די באהויפּטונג און דער אויספיר, אדער — ווי מען קאן זאגען — דער באהויפּטונג־אויספיר איז דער עצם פון יעדער לאגישער אונטערזוכונג. ווען איז אן אויספיר פארמעל ריכטיג? אונטער וועלכע אומשטענדען קאן איין אויספיר ארויסגעבראכט ווערען פון אן אנדערען אדער פון עטליכע אויספירען? דאס זיינען די פראגען וואס בילדען דעם עצם ענין פון לאגיק. די לאגיק קאן דעריבער באצייכענט ווערען אויך אלס *די לערע וועגען די אלגעמיינע* תנאים פון א ריכטיגען אורטייל אדער אויספיר.

אבער ניט ביי יעדען אויספיר איז מעגליך צו דערווייזען די אלגעמיינע תנאים פון זיין גילטיגקייט. א גרויסע צאל אויספירען העלפען אונז בלויז צו פארמולירען און אויסדריקען פערזענליכע פארשטעלונגען, זכרונות און פארגעפילען. אלע אזעלכע אויספירען, וועלכע איך וועל באצייכענען אלס אויספירען פון דער אינטואיציע האבען, פארשטייט זיך, נאר א סוביעקטיווע זיכערקייט און קאנען דעריבער ניט דערוויזען ווערען דורך לאגיק. אזעלכע באווייזען קאנען געבראכט ווערען נאר אין די פאלען פון אויספירען, וואס שטיצען זיך אויף אלגעמיינע באהויפּטונגען, דאס הייסט, גענויער געזאגט, אין אזעלכע, וואס שטיצען זיך אויף בלויזע פאקטען אהן אן אינדיווידועלער אדער סוביעקטיווער באפארבונג, אין אויספירען, וואס דריקען אויס די אלגעמיינע נאטור־געזעצען. אזעלכע מינים אויספירען ווערען גערופען קאנצעפּטישע (באגריפליכע) אויספירען און זיי זיינען די איין־און־איינציגע, וואס קאן דערוויזען ווערען אויף א לאגישען אופן.

די טראדיציעס פון צוויי טויזענט יאר האבען אונז געלערענט, אז דער בעסטער מעטאד פון א לאגישען באווייז באשטייט אין א קינסטליכען רעדוצירען פון די באגריפליכע אויספירען צו זייערע עלעמענטען. די באגריפען זיינען די עלעמענטען פון א לאגישען אויספיר. דער באגריף איז א געדאנקען־פארם וואס האט ניט קיין

# פילאָסאָפיע

אנדער באדייטונג אויסער דער, וואס מיר געפינען אין אן אויספיר, אבער צוליב די צוועקן פון לאגיק מוז ער פונדעסטוועגן באהאנדעלט ווערן באזונדער.

יעדער באגריף ווערט כאראקטעריזירט דורך זיין אלגעמיינקייט. זיין אנטשטייאונג איז א רעזולטאט פון א מאסע אינטואיטיווע אויס־פירען און ער איז עם דער אייגנארטיגער טרעגער פון די אייגנשאפ־טען און צושטאנדען, וועלכע זיינען אין זיך כולל א סך פארשטעלונגען. דער באוואוסטזיין האלט איין דעם באגריף מיט דער הילף פון א סימ־באלישען צייכען, וואס דריקט זיך געוויינליך אוים אין א ווארט. די גע־נויע באדייטונג פון דעם ווארט, דאס הייסט די אייגנשאפטען און די צושטאנדען, וועלכע דער באגריף אנטהאלט אין זיך בילדעט זיין אינ־טענסיווקייט. די אביעקטען, אין וועלכע די געהעריגע אייגנשאפטען און צושטאנדען געפינען זיך בילדען דעם שטח פון דעם באגריף. דער טראדיציאנעלער מעטאד פון קאנטראלירען אויספירונגען פלעגט זיי באהאנדלען אלם באהויפטונגען פון באגריפליכע שייכות׳ן. די שייכות׳ן פון שטח האבען אמבעסטען געדינט דעם צוועק, ווייל זיי האבען גע־קאנט פארגעשטעלט ווערען דיאגראמאטיש, און אויך דערפאר, ווייל מען האט זיי געקאנט אויסדריקען אין מאטעמאטישע פארמולעס. די שייכות׳ן פון אינטענסיווקייט, פון דער אנדער זייט, פארבלייבען שטענדיג אבסטראקט, און מען קאן זיי ניט אויסדריקען ניט אין דיאג־ראמעס און ניט אין מאטעמאטישע פארמולעס.

די טראדיציאנעלע לאגיק איז דעריבער במעט אויסשליסליך א לאגיק פון שטח. זי אונטערזוכט די מעגליכע שייכות׳ן פון באגריפען, פארשטעט נאך וועלכע פון זיי עס קאנען אויסגעדריקט ווערען אין אן אור־טייל און זוכט פעסטצושטעלען ווי מען קאן פון די פאראנענע שייכות׳ן ארויסברייגנגען נייע באגריפען. דער דאזיגער מעטאד פון ארויס־בריינגען נייע באגריפען רופט זיך א לאגישער שלוס. די טראדיצי־אנעלע איינטיילונגען פון לאגיק זיינען דעריבער דער באגריף, דער אורטייל און דער שלוס.

די טעאָריע וועגען דעם, אז דער אויספיר איז אן אויסדרוק פון א באגריפליכע שייכות האט א לאנגע צייט פארטונקעלט די אמת׳ע פסיכאלאגישע נאטיר פון דעם אקט פון מאכען אן אויספיר. אזוי לאנג, ווי מען האט אנגענומען, אז דער אויספיר באשטייט פון צוויי עלע־מענטען האט מען ארויסגעלאזען פון אויג דעם פאקט, אז דער פרא־

צעס. וואָס בילדעט דעם יסוד פון דעם אויספיר און וואָס שאַפט דעם אויספיר אין דער ווירקליכקייט אַנטהאַלט שוין אין זיך במילא די קאָמבינאציע פון דיביידע עלעמענטען. מיר וועלען שפּעטער האָבען א געלעגענהייט גענויער אַרויסצוזאָגען זיך וועגען דער פּסיכאָלאָגישער באַדייטונג פון דער ראָליע פון דעם אויספיר ווי אויך וועגען זיין וויכטיגקייט פאַר דער טעאָריע פון וויסען. מיר מוזען דאָ אָבער אונטערשטרייכען אז די לאָגיק איז פולקאָם באַרעכטיגט צו רעדוצירען דעם אויספיר צו זיינע באַגריפען אויף אזוי פיל, פאַרשטייט זיך, אויף וויפיל די דאָזיגע רעדוצירונג דינט איר צוועק. אָבער אַזא קינסטליכע פאַרוואַנדלונג, וואָס ווערט געמאַכט צוליב באַשטימטע וויסענשאַפטליכע צוועקען גיט אונז נאָך ניט דאָס רעכט צו באַשטימען דעם עצם פון דעם פסיכישען אקט.

אָבער די אויפגאַבע פון לאָגיק איז נאָך ניט אויסגעשעפּט נאָכדעם ווי זי האָט שוין באַהאַנדעלט די לערע וועגען דעם באַגריף, דעם אויספיר און דעם שלוס. זי מוז אויך ווייזען, ווי די דאָזיגע פאָרמען ווערען אַנגעווענדעט אין וויסענשאַפטליכען דיינקען און מוז אין הסכם דערמיט אויך אונטערזוכען די מעטאָדען פון פאָרשונג. וואונדט׳ס פּלאַן אַפּצוטיילען דעם מעטאָד פון דערווייזען פון דעם, וואָס איז שוין אונז באַקאַנט אלס דער מעטאָד פון אויספאָרשונג איז גוט צוגעפּאסט פאַר דעם צוועק. די מעטאָדען פון דערווייזען באַשטייען הויפּטזאַכליך פון דער דעפיניציע און דער קלאַסיפיקאַציע פון די באַגריפען און פון די פאַרשיידענע מינים ראיות. אינדוקציע און דעדוקציע, אנאַליז און סינטעז, און די מער ספּעציעלע פאָרמען וואָס ווערען באַנוצט אין די פאַרשיידענע וויסענשאַפטען בילדען די מעטאָדען פון אונטערזוכונג. דער פּראַקטישער ווערט פון דער לערע וועגען די מעטאָדען באַשטייט אין זייער אַנווענדונג צו די פאַרשיידענע וויסענשאַפטען און אין די אונטערזוכונגען פון די ספּעציעלע מעטאָדען, מיט וועלכע זיי באַנוצען זיך. מיר מוזען דעריבער אונטערשיידען צווישען דער אלגעמיינער און דער ספּעציעלער לערע וועגען מעטאָדען. די לעצטע באַשטימט די לאָגיק פון די ספּעציעלע וויסענשאַפטען. ו ו א ו נ ד ט האָט דורכגעפירט אָט די קאָלאָסאַלע ארבייט אין זיין דרייבענדיגען ווערק וועגען לאָגיק און האָט דערמיט שטאַרק פאַרגרעסערט דעם שטח פון דער וויסענשאַפט פון לאָגיק.

# פילאָסאָפיע

## 13. די אַנטוויקלונג פון די שולען פון לאָגיק.

די נייטוועדיגקייט גענוי צו פאָרמולירן די אַלגעמיינע געזעצן פון דיינקען האָט זיך געלאָזען פילען שוין צו דער צייט פון דעם פערטען יאָרהונדערט פאַר אונזער צייטרעכענונג. די געלעגענהייט דערצו האָבען געגעבען די אַזוי גערופענע מעגאַרישע פילאָסאָפען, וועלכע האָבען פון איין זייט אויסגעדריקט אַ צווייפעל אין דער מעגליכקייט צו מאַכען ריכטיגע אויספירען און האָבען פון דער אַנדער זייט געהאַלטען אין איין פאַרפּלאָנטערן זייערע געגנער מיט דער הילף פון סאָפיסטישע פּלפּולים. נאָכדעם ווי ס אָ ק ר א ט האָט פאַרטיידיגט דעם קאָנצעפּטישען וויסען און פּ ל אַ ט אָ ן האָט געמאַכט אַ התחלה פאַר די אויספאָרשונגען פון די באַגריפען האָט זיך א ר י ס ט אָ ט ע ל אונטערגענומען גענוי און בפּרטיות'דיג אויסצופאָרשען און צו פאָרמולירן די כּללים פון שלוס-פאָלגערונג און פון באַווייזען און איז אויף אַזאַ אופן געוואָרען דער גרינדער פון לאָגיק.

א ר י ס ט אָ ט ע ל איז געווען טיף איבערצייגט, אַז די לאָגיק האָט גאָר נישט צו טאָן מיט דער אַנטדעקונג פון נייע אמת'ען, און אַז איר אויפגאַבע איז בלויז צו אונטערזוכען די רעזולטאַטען פון געוויינטליכען דיינקען. ער זאָגט אויסדריקליך, אַז די עובדה פון לאָגיק איז בלויז צו רעדוצירן די שלוסען, וואָס זיינען שוין געמאַכט געוואָרען, צו באַשטימטע פאָרמען, כּדי מען זאָל קאָנען אונטערזוכען זייער גילטיגקייט. א ר י ס ט אָ ט ע ל האָט אויך גוט פאַרשטאַנען, אַז כּדי דאָס אויסצופירען מוזען מיר אַנאַליטיש רעדוצירן די שלוסען, וואָס זיינען אין דער ווירקליכקייט געמאַכט געוואָרען, צו די אורטיילען אויף וועלכע זיי שטיצען זיך, און די אורטיילען, ווידער, מוזען מיר רעדוצירן צו זייערע באַגריפליכע עלעמענטען. ער האָט דעריבער גאַנץ ריכטיג אָנגערופען די דאָזיגע וויסענשאַפט מיט'ן נאָמען „אַנאַליטיקס“, דאָס הייסט די קונסט פון אַנאַליזירען.

א ר י ס ט אָ ט ע ל ס לאָגישע שריפטען (וועגען די קאַטעגאָריעס פון די גרונט-באַגריפען, פון זאַץ, די לערע וועגען שלוס און באַווייז, די לערע וועגען די באַווייזען פון וואַרשיינליכקייט און פון דעפיניציע, וועלכע געפינען זיך אין זיינע אַכט ביכער „וועגען ענינים“)

זיינען אין שפּעטען אלטערטום און אין מיטעלאַלטער צונויפגעקליבען געוואָרען אין לערנביכער אונטער דעם נאָמען „איזאַגאַגען“ („דער אריינפיר“). די פאָרמען פון סילאָגיזם זיינען גענויער באַרבייט געוואָרען און א גרויסע צאָל טעכנישע טערמינען זיינען געשאַפען געוואָרען דורך טעאָפראַסט און עודעם, אריסטאָטעל׳ס תלמידים, ווי אויך דורך די סטאָיקער און די סכאָלאַסטישע פילאָסאָפען פון מיטעלאַלטער. די מיטלען, האָט מען גערעכענט, האָבען געדאַרפט פארלייכטערען די ארבייט פון די ספּעציאַליזירטע דיאַלעקטיקער.

אין משך פון דעם 16־טען יאָרהונדערט האָט פּעטער ראַמוס, א שטאַרקער געגנער פון אריסטאָטעל׳ן און פון דער גאַנצער סכאָלאַסטישער שול אָנגעשריבען א לערבוך איבער לאָגיק, אין וועלכען ער האָט זיך געהאַלטען אָן דעם מעטאָד פון ציצעראָן און קווינטיליאַן. ער האָט אויסגעשטעלט דעם מאַטעריאַל אויף דעם אופן, וועלכער איז אונז נאָך ביז איצט באַקאַנט פון די געוויינליכע לערנביכער איבער לאָגיק.*)

דער ענגלישער פילאָסאָף בעיקאָן האָט זיך אין זיין ווערק „נאָוואום ארגאַנום“ אונטערגענומען צו דערווייזען די אינהאַלטלאָזיגקייט פון אריסטאָטעלס לאָגיק. ער האָט אונטערשטרייכט די וויכטיגקייט פון דער אינדוקציע, דעם פּראָצעס דורך וועלכען מיר דערהויבען זיך פון דעם פּרט צו דעם כלל. פונדעסטוועגען זיינען די הויפּט־לערעס פון דער אריסטאָטעליש־סכאָלאַסטישער לאָגיק נאָך אלץ באַנוצט געוואָרען א לאַנגע צייט אין די לערנביכער איבער לאָגיק און האָבען אפילו נאָך ביי היינטיגע צייטען ניט אינגאַנצען פארלאָרען זייער איינפלוס.

---

*) פּעטער ראַמוס׳עס „לאָגיק“, וועלכע ער האָט אויך גערופען „די קונסט פון פאַנאַנדערקלייבען זיך“ איז באַשטאַנען פון צוויי טיילען. די ערשטע, „וועגען אויסגעפינען“ האָט באַהאַנדעלט דעם באַגריף, זיין דעפיניציע און די פונאַנדערטיילונג; די צווייטע „וועגען אנדייטען“ האָט באַטראַכט דעם אויספיר און שלוס. דאָס באַנוצען זיך מיט דעם דאָזיגען לערנבוך איז געווען אזוי פארשפּרייט, אז די ווערטער „סעקונדא פּעטרי“ (דער צווייטער טייל פון פּעטער ראַמוס לערנבוך) זיינען געוואָרען דער אויסדרוק, מיט וועלכען מען האָט באַצייכענט די פעהיגקייט צו מאַכען אן אויספיר, און אפילו קאַנט און שאָפּענהאַור האָבען נאָך דעם אויסדרוק באַנוצט.

# פילאָסאָפיע

א דאַנק די ארבייטען פון עמאנויל קאנט האט די לאָגיק באקומען א נייעם אנשטויס און גאר אן אנדער אינהאלט. ער האט אנגענומען די טראדיציאָנעלע, ריין־פאָרמעלע לאָגיק און האט נאָך דערצו אויסגעפונען א נייעם מין פון לאָגישער באטראכטונג, וועלכען ער האט גערופען „טראנסצענדענטאַלישע לאָגיק.“ ער האט געגלויבט, אז ער האט אנטדעקט די גרונט־פונקציעס פון דעם מענשליכען פאַרשטייין אין די פאָרמען פון אורטייל, דורך וועלכע עס ווערען פאַרמולירט די חושים׳דיגע איינדריקען וואָס קומען פון דרויסען. קאנט האט די דאָזיגע גרונט־פונקציעס באטראַכט אלס א מין איינגעבאָרענע אייגענשאַפט פון דעם מענשליכען גייסט, וואָס שאַפט, אזוי צו זאָגען, די איינאַרטיגקייט פון דעם נאַטור־געזעץ פון אויסנוצען אויך די דאָזיגע פונקציעס. דער דאָזיגער שטאַנדפּונקט נעמט אָבער אָן, אז די לאָגישע פאָרמען האָבען א פּראָדוקטיווע, כמעט א שאַפענדיגע קראַפט. העגעל האט שפּעטער איינזייטיג אנטוויקעלט דעם דאָזיגען געדאַנק און האט אויסגעבויט א מעטאַפיזישע לאָגיק, אין וועלכער די לאָגישע אנטוויקלונג פון די באַגריפען ווערט באַטראַכט אלס אידענטיש מיט דעם פאַקטישען פּראָצעס פון ווערען, דאָס הייסט מיט דער נאַטור פון די זאַכען. קעגען אָט די טענדענצען טרעט איצט ארויס און קעמפט פאַר איר אנערקענונג א גאַנץ אנדער טעאָריע, וואָס שטרייכט אונטער דעם ריין־עמפּירישען כאַראַקטער פון די לאָגישע געזעצען. אין דער מאָדערנער לאָגיק קאָן מען אונטערשיידען די פאָלגענדיגע שולען:

1. די פּסיכאָלאָגישע לאָגיק מאַכט א גרינדליכע אונטערזוכונג וועגען די פּסיכאָלאָגישע יסודות פון דעם געזעץ פון דיינקען. מאַכענדיג פון דעם פאַקטישען דיינקען דעם אויסגאַנג־פּונקט האט דער דאָזיגער מעטאָד מעטאָד פיל בייגעטראָגען צו דער פּסיכאָלאָגיע פון דיינקען און האט שטאַרק באַלויכטען די נאַטור פון די געדאַנקען־פּראָצעסען, ווי זיי קומען טאַקע פאָר אין דער ווירקליכקייט. די אויסגעשפּראָכענסטע פאַרטיידיגער פון אָט דער ריכטונג, צו וועלכע עס געהערט אויך דער אווטאָר פון די דאָזיגע שורות, באַטראַכטען די לאָגישע געזעצען אלס רעזולטאַט פון דער קאָמבינירטער ווירקונג פון דער אַלגעמיינער און באַשטעטיגטער דערפאַרונג. לויט אָט דער אנשויאונג באַשטייט די אויפגאַבע פון לאָגיק אין אויסגעפינען וויפיל

אלגעמיינע און דורכגעקאנטראלירטע דערפארונגען עם שפיגלען זיך אפ אין יעדען באזונדערען פאקט פון אונזער דערפארונג.

2. ד י ע פ י ס ט ע מ א ל א ג י ש ע לאגיק וויל ניט נאר פעסטשטעלען די גילטיגקייט פון די געזעצען פון דיינקען אויף דעם געביט פון דעם, וואס מיר קאנען זיך דערוויסען, נאר זי שטרעבט אויך צו באשטימען די גרעניצען פון אונזער וויסען. זי גייט אויף אזא אופן אריבער די גרעניצען פון דעם ספעציעל-לאגישען און טרעט צו צו די פראבלעמען פון דער קריטיק פון אונזער וויסען און פון דער מעטאפיזיק. פיל פון אט די אונטערזוכונגען זיינען פאר זיך אומגע-הויער וויכטיג, אבער זיי ברייננגען אין דערזעלביגער צייט ווייניגער נו-צען די ספעציעלע צוועקען פון דער לאגיק, נעמליך דעם פארשטיין פון די אלגעמיינע תנאים פון אביעקטיווער זיכערקייט, דורך דעם, וואס זיי פארטיפען זיך צופיל אין די ספעציעלע פראגען און צעשטערען דערמיט איננאנצען דעם צוטרויען צו אביעקטיווער זיכערקייט.

3. ד י מ א ט ע מ א ט י ש ע לאגיק שטרעבט אויסצוגע-פינען דעם מעגליך גענויסטען מאטעמאטישען אויסדרוק פאר די פאר-מען פין אורטייל און שלום. אלע אונטערזוכונגען אויף דעם געביט הויבען זיך אן מיט די שייכות'ן פון שטח פון דעם באגריף און זיי דער-גרייכען אפט מערקווירדיגע רעזולטאטען. אין א סך פאלען ווערען די אלטע כללים פון די שולען פון לאגיק אויף אזא אופן שטארק פאר-איינפאכט און אויסגעדריקט מיט א גרעסערער גענויקייט. די פשוט'-ערע פארמולעס, וואס מען באקומט אויף אזא אופן וואלטען זעהר גוט געקאנט אויסגענוצט ווערען פאר דער אלגעמיינער פארבארייטונג, אבער די מער קאמפליצירטע זיינען אפט שווער צו פארשטיין אפילו פאר א ספעציאליסט. יעדענפאלס האט דער דאזיגער מעטאד געעפענט א זעהר רייכע פעלד פאר ווייטערדיגער ארבייט.

4. ד י ל א ג י ק פ ו ן מ ע ט א ד, איז אן אויסערא-דענטליך פרוכטבארע אויסברייטערונג פון דעם פעלד פון לאגישען פארשען. ד ז ש א ה ן ס ט י ו א ר ט מ י ל ' ס סיסטעם פון אינדוקטיווער לאגיק און די ברייטגעפלאנטע ארבייט פון ו ו י ל-ה ע ל ם ו ו א ו נ ד ט, ווענען וועלכער מיר האבען שוין פריער גערעדט, האבען געבראכט זעהר גרויסע נוצען אויף אט דעם געביט. פיל זעהר וויכטיגע פארזוכען אויסצובויען די לאגיק אויף אן עמפיריש-פראקטישען יסוד, צו וועלכע די אמעריקאנער דיינקער האבען באזונ-

דערם פיל בייגעטראָגען, געהערען אויך צו דעמזעלביגען עניין. די דאָ־
זיגע פאָרזוכען זיינען געמאַכט געוואָרען אַ יסוד פון דעם פּראַג־
מאַטישען פּרינציפּ, וואָס וועט דאָ שפּעטער געניי באַטראַכט ווערען.
מיר האָבען אין זינען ספּעציעל די אָפּהאַנדלונג פון ד ז ש א ה ן
ד י ו א י און מאַרק ב אָ ל ד ו ו י ן. אויב מיר זאָלען ביי זיך
באַשליסען צו באַטראַכטען די לאָגיק בלויז אַלס די לערע וועגען די
מעטאָדען פון דיינקען און זאָלען דערביי כסדר אָנווענדען דעם באַג־
ריף וועגען דער „עקאָנאָמיע פון דיינקען," וואָס ע ר נ ס ט מ אַ ך
האָט אריינגעבראַכט, וואָלט די מעגליכקייט צו פאַרברייטערען די אַר־
בייט אויף דעם דאָזיגען געביט שטאַרק פּראָגרעסירט. די לאָגיק
וואָלט דעמאָלט געוועזען ניט מער, ווי אַן אַלגעמיינע עקאָנאָמיע
פון דיינקען און איר אויפגאַבע וואָלט געוועזען צו אַנטדעקען, ווי אַזוי
די געדאַנקען־אינסטרומענטען האָבען שטענדיג געהאַט אַ נטיה צו אַן
עקאָנאָמישער צופּאַסונג און ווי אַט די צופּאַסונגען קאָנען נאָך ווייטער
פאַרגרעסערט ווערען.

ק אַ נ ט ' ס גוט באַקאַנטע באַמערקונג, אַז זינט אַריסטאָטעל'ס
צייטען איז אוממעגליך געוועזען צו מאַכען אפילו איין איינציגען טריט
ווייטער אין דעם פּראָגרעס פון דער וויסענשאַפט פון לאָגיק און אַז
אין דערזעלביגער צייט איז אויך ניט נויטיג געוועזען אויך קיין איין
טריט אויף צוריק איז ביי היינטיגען טאָג נאָך ווייטער פון אמת, ווי
ווען עס איז פריער. פיל פון אַריסטאָטעלס פונדאַמענטאַלע פּרינצי־
פּען הויבען טאַקע ערשט איצט אָן פאַרשטאַנען און אָפּגעשאַצט צו
ווערען. אָבער אין דער פעסטשטעלונג און אין דער פאָרמולירונג פון
דער פּראָבלעם זיינען מיר שוין אין אַ סך פּרטים אַוועק ווייטער און
אָפט גאָר אין אַן אַנדער ריכטונג, ווי אַריסטאָטעל.

## 14. גראַמאַטיק, לאָגיק און פּסיכאָלאָגיע.

די לאָגיק איז געוועזען איינג פאַרבונדען מיט דער גראַמאַטיק סאַי
באַ איר אַנטשטייאונג, סאַי אין פאַרלויף פון איר ווייטערדיגער אַנט־
וויקלונג. דער חלוק צווישען דעם סוביעקט און פּרעדיקאַט (באַהויפּ־
טונג־וואָרט), צווישען דעם הויפּט־וואָרט, בייוואָרט און צייטוואָרט זיי־
נען גיכער אַ רעזולטאַט פון אַ לאָגישער איידער פון אַ גראַמאַטישער
באַטראַכטונג. דער איינציגער מעטאָד, דורך וועלכען מען האָט גע־

## ווילהעלם יערוזאלעם

קאנט אנטפלעקען די געזעצע פון דיינקען איז געווען צו מאכען אן אנאליז פון זיין שפראכליכען אויסדרוק. די צוזאמענשמעלצונג פון די גראמאטישע אונטערזוכונגען מיט די לאגישע אין פארלויף פון זייער אנטוויקלונג האט אבער אפט געבראכט צו טעות׳ן; דאס וואס מען האט נעמליך, אפט פארמישט די באדייטונג פון א ווארט מיט׳ן אינ־האלט פון דעם באגריף, די פראזע מיט׳ן אויספיר, האט געשאפען א פארשטעלונג, אז יעדע גראמאטישער שייכות פאלט צונויף מיט א לאגישער שייכות און, פון דער אנדער זייט, אז די אנטוויקלונג פון דער שפראך גייט אן בהסכם מיט דעם לאגישען געזעץ, אדער דארף לכל הפחות אזוי אנגיין.

די גראמאטיק באהאנדעלט די געזעצע, וואס האבען צו טאן מיט׳ן געביי פון דער מענשליכער שפראך. די דאזיגע געזעצען אנט־וויקלען זיך לויט פסיכאלאגישע און פיזיאלאגישע פראצעסען און דערי־בער דארף ניט די לאגיק, נאר די פסיכאלאגיע און פיזיאלאגיע דינען אלס יסוד פאר דער גראמאטיק. די שפראך איז דער ווארט־אויסדרוק פאר געדאנקען, געפילען און צושטאנדען פון דעם ווילען. די שפראך דערפילט איר אויפגאבע שוין דערמיט אליין, וואס איך זאג פינקטליך ארויס וואס איך וויל, אדער ווען איך פארשטיי גענוי וואס אנדערע זאגען צו מיר. די פראגע וועגען דעם, צי מיין באהויפטונג איז אביעק־טיוו א ריכטיגע האט גאר נישט צו טאן מיט דער שפראך בכלל אדער האט יעדענפאלס א צווייטגראדיגע באדייטונג. די גראמאטיק מוז דעריבער אינגאנצען אויסגעטיילט ווערען פון געביט פון לאגישער פארשונג און דארף באזירען בלויז אויף דער פסיכאלאגיע.

די לאגיק איז אבער געצוואונגען צו באנוצען זיך מיט די רעזול־טאטען, וואס זיינען פארקערפערט אין דער שפראך און ביים מאכען אירע דעפיניציעס מוז זי זיך רעכענען מיט די געוויינליכע באדייטונ־גען פון די ווערטער. די לאגישע דיסציפלין מוז, פארשטייט זיך, האבען א שטארקע ווירקונג אויף דער פינקטליכקייט פון אויסדרוק, אבער די לאגיק קאן קיינמאל אפילו ניט חלומ׳ען וועגען דעם, אז זי זאל באהערשען די שפראך. די לאגיק באהאנדעלט די פארמען פון דיינקען און איר עצם באשטייט בלויז אין פעסטשטעלען די שייכות׳ן פון געדאנק. די לאגיק קאן אפט אפהייגנגען פון דער שפראך, אבער זי טאר זיך קיינמאל ניט לאזען פארפירען פון איר.

אונזערע פריערדיגע באמערקונגען האבען שוין אנגעדייטעט די

שייכות צווישען לאָגיק און פסיכאָלאָגיע. די פסיכאָלאָגיע איז גע־צוואונגען צו אונטערזוכען די פאַקטישע פּראָצעסען פון דעם מענשלי־כען דיינקען, פונקט ווי זי טוט עס בנוגע צו די אַנדערע פאָרמען פון גייסטיגער טעטיגקייט. און דעריבער מוז זיך טאַקע דער לאָגיקער גענוי באַקענען מיט די רעזולטאַטען פון דער פסיכאָלאָגיע, וואָס האָבען אַ שייכות צו אירע פּראָבלעמען. אָבער די לאָגיק איז פונדעסטוועגען פולשטענדיג פריי צו מאַכען אַזעלכע קינסטליכע ענדערונגען אין די נאַטירליכע פאָרמען פון דיינקען, וועלכע זי געפינט נאָר פאַר נויטיג, ווען זי וויל אונטערזוכען די אַלגעמיינע תנאים פון אָביעקטיווער זיכערקייט. פאַקטיש איז דאָס טאַקע איר אמת׳ע אויפגאַבע.

די וויכטיגע פראַגען פאַר דעם פסיכאָלאָג זיינען די אומ־שטענדען, אונטער וועלכע מען מאַכט אַן אויספיר, די פּערזאָן, וואָס מאַכט דעם אויספיר און די זייטיגע געדאַנקען און מאָטיווען, וואָס זיינען דערמיט פאַרבונדען. דער לאָגיקער נעמט אָבער אין אַכט בלויז דעם אויספיר, דאָס הייסט די באַגריפליכע שייכות. ער מוז אויסשיידען דעם געדאַנק פון יעדער פאַרבינדונג, פון יעדער געפיל־עלעמענט, פון יעדען צוועק, וואָס דער דיינקער האָט זיך געקאָנט שטעלען, — כדי ער זאָל אים קאָנען אונטערזוכען בלויז אויף׳ן ריינעם יסוד פון זיין פאָרמעלער ריכטיגקייט. וואָס גענויער און פולשטענ־דיגער עס געלינגט דעם לאָגיקער אויסצושיידען דעם געדאַנק פון יעדען זייטיגען אומשטאַנד אַלס גרעסער איז דער ערפאָלג פון זיין לאָגישער אויפגאַבע. ער מוז זיך אָבער היטען און ניט אַננעמען זיין קינסטליכען פּראָדוקט פאַר דעם אמת׳ן אָריגינעלען לעבעדיגען געדאַנק גופא.

ס׳איז ניט קיין גרינגע זאַך קלאָר און גענוי צו באַשטימען די גרעניצען פון דעם געביט פון לאָגיק. דעריבער טאַקע זיינען מיר אָפט געצוואונגען אריבערצוטרעטען פון די ריין־לאָגישע פּראָבלעמען אין העכערע ספערען. דאָס ברייננגט אונז צו דער שייכות צווישען לאָגיק און פילאָסאָפיע, אויף וועלכער מיר וועלען באַלד אָנווייזען.

### 15. לאָגיק און פילאָסאָפיע.

לאָגיק איז די נויטווענדיגע פאַרבערייטונג־לערע פאַר דער פילאָ־סאָפיע און מען לערנט זי טאַקע אָפט אין די שולען אַלס אַ מין אריינ־

פיר אין דער פילאָסאָפיע. באמת איז אָבער די לאָגיק אַ נויטווענדיגע צוגרייטונג־לערע ניט בלויז פאַר פילאָסאָפיע, נאָר בכלל פאַר יעדען צווייג פון וויסענשאַפט. די לאָגיק שמידט ניט דעם געדאנק אין „שפּאַנישע שטיוועל" (ווי מעפיסטאָפעל האָט איראָניש באַמערקט), נאָר זי דיסציפּלינירט אים, היט אים אָפּ פון צו איילינגע און אויבער־פלעכליכע פאַראַלגעמיינערונגען און לערנט אים צו אונטערשיידען צווי־שען דעם זיכערען און צווישען דעם, וואָס איז בלויז וואַרשיינליך. די לאָגיק ציט אונזער אויפמערקזאַמקייט אויף די געזעצען פון דיינ־קען, מיט וועלכע מיר באַנוצען זיך אינסטינקטיוו און שטרייכט אונטער ווי וויכטיג עס איז זאָרגפעלטיג צו אונטערזוכען די רעזולטאַטען פון אונזער דיינקען. דעריבער איז עס אַ לערע, וואָס איז אַבסאָלוט נויטיג פאַר יעדען מין פון וויסענשאַפטליכע פאָרשונגען.

די אונטערזוכונג פון די טיפערע פּראָבלעמען פון לאָגיק פירט אונז אַרויס כמעט אומפאַרמיידליך אויסער די גרעניצען פון דעם בלויזען ענין פון לאָגיק אויפ'ן פעלד פון ריין פילאָסאָפישע אונטערזוכונגען. יעדער איינער, וואָס וויל קלאָר פאַרשטיין די שייכות פון אַ באַגריף צו זיינע סימבאָלען, ווי זי ווייזט זיך אַרויס אין דער לערע וועגען די באַגריפען; יעדער איינער, וואָס נעמט זיך אונטער אויסצופּרובירען די גילטיגקייט אָדער דעם פאַרנעם פון אונזערע אויספירען אָדער שלוסען, — אַזאַ איינער, זאָגען מיר, קאָן שוין ניט אויסמיידען די פּראָבלעם וועגען דעם, צי דער מענשליכער פאַרשטאַנד איז בכלל פעהיג צו באַנעמען די ווירקליכקייט.

אָבער דאָ וואַקסט שוין אַרויס די פּראָבלעם וועגען דער מעגליכ־קייט און וועגען דעם אַנטשטיין פון דעם מענשליכען וויסען און דאָס ברייננגט אונז צום סאַמע עצם פון דער וויכטיגסטער פון אַלע פילאָסאָ־פישע צווייגען, צו דער טעאָריע פון וויסען. אָבער די פּראָבלעם פון וויסען (ערקענטניס־פּראָבלעם) איז פאַרבונדען מיט דער פּראָבלעם וועגען דעם אָביעקט פון אונזער וויסען, דאָס הייסט וועגען דעם, וואָס די אמת'ע ווירקליכקייט איז אין איר לעצטען סדר־הכל. אויף אַזאַ אופן ברייננגט אונז די לאָגיק סוף כל סוף צו דער לערע וועגען **זיין**. **אָנטאָלאָגיע** און **מעטאַפיזיק**.

## דריטער טייל

# דער קריטיציזם פון וויסען און די עפּיסטעמאָלאָגיע.

### 16. דאָגמאַטיזם, סקעפּטיציזם, קריטיציזם.

די פילאָסאָפיע איז תחילת דאָגמאַטיש, דערנאָך סקעפּטיש און ענדליך קריטיש בנוגע צו אונזער פעהיגקייט צו באַגרייפען די ווירקליכקייט. פונדעסטוועגען טרעפט גאַנץ אָפט, אַז זי קערט זיך אום צו די אַנשויאונגען פון אַ פריערדיגען פעריאָד, וועלכע זיינען שוין איינמאָל אויפגעגעבען געוואָרען.

דאָגמאַטיזם איז אַ טערמין, וואָס ווערט אָנגעווענדט בנוגע צו דער שול פון דיינקער, וואָס שטיצען זיך מיט אַ פולשטענדיגען צוטרוי אויף די רעזולטאַטען פון חושים־פאַרשטעלונגען און פון שכל הישר און האַלטען, אַז די וועלט איז אין דער אמת'ן געבויט פונקט אַזוי ווי מיר זעהען זי, אָדער ווי מיר באַנעמען זי אין אונזער געדאַנק. דער נאַאיוועער, ניט איבערגעשפּיצטער מענש איז בכלל דאָגמאַטיש סאַי אין זיין מחשבה, סאַי אין זיינע מעשים. עס פעלט אים גאָר קיינמאָל ניט איין צו צווייפלען אין דער ריכטיגקייט פון זיינע ידיעות און נאָך וויינינגער פעלט אים איין צו ספק'ן זיך וועגען דער מעגליכקייט פון וויסען. די רעליגיע איז אויך דאָגמאַטיש. זי גלויבט באמונה שלמה אין דער אמת'דיגקייט פון אירע לערעס אפילו — אָדער גראָד דערמאָלט, — ווען זיי האָבען צו טאָן מיט ענינים פון דער איבער־חושים'דיגער וועלט, מיט ענינים, וואָס שליסען אוים יעדע מעגליכע דערפאַרונג. אבער אויך די פילאָסאָפיע איז אַ שטיק צייט פון איר אַנטוויקלונג געווען דאָגמאַטיש. פּלאַטאָן, וועלכער האָט געגלויבט, אַז דער עצם פון אַלע זאַכען באַשטייט פון אוממאַטעריעלע אידייעס, אָדער פּראָטאָטיפּען, איז ניט וויינינגער דאָגמאַטיש, ווי לעוקיפּ און דעמאָקריט (450 פ. קר.), וועלכע אַנערקענען בלויז די

## ווילהעלם יערוזאַלעם

ווירקליכקייט פון די מאַטעריעלע אַטאָמס און פון דעם פוסטען רוים. ד ע ק א ר ט (1596—1650), וועלכער הויבט אָן מיט ספקות און געפינט דערנאָך אויס, אַז זיין אייגענער באַוואוסטזיין איז אויסער יעדען ספק, איז ניט ווייניגער דאָגמאַטיש ווי די מאַטעריאַליסטען פון 18־טען און 19־טען יאָרהונדערטער, ווי ל אַ מ ע ט ר י , ה אָ ל ־ ב אַ ך, ק אַ ר ל פ אָ כ ט און ב י כ נ ע ר, וועלכע גלויבען בלויז אין דער ווירקליכקייט פון דער מאַטעריע און פון אירע אייגענ־שאַפטען און ענערגיעס.

דער ס ק ע פ ט י צ י ז ם איז אַ שיטה פון אַבסאָליוטען צווייפעל בנוגע צו דער מעגליכקייט צו וויסען וואָס עס איז. דער לאָגישער פּועל־יוצא פון אַזאַ שיטה פאָדערט פון דעם סקעפּטיקער, אַז ער זאָל זיך אָפּהאַלטען פון אַ וועלכער עס איז פּאָזיטיווער באַהויפּטונג. די דאָזיגע טענדענץ, וואָס האָט זיך אָנגעהויבען שוין מיט פּיררא, אין דעם 3־טען יאָרהונדערט פאַר קר., איז געקומען אַלס רעזולטאַט פון די ווידערשפּרוכען, וואָס האָבען עקזיסטירט צווישען די פאַרשיידענע פילאָסאָפישע שולען. די שיטה האָט געהאַט אַ סך אָנהייננגער און האָט געווירקט אפילו אין דעם שפּעטען רוימישען פּעריאָד. דער פּסיכאָ־לאָגישער יסוד פון אַ סיסטעמאַטישען צווייפעל איז דער פאַרלאַנג צו דערגרייכען אַ רוהיגען צושטאַנד פון שכל און פון דער נשמה. כדי אויסצומיידען די מעגליכקייט אַריינגעשלעפּט צו ווערען אין די שטענ־דיגע רייסערייען פון די פילאָסאָפישע שולען האָבען די דאָזיגע דיינקער זיך בעסער גאָר אינגאַנצען אָפּגעהאַלטען פון צו מאַכען וועלכע עס איז פּאָזיטיווע באַהויפּטונגען און זיי נוצען אויס אַלע מעגליכע המצאות, כדי צו דערווייזען, אַז דאָס איז דער איינציגער מעגליכער מעטאָד. צו אונז זיינען דערגאַנגען אַ סך ידיעות וועגען די אַרגומענטען פון די דאָזיגע דיינקער, אָבער מען קאָן פונדעסטוועגען ניט זאָגען, אַז זיי האָבען פיל ביינעשטייערט צו דער באַרייכערונג פון דעם מענשליכען געדאַנק. דאָס בעסטע, וואָס מען קאָן וועגען זיי זאָגען איז, אַז מיר קאָנען פון זיי לערנען די נויטיגקייט פון אָפּצוהאַלטען זיך פון אַן אויס־פיר אַזוי לאַנג ווי מיר האָבען ניט אַלע נויטיגע פאַקטען צו מאַכען אַ שלום. דער אַבסאָליוטער סקעפּטיציזם קאָן אָבער ניט זיין פולשטענ־דיג אויסגעהאַלטען. דער פילאָסאָפישער סקעפּטיקער איז געצוואונגען צו באַגיין זיך אין געוויינליכען לעבען פונקט ווי דער דאָגמאַטיקער.

דער פּאַרציייטיגער סקעפּטיציזם איז ווידער אַמאָל אויפגעלעבט

# פילאָסאָפיע

געוואָרעז אין 16־טעז און 17־טעז יאָרהונדערט דורך די פראַנצויזישע פילאָסאָפען מאָנטעין, שאַרראָן און פּיער בעיל, וועלכע האָבען ענערגיש באַקעמפט די מעגליכקייט צו דערווייזען די דאָגמען פון רעליגיע. פּיער בעיל האָט געהאַט א גרויסען איינפלוס אויף דעם 18־טען יאָרהונדערט דורך זיין באַרימטען ענציקלאָפּעדישען ווערטערבוך, וועלכער איז דורך און דורך דורכגעדרונגען מיט זיין סקעפּטיציזם. דאָס האָט צוגעגרייט דעם וועג פאַר דער אויפקלערונג און פאַר דעם מאַטעריאַליזם פון איין זייט, און פון דער אַנדער זייט פאַר דעם פילאָסאָפישען קריטיציזם. דער גרויסער ענגלישער דיינקער, דייוויד יוהם (1711—1776) ווערט בכלל אויך באַטראַכט אַלס א סקעפּטיקער, אָבער זיינע באמת עפּאָכענמאַכענדיגע אונטערזוכונגען וועגען די גרונט־באַגריפען פון דעם געדאַנק, וועלכע וועלען שפּעטער דערקלערט ווערען, ספּעציעל אויף וויפיל זיי האָבען א שייכות צו דער סובסטאַנץ און אורזאַכליכקייט, זיינען ניט קיין סקעפּטישע און באַלאַנגען אין דער אמת'ען צו דער שיטה פון קריטיציזם.

אין א געוויסען זינען איז די פילאָסאָפיע קריטיש שוין ביי איר סאַמע אָנהויב. אַזוי ווי זי נעמט זיך אונטער צו שאַפען א וועלט־טעאָריע דורך דעם בלויזען כח פון דיינקען, אומאָפּהיינגיג פון טראַדיציע, ליגט דעריבער דער קריטיציזם אין איר טבע. אין אַן איינגערען זינען אָבער ווערט אַלס קריטיציזם באַצייכענט בלויז די שיטה, וועלכע ווענדעט אַן א קריטישע מאָס ניט בלויז צו דער טראַדיציע, נאָר אויך צו איר אייגענער פעהיגקייט צו וויסען עפּעס אויף זיכער. אין דעם זינען גיט דער קריטיציזם ניט צו די גילטיגקייט פון קיין שום זאַך, איידער ער האָט עס פריער ניט אויסגעפּרובט. ער אונטערזוכט די מעגליכקייטען און די גרעניצען פון דעם מענשליכען וויסען. ער פאָרשט נאָך די אַנטשטייאונג און די אַנטוויקלונג פון אונזערע קענטענישען. ער זוכט צו אָנטפּלעקען אויף וויפיל די אַנטשטייאונג פון דער דערפאָרונג שטיצט זיך אויף סוביעקטיווע אָנגאָבען און אָנצוצייכענען די גרעניצען, אין וועלכע די מענשליכע אונטערזוכונג קאָן אָנגעווענדעט ווערען מיט א האָפנונג אויף ערפאָלג.

דעם אָנהויב פון קריטיציזם קאָן מען באַמערקען שוין אין דער פאָרצייטיגער פילאָסאָפיע. די לערע פון די עלעאַטען, וועלכע האָבען אָפּגעלייקענט, אַז מיר קאָנען דורך אונזערע חושים באַקומען

## ווילהעלם יערוזאַלעם

א ריכטיגען וויסען; די באַהויפּטונג פון דעמאָקריט'ען, אַז זיסקייט און ביטערקייט, היץ און קעלט און קאָלירען זיינען ניט די אמת'ע אייגענשאַפטען פון די זאַכען, נאָר בלויז סוביעקטיווע איינדריקען. — אַט די אַלע באַהויפּטונגען זיינען דורכגעדרונגען מיט אַן אויסגעשפּראָכענעם קריטישען גייסט. די נויטיגקייט אויסצופּרובען אונזער פעהיגקייט פון וויסען לאָזט זיך אין די מאָדערנע צייטען פילען אין די ווערק פון דזשאָהן לאָקקע, דזשאָרדזש בוירקלי און דייוויד יוהם. יוהמ'ס אונטערזוכונגען האָבען געמאַכט אַ טיפען רושם אויף עמאַנועל קאַנט'ן, וועלכער איז דער אמת'ער שאַפער און באַגרינדער פון דעם פילאָזאָפישען קריטיציזם.

קאַנט האָט אוממעגליך געמאַכט דאָס ווייטערדיגע אַנהאַלטען פון דעם דאָגמאַטישען שטאַנדפּונקט. ס'איז גאָר ניט נויטיג, אַז מיר זאָלען אין אַלצדינג און שטענדיג מסכים זיין מיט קאַנט'ן, אָבער מיר מוזען זיך אין יעדען פאַל רעכענען מיט אים. מיר זיינען געצוואונגען פריער צו ענטפערן אויף די קשיות, וואָס ער האָט געשטעלט איידער מיר גייען איבער צו אַ וועלכע עס איז פּאָזיטיווע באַהויפּטונגען. פּונקט ווי דאָס וויסענשאַפטליכע שטודירען פון געזעץ קאָן ניט אָנגיין אַנדערש, ווי לויט דער היסטאָרישער ריכטונג, זינט סאַוויני'ס צייטען, און פּונקט ווי די פאָרמען פון אָרגאַניזמען קאָנען ניט באַטראַכט ווערען אַנדערש ווי פון עוואָלוציאָנערען און ביאָלאָגישען שטאַנדפּונקט זינט דאַרווינ'ס ווערק, — פּונקט אַזוי איז נאָך קאַנט'ס צייט אוממעגליך געוואָרען צו פאַרנעמען זיך מיט פילאָזאָפיע אַנדערש ווי פון קריטישען שטאַנדפּונקט.

דער קריטיציזם רוקט אַרויס די שאלה וועגען וויסען אין פאָדערגרונט פון דער פילאָזאָפישער באַטראַכטונג, ווייל דאָס איז די גרינטליכסטע און וויכטיגסטע פון אַלע שאלות. מיר וועלען דעריבער טאַקע אָנהויבען מיט אַט דער פראַגע אונזער דערקלערונג וועגען די פילאָזאָפישע פּראָבלעמען.

### 17. די פּראָבלעמען פון וויסען.

וואָס פאַרשטייען מיר אונטער דעם טערמין וויסען אין דעם געוויינליכען זינען פון וואָרט? ווען איך זאָג וועגען אַ געוויסער פּערזאָן:

## פילאָסאָפיע

„איך קען אים, ער איז מיינער א באקאנטער", איז דאָס דאָסזעלביגע, ווי ווען איך זאָל זאָגען: „איך קאָן אייך אָנרופען מיט דעם מענשען. איך קאָן אייך דערציילען וועגען אים א סך זאכען, איך ווייס מיט וואָס ער באשעפטיגט זיך און קאָן זיך אפשר אויך דערמאָנען וועגען געשעפ־טען, וואָס איך האָב מיט אים געהאט". צו זאָגען, אז איך קען א געוויסען פלאנץ, מיינט: „איך קאָן באטאניש דעפינירען דעם דאָזיגען פלאנץ, אָנרופען זיין נאָמען און איך ווייס אויך דעם פלאץ, וואָס די וויסענשאפט האָט פאר אים באשטימט אין דער קלאסיפיקאציע פון די פלאנצען".

יעדע קענטעניש איז דעריבער אַן אינטעלעקטועלער וויסען וועגען א געוויסען אינהאלט, וועלכער איז פאר זיך פארשיידען פון דעם וויסען גופא. יעדע קענטעניש דריקט זיך, ווייטער, אויס אין דער פאָרם פון א געוויסען אורטייל. זייענדיג זיכער, אז ער ווייסט וואָס ער רעדט, איז ער דעריבער אין דערזעלביגער צייט איבערצייגט, אז די זאך אָדער די דערשיינונג, וועגען וועלכער ער ווייסט, עקזיסטירט אין דער ווירקליכקייט און איז אין דער אמת'ען דאָס, וואָס עס זעהט אויס צו זיין, אומאָפּהיינגיג פון דעם פאקט, צי ער ווייס עפּעס וועגען אים אָדער ניט. פון דעם איז געדרונגען, אז כדי צו וויסען עפּעס, ווייניג־סטענס אין דעם געוויינטליכען זינען פון וואָרט, מוז מען האָבען א געוויסען אָביעקט, וואָס עקזיסטירט אומאָפּהיינגיג און דערביי באַזונ־דער פון דעם וויסענדיגען סוביעקט.

די וויסענשאפטליכע באדייטונג פון וויסען עפּעס אונטערשיידט זיך בעצם ווייניג פון דעם געוויינליכען געברויך פון דעם וואָרט. זיי ברייגנגט בלויז קלארער ארויס דעם פאקט, אַז דער וויסען איז גע־בויט ניט בלויז אויף דער חושים'דיגער פארשטעלונג, און אַז דער שכל'דיגער באנעמען פון דעם ענין איז אויך א וויכטיגער טייל פון דעם פראָצעס. די וויסענשאפטליכע אונטערזוכונג באטראכט אויך די אומאָפּהיינגיגע עקזיסטענץ פון דעם אָביעקט, וועגען וועלכען מיר ווילען עפּעס וויסען, אלס א זעלבסטפארשטענדליכע זאך.

א גרינדליכער פסיכאלאגישער אנאליז פון דער חושים'דיגער פארשטעלונג און פון דעם אקט פון אורטיילען צייגט אונז, אז דער אָביעקט אָדער פראָצעס פון וויסען איז גאָר ניט אַזאַ פּשוט'ער ענין. דער געוויינליכער מענש באטראכט אונזערע אידייעס און אורטיילען פּשוט אלס קאפּיעס פון די פארטראטענע און באאורטיילטע פּראָצעסען.

## ווילהעלם יערוזאַלעם

ווען מיר טראַכטען זיך אבער טיפער אריין אין דעם ענין ווערט תיכף קלאָר, אַז די דאַזיגע פאָרשטעלונג איז אַ ניט ריכטיגע און אפילו אַן אוממעגליכע. אונזערע אידייעס און אורטיילען, וועלכע זיינען בלויז פסיכאָלאָגישע פּראַצעסען, וואָס קומען ניט פון די געוויינליכע מאַטעריעלע חושים, קאָנען ניט זיין קיין קאָפּיעס פון זאַכען, וואָס ווערען באַנומען פון די חושים. אונזערע אידייעס און אורטיילען זיינען אַלזאָ ניט קיין קאָפּיעס; און זיי קאָנען העכסטענס באַטראַכט ווערען אַלס סימבאָלען פון פּראַצעסען, וואָס קומען פאָר אומאָפּהייִנגיג פון אונז גופא. די פראַגע איז אַלזאָ, צי קאָן מען אָננעמען, אַז יעדע ענדערונג פון די סימבאָלען, דאָס הייסט פון אונזער אידייע און אורטייל, באַדייט אויך אַן ענדערונג פון דעם, וואָס ווערט סימבאָליזירט, — דאָס הייסט פון דער אביעקטיווער ווירקליכקייט. דער פאַקט, וואָס אונזערע אידייעס און אורטיילען ווערען בשום אופן ניט איינגאַנצען באַשטימט דורך אונזער סביבה, מאַכט שווער צו ענטפערן אויף דער פראַגע. די פסיכאָלאָגיע פון דיינקען און אורטיילען ווייזט אונז מיט אַ וואַקסענדיגער קלאָרקייט, אַז אונזער אייגענע נאַטור, אונזער אייגענע אָרגאַניזאַציע, סײַ די פיזישע און סײַ די פסיכישע, באַטייליגען זיך אין דער אויסבילדונג פון אידייעס און אורטיילען. ווען מיר געפינען זיך אין אַ פיבער־צושטאַנד זעהען מיר פאָרמען, וועלכע האָבען ניט קיין שום אַנטשפּרעכענדיגען אביעקט, און אונזער כח הדמיון בויט נייע פאָרמען פון די עלעמענטען, וואָס מיר האָבען פריער באַמערקט און וואָס זיינען אין דער אמת'ען גאָר ניטאָ אין דער אביעקטיווער וועלט. ווער זשע קאָן אונז אין יעדען באַזונדערען פאַל אָנצייגען, צי אונזערע פאָרשטעלונגען זיינען טאַקע ניט מער ווי האַלוצינאַציעס און חלומות? ווער קאָן פאַר אונז באַשליסען אין וואָס פאַר אַ גראַד די עלעמענטען פון פאַנטאַזיע האָבען זיך אריינגעשלייכט אין אונזערע זכרון־בילדער? אפשר זיינען אַלע אונזערע אַזוי גערופענע ידיעות טאַקע ניט מער ווי אונזערע אייגענע סוביעקטיווע דערפאַרונגען און בעת מיר האָבען דאָס רעכט צו ריידען וועגען ענדערונגען אין די צושטאַנדען פון אונזער באַוואוסטזיין און וועגען דעם אינהאַלט פון באַוואוסטזיין, האָבען מיר אפשר גאָר קיין רעכט ניט צו זאָגען וואָס עס איז וועגען די פּראַצעסען, וואָס קומען פאָר אויסער און אומאָפּהייִנגיג פון אונז? דאָס זיינען די פראַגען, פון וועלכע עס שטאַמען די פסיכאָלאָגישע פּראָבלעמען פון וויסען און אויסדרייען זיך פון זיי אַ לאַנגע צייט איז ניט מעגליך.

אין קירצען קאנען מיר אנרופען די דאזיגע פראבלעמען: די באטראכטונג וועגען דער מעגליכקייט און וועגען די גרעניצען פון דעם מענשליכען וויסען. דאס איז די פראבלעם, וואס רופט ארויס די קריטיק פון דעם וויסען, — און דאס איז דער שווערסטער, אבער אין דערזעלביגער צייט אויך דער וויכטיגסטער ענין אין דער גאנצער טעארעטישער פילאסאפיע.

די פראגע מכוח דער אנטשטייאונג און דער אנטוויקלונג פון דעם מענשליכען וויסען איז באמת ניט ווייניגער וויכטיג. די ערשטע אויפ־גאבע דערביי איז צו באשטימען די געהעריגע בייטראגען פון די חושים און פון דעם שכל צו דער אנטשטייאונג פון דעם מענשליכען וויסען. באקומען מיר דאס וועלט־בילד בלויז דורך אונזערע חושים? קאן מען בלויז דורך דעם פארשטאנד באנעמען די אמת'ע נאטור פון זאכען? אדער איז דער וויסען א רעזולטאט פון צוזאמענארבייטען פון ערשט־גראדיגע, צווייט־גראדיגע און דריט־גראדיגע פסיכישע דער־שיינונגען? ס'איז אויך נויטיג צו באשטימען וואס די דערשיינונגען פון פילען און וועלען גיבען צו ביים אויספארשען די באדייטונג פון דער שפראך אין דער אנטוויקלונג פון אונזער וויסען. די באהאנדלונג פון די דאזיגע ענינים שטעלט מיט זיך פאר דעם עצם ענין פון דער טעאריע פון וויסען (דערקענטניס־טעאריע).

### 18. די אנטוויקלונג און די שולעם פון קריטיציזם פון וויסען.

די וואס טראכטען ניט איבער — און דאס זיינען דאך די מערהייט פון די איצטיגע מענשען, — נעמען געוויינליך אן פאר זיכער, אז די אביעקטען פון זייער סביבה עקזיסטירען אומאפהיינגיג און זיינען פונקט אזעלכע, ווי זיי דערשיינען פאר אונז. דער דאזיגער בליק, וועלכער איז ניט נאר פאר־פילאסאפיש, נאר אויך פאר־וויסענשאפט־ליך; די דאזיגע טענדענץ, וואס שטאמט נאך פון דער צייט, ווען מענשען פלעגען גארניט איבערטראכטען וועגען זייער דיינקען, און וואס הערשט נאך ביז איצט צווישען די מאסען, רופט זיך נאיווער רעאליזם. דאס איז רעאליזם, ווייל אויף דער דאזיגער מדרגה פון געדאנק באטראכט דער מענש די אביעקטיווע וועלט, וועלכע ער באנעמט און וועגען וועלכע ער מאכט זיך א געוויסע פארשטעלונג.

# ווילהעלם יערוזאלעם

אלס א וועלט וואס עקזיסטירט אומאפהיינגיג, דאס הייסט א רעאלע וועלט. און עס איז א נ א י ו ו ע ר רעאליזם, ווייל ער ווערט ניט געשטעלט אויף דעם פּרואוושטיין פון קריטישען איבערטראכטען. ער ווערט פשוט פאַרויס אָנגענומען אלס א זעלבסטפארשטענדליכער תנאי פאר די מחשבות און מעשים, — פשוט דערפאר, ווייל מיר ווייסען ניט וועגען קיין בעסערען מעטאָד. אבער ווען דאס איבערטראַכטען הויבט זיך אן, קאן זיך שוין דער שטאנדפונקט פון נאיווען רעאליזם לאנג ניט איינהאלטען. אפילו אזעלכע געוויינליכע פארבלענדענישען פון אונזערע חושים, וואס קומען פאר אויף יעדען טריט און שריט, מוזען שוין אויך צוטרייסלען אונזער צוטרוי אין דער אומצווייפעלהאפ־טער זיכערקייט פון אונזערע אויספירען אויף'ן גרונט פון די חושים. שוין אויף אונזערע ערשטע שריט שטויסען מיר זיך אן אויף אזעלכע דערפארונגען, למשל: א גלייכער שטעקען, וואס איז אראפּגעלאזען געווארען אין וואסער, זעהט אויס, ווי א צעבראכענער, כאטש דאס איז דאך אין דער אמת'ען ניט אזוי, — און זאכען, וואס מען באטראכט פון דער ווייטענס זיינען אין דער ווירקליכקייט גרעסער, ווי זיי זעהען אויס. אזעלכע דערשיינונגען צעטרייסלען אונזער צוטרוי אין דער ווארהאפטיגקייט פון אונזערע חושים און דאס פילאסאפישע איבער־טראכטען הויבט אן זוכען אנדערע, מער זיכערע קוואלען פון וויסען. ס'איז גרינג צו פארשטיין, אז דערפון קאן מען אמאל לייכט איבערגיין צו א צווייטען עקסטרעם און צושרייבען צו ווייניג באנעמונג־פעהיגקייט אונזערע חושים און צופיל — אונזער שכל. אבער איין זאך איז יעדענ־פאלס זיכער, נעמליך, אז אין דער אויסבילדונג פון אונזער וועלט־פארשטעלונג באטייליגען זיך צוויי אין גרונט פארשיידענע פאקטארען. איינער געפינט זיך אויסער אונז, איז זעלבסט־אקטיוו, אומאפהייגניג און אפשר אויך באשטענדיג, — דאס איז דער אביעקטיווער פאקטאר (די אויסערליכע וועלט); דער אנדער פאקטאר איז אונזער „איך". אונזערע חושים, געדאנקען און געפילען. דער דאזיגער פאקטאר, וואס זיין נאטור איז אן איבערגאנגליכע און א פארענדערליכע, איז דער סוביעקטיווער פאקטאר. דער נאיווער רעאליזם באטראכט די וועלט, וואס מיר באמערקען און קענען, אלס א פולשטענדיג אביעקטיווע. דער סוביעקטיווער פאקטאר עקזיסטירט נאך גאר ניט פאר אים. אבער ווי נאר דער סוביעקטיווער פאקטאר ווערט אנערקענט, טרעטען מיר אריין אין דעם געביט פון קריטיציזם פון אונזער וויסען.

## פילאָסאָפיע

די עוואָלוציע פון קריטיציזם קומט פאָר אויף אַזא אופן, אַז קודם כל ווערען איינינגע חושים'דיגע איינדרוקען, ווי געשמאַק, היץ, קאָליר אנערקענט אַלס ריין סוביעקטיווע פאָרשטעלונגען. דער איינדרוק פון דעם טאַפּ־חוש האַלט איין זיין גילטיגקייט אַ פיל לענגערע צייט. ערשט גאָר די לעצטע צייט האָט מען אַנטדעקט, אַז האַרטקייט און ווייכקייט, קיילעכדיגקייט און שפּיצעביגקייט געהערען צו דעמזועלביגען מין ווי דער ריח, קלאַנג און קאָליר, — דאָס הייסט, אַז אויך זיי מוזען באַהאַנדעלט ווערען אויפ'ן זעלביגען קריטישען אופן.

דער סוביעקטיווער פאַקטאָר איז אויך גענומען געוואָרען אין אַכט אין די רעזולטאַטען פון דעם אַבסטראַקטען דיינקען אין פיל שפּעטערע צייטען, כאָטש די סברות פון דעם חקירה'דיגען געדאַנק זיינען שוין לאַנג אנערקענט געוואָרען אַלס אָביעקטיוו גילטיגע. און אין דעם פּרט האָט ק אַ נ ט אויפגעטאָן מער ווי ווער עס איז אַנדערש, ווען ער האָט גענומען פרעגען שאלות וועגען די פאָרמען פון פאָרשטיין, וואָס בלויז דורך זיי באַקומען מיר אונזער דערפאַרונג. דער פאַקט, אַז מיר באַנעמען קאָמפּלעקסען פון איינדרוקען אַלס אומאָפּהייגגיגע, באַשטייענדיגע זאַכען, און וואָס מיר שרייבען צו אַן אורזאַכליכע פאַרבינדונג די דערשייננגען, וואָס קומען געוויינליך איינע נאָך דער צווייטער, — דאָס אַלץ און נאָך פיל אַנדערע פאַקטען פאַררעכענט ק אַ נ ט אויפ'ן חשבון פון די אינווייניגסטע אייגענשאַפטען פון אונזער פאַרשטאַנד. מיט דער הילף פון די גרונט־פאָרמען אָדער ק אַ ט ע ג אָ ר י ע ס קאָנען מיר איבערגיסען אונזערע אָביעקטיווע איינדרוקען, וואָס זיינען פאַר זיך אַליין גאַנץ כאַאָטיש, אין אַ פעסטער דערפאַרונג. דאָס איז דער איינציגער מיטעל, דורך וועלכען די דערפאַרונג ווערט מעגליך. אַלצדינג, וואָס מיר קאָנען זיך דערוויסען אין אונזער וועלט־טעאָריע, ווערט דעריבער פריער פון אַלץ באַשטימט דורך די עצם־פאָרמען פון באַגרייפליכקייט, דורך צייט און רוים און דאַן אויך דורך די קאַטעגאָריעס פון פאַרשטאַנד. דעריבער קאָנען מיר באַגרייפען און באַנעמען דורך אונזער דערפאַרונג בלויז דעם סוביעקטיווען פאַקטאָר. דאָס וואָס בלייבט, נאָכדעם ווי מיר שיידען אויס דעם סוביעקטיווען פאַקטאָר פון דער דערפאַרונג איז „די זאַך אין זיך", וועלכע קאָן אבסאָליוט ניט באַגריפען ווערען. לויט ק אַ נ ט'ס מיינונג איז די עקזיסטענץ פון דער „זאַך אין זיך" אַלס אַ ריינע אָביעקטיווקייט און אָהן שום אָפּהייגגיגקייט פון אונז אַן אבסאָליוט

זיכערער פאַקט, — אָבער מיט דעם מוז זיך אונזער זיכערקייט באַגרע־ניצען. דער אָביעקטיווער פאַקטאָר עקזיסטירט, הייסט עס, אין דער ווירקליכקייט, אָבער ער איז דורכאויס אומבאַגרייפליך.

אָבער די דאָזיגע עקזיסטענץ פון דער „זאַך אין זיך“, אין וועלכער קאַנט איז געווען זיכער, ווערט אויך אָפּגעלייקענט דורך די מאָדערנע דיינקער, אַלס אַ דורכאויס אומבאַווייזליכע און, הייסט עס, אויך אומ־דיינקליכע זאַך. די דאָזיגע דיינקער האַלטען, אַז אפילו די עקזיסטענץ גופא איז אויך בלויז אַ קאַטעגאָריע פון פאַרשטאַנד. אויף אַזאַ אופן דערגייען זיי להיפוך צום נאַיווען רעאַליזם צו אַ וועלט־טעאָריע, וואָס לייקענט אָפּ יעדען סמן פון אָביעקטיווער ווירקליכקייט.

די זאַכען, וועלכע מיר באַנעמען און באַגרייפען וועגען דער אָביעקט־טיווער (אויסערליכער) וועלט, פונקט אַזוי ווי די לערעם פון דער וויסענ־שאַפט זיינען אַלזאָ ניט מער, ווי דער אינהאַלט פון אונזער באַוואוסט־זיין. אויב מיר באַזייטיגען דעם באַוואוסטזיין פאַרשווינדט איינ־איינעם מיט אים זיין גאַנצער אינהאַלט, דאָס הייסט עס ווערט אָפּ־געווישט די גאַנצע וועלט. הימעל און ערד, יבשה און ים, בערג און טאָלען זיינען בלויז אונזערע פאַרשטעלונגען. ווער עס באַהויפּטעט, אַז ס'איז דאָ אַן אָביעקטיווע וועלט, וואָס איז אומאָפּהייניגיג פון אונזער באַוואוסטזיין, באַהויפּטעט זאַכען, וואָס זיינען ווידערשפּרוכ־ליך און ניט קאָנטראָלירבאַר.

די דאָזיגע שיטה, וואָס איז אַ דירעקטער אַנטיטעזיס פון דעם נאַיווען רעאַליזם, איז בכלל באַקאַנט אונטער'ן נאָמען אידעאַ־ליזם. לויט אַט דער טעאָריע איז די וועלט ניט מער ווי דער אינ־האַלט פון אונזער באַוואוסטזיין, אָבער אונזער וויסען וועגען איר גייט ניט ווייטער ווי דער אינהאַלט פון אונזער באַוואוסטזיין. דער אידעאַליזם דריקט זיך אויס אין פאַרשיידענע פאָרמען, און די וויכטיגסטע פון זיי וועלען מיר דאָ אָנווייזען. מיר מוזען זיך אָבער פריער באַקענען מיט דער אָנגענומענער טערמינאָלאָגיע.

דער טערמין אימאַנענט ווערט אָנגעווענדעט צו אַלץ, וואָס ווערט איבערגעגעבען אַלס דער אינהאַלט פון באַוואוסטזיין אָדער וואָס ווערט באַטראַכט אַלס עטוואָס וואָס עקזיסטירט ניט אויסער דעם באַוואוסטזיין. אַלץ, וואָס געפינט זיך אויסער די גרעניצען פון באַ־וואוסטזיין און איז אומאָפּהייניגיג פון אים ווערט גערופען טראַנס־

צענדענט, אָדער אויסער־שכל׳דיג. דער שטרייננגער אידעאַליסט גלויבט אַלזאָ בלויז אין אַן אימאַנענטער וועלט און לייקענט אָפּ די עקזיסטענץ פון אַ טראַנסצענדענטער וועלט, וואָס עקזיסטירט אויסער אונזער באַוואוסטזיין.

דער טערמין טראַנסצענדענטאַל, קאַנט׳ס באַליבטער באַגריף, האָט אַ גאַנץ אַנדער באַדייטונג, ווי דער טערמין טראַנסצענדענט. קאַנט ווענדט אָן דעם טערמין „טראַנסצענדענטאַל" צו יעדער זאַך, וואָס איז אומאָפּהענגיג פון דערפאַרונג, וואָס עקזיסטירט פאַר יעדער דערפאַרונג, דאָס הייסט, וואָס איז „אַ פּריאָרי" (פריער פאַר אַלץ) דערוויזען און זיכער. דעריבער באַהויפּטעט קאַנט׳ס טראַנסצענדענטאַלער אידעאַליזם, אַז עס זיינען דאָ געוויסע תחילת׳דיגע פאָרמען פון באַגרייפליכקייט און פון פאַרשטאַנד, וואָס קומען ניט פון דער דערפאַרונג, נאָר עקזיסטירען פאַר יעדער דערפאַרונג, און אַז זיי זיינען עס גאָר די, וואָס מאַכען איבערהויפּט מעגליך די דערפאַרונג דורך דעם אויסבילדען פון דער זאַך־אין־זיך, וואָס שפּיגעלט זיך אָפּ אין זיי. די דאָזיגע טעאָריע פאַרבלייבט נאָך דעריבער אַלץ אַ מין רעאַליזם אויף אַזוי פיל, אויף וויפיל זי גיט צו, אַז ס׳עקזיסטירט אַן אומאָפּהענגיגע, אויסער־שכל׳דיגע אָדער טראַנסצענדענטע זאַך־אין־זיך. לויט אָט דער טעאָריע איז אונזער וויסען באַגרעניצט דורך דער דערשיינונג אָדער פענאָמען. דעריבער ווערט די דאָזיגע טעאָריע באַצייכענט אַלס פענאָמענאַליזם.

פון דער אַנדער זייט האַלט דער אימאַנענטער אידעאַליזם, — וועלכער איז די לעצטע צייט באַצייכענט געוואָרען אויך אַלס די אימאַנענטע פילאָסאָפיע, — אַז די עקזיסטענץ פון אַן אָביעקטיווער וועלט ווערט אויסגעשעפּט שוין אין דער באַהויפּטונג, אַז זי איז דער אינהאַלט פון דעם מענשליכען באַוואוסטזיין. דערמיט פאַרשפּאַרט מען צו צוגעבען, אַז ס׳עקזיסטירט אין דער ווירקליכקייט עפּעס טראַנסצענדענטעס, עפּעס וואָס איז אויסער אונזער באַוואוסטזיין. די דאָזיגע אידעאַליסטען האַלטען דעריבער, אַז ווער עס גיט צו, אַז ס׳עקזיסטירט אַ וועלט, וואָס היינגט ניט אָפּ פון אונזער באַוואוסטזיין, באַהויפּטעט דערמיט אָהן שום גרונט די עקזיסטענץ פון אַ טאָפּעלטער וועלט.

די דאָזיגע וועלט־טעאָריע, וואָס פאַרלאַנגט פּאַקטיש, אַז דער דיינקער זאָל אַנערקענען די ווירקליכקייט בלויז פון זיין אייגענעם איך

און פון דעם אינהאַלט פון זיין באַוואוסטזיין, ווערט גערופען ס אַ ־ ל י פּ ס י ז ם (פון די צוויי לאַטיינישע ווערטער: ס אַ ל י ם — אַליין, א י פּ ס ע — איך).

די אזוי גערופענע נ ע אָ ־ ק אַ נ ט ו אַ נ ע ר, ווי ש ו פּ פּ ע ר י י מ ק ע, ל ע ק ל ע י ר, ש ו ב ע ר ט ־ ס אַ ל ד ע ר ן און אַנדערע פאַרטרעטען דעם דאָזיגען שטריינג־אידעאַליסטישען שטאַנד־פּונקט.

דער אַזוי גערופענער פּ אָ ז י ט י ו ו י ז ם פון אונזערע צייטען איז אַן אַנדער טעאָריע, וואָס איז איינג פאַרבונדען מיט דעם פענאָ־מענאַליזם. די דאָזיגע טעאָריע לערנט אונז, אַז די וויסענשאַפט דאַרף זיך באַגרעניצען בלויז מיט דער אונטערזוכונג פון דער איינאַרטיגקייט פון די דערשיינונגען מיט דעם איינציגען צוועק צו דערוויסען זיך ווי צו רעגולירען די פּאַסירונגען, ניט זאָרגענדיג וועגען די יסודות פון „זיין", וועלכע מוזען אויף שטענדיג פאַרבלייבען אומבאַגרייפליך. דער פראַנצויז אַ ג י ו ס ט ק אָ מ ט (1798—1857) איז געווען דער גרינדער פון דער דאָזיגער שיטה. ד ז ש אַ ה ן ס ט י ו אַ ר ט מ י ל ל אין ענגלאַנד און ע ר נ ס ט ל אַ אַ ס אין דייטשלאַנד זיינען אין א געוויסען זינען ק אָ מ ט ׳ ס תלמידים.

אלס היפּוך צו די דאָזיגע אידעאַליסטישע ריכטונגען האָט זיך דער רעאַליזם ווידער אמאָל אָנגעהויבען באַפעסטיגען. יעדער וויסענשאַפט־ליכער דיינקער מוז באמת צוגעבען די אינהאַלטלאָזיגקייט פון דעם נאַיוועז רעאַליזם. אָבער אפילו ווען מען גיט צו די באַדייטונג פון דעם סוביעקטיווען פאַקטאָר אין דער וועלט־טעאָריע, בלייבט דאָך נאָך אַלץ א גאַנץ היפּשער אָביעקטיווער רעשט, מיט וועלכען מען מוז זיך רעכע־נען. און וואָס דער אידעאַליזם זאָל ניט זאָגען איז די עקזיסטענץ פון אַן אָביעקטיווער וועלט, וואָס ווירקט אויף אונז און היינגט אין דערזעלביגער צייט ניט אָפּ פון אונז, פאַרט א פאַקט, וואָס קאָן דערוויזען ווערען און איז יעדענפאַלס א באַהויפּטונג, וואָס באַפרידיגט אמבעסטען דעם שכל־הישר און דעם פילאָסאָפישען געדאַנק. די דאָזיגע קריטישע ריכטונג ווערט גערופען „ ק ר י ט י ש ע ר ר ע אַ ל י ז ם " .

מיר וועלען נאָך שפּעטער האָבען א געלעגענהייט צו באַטראַכטען די פאַרשיידענע ריכטונגען פון קריטישען רעאַליזם. ווען מיר וועלען איבערגיין צו דער דערקלערונג פון דער פּראָבלעם פון דער אַנטשטייז־

אונג פון וויסען. דערוויייל אָבער מוזען מיר זיך באַקענען מיט די אַרגומענטען פון דעם אידעאַליזם און אונטערזוכען זייער גילטיגקייט.

### 19. דער קריטישער אידעאַליזם.

די באַהויפּטונג, אַז די וועלט, וואָס איך זעה אַרום זיך, איז בלויז מיין פאָרשטעלונג און אַז אַלץ, וואָס איך באַנעם מיט מיין געפיל אָדער געדאַנק, באַלאַנגט באמת ניט צו דער אָביעקטיווער וועלט, נאָר קאָן בלויז באַטראַכט ווערען אַלס דער אינהאַלט פון מיין באַוואוסט־זיין, — די דאָזיגע באַהויפּטונג קלינגט זעהר מאָדנע פאַר אַ ניט־געשולטען געדאַנק. ווייל אין דער אמת'ען איז דאָך אונזער גאַנצע פּראַקטישע וועלט־טעאָריע געבויט אויף דער הנחה, אָדער גיכער אויף דער זעלבסטפאַרשטענדליכקייט, אַז אַלץ וואָס איך זעה און באַנעם עקזיסטירט אין דער ווירקליכקייט, און עקזיסטירט אויך דעמאָלט, ווען איך באַנעם עס שוין מער ניט.

די טעאָריע וועגען דער אויסערליכער וועלט אַלס פאָרשטעלונג ווערט עטוואָס פאַרשטענדליכער, ווען מיר באַקענען זיך מיט איר היסטאָרישער אַנטוויקלונג. מיר פאַרשטייען, אַז אונזער פיזישער און פּסיכישער אָרגאַניזם איז ניט בלויז אַן אויפנעמער פון דעם פּראָ־צעס, וואָס שאַפט אונזער וועלט־בילד. דאָס דאָזיגע וועלט־בילד איז גיכער אַ פּראָדוקט פון די אָפּרופונגען פון דעם אָרגאַניזם אויף אָביעקטיווע ווירקונגען, — דאָס הייסט פון זיין אייגענער טעטיגקייט. ס'איז דעריבער קלאָר, אַז מיר אַליין, דאָס הייסט אונזער אָרגאַניזם, מיט זיין פיזישען און פּסיכישען צוזאַמענשטעל גיבען פיל צו צו אונזער דערפאַרונג. אַ ביסעל איבונג אין דעם פּסיכאָלאָגישען אַנאַליז וועט עס אונז מאַכען קלאָרער און אונז העלפען בעסער צו פאַרשטיין די פּרטים דערפון.

איך באַטראַכט, למשל, דעם טיש, ביי וועלכען איך אַרבייט איצט. לויט דעם נאַאיוו־רעאַליסטישען קוק איז דאָס אַ פירעקיגע שטיק האָלץ, אָפּגעפאַרבט אין ברוין, וואָס שטייט אויף פיר פיס. אויב אָבער איך וועל גענויער באַטראַכטען די איינצעלנע עלעמענטען פון מיין עמפּפינ־דונג געפין איך אויס, אַז ערשטענס עקזיסטירט דער קאָליר בלויז אַלס מיין איינדרוק; די פאָרם פון דעם טיש דרינגט אריין אין מיין באַוואוסטזיין דורך אַ רייע רעטינישע און מוסקעלדיגע איינדרוקען פון אויג, און זיין האַרטקייט און גלאַטקייט, ווען מיר טראַכטען זיך

##ווילהעלם יערוזאַלעם

אין דעם טיפער אַריין, זיינען בלויז טאָפּ־אייגענשאַפטען. הייסט עס, אַז דער טיש, וועלכער איז פון אָנהויב פאַר מיר געווען אינגאַנצען אַן אָביעקטיווע זאַך, איז שוין איצט געוואָרען אַ סכום פון סוביעקטיווע איינדרוק־אייגענשאַפטען. עס בלייבט נאָך אָבער אַלץ די פראַגע, אויף וויפיל דער דאָזיגער סכום דערשיינט פאַר מיר אַלס אַן איינהייט, אַלס אַן אָביעקט, וואָס זייערע סמנים זיינען די איינדרוק־אייגענשאַפטען, וועגען וועלכע מיר האָבען ערשט גערעדט. אויב איך וואָלט זיך שטעלען די פראַגע, וואָס וועט בלייבען פון דעם טיש, ווען איך וועל אבסטראהירען פון מיין פאַרשטעלונג וועגען אים דעם קאָליר, די פאָרם, די האַרטקייט און די גלאַטקייט, בלייבט פאַר מיר אַ מין רעטעניש, אויף וועלכער ס'איז שווער צו געבען אַן ענטפער. אויב ביי מיר בלייבט דעמאָלט, אַז דאָס דאָזיגע פאַרבינדען פון די חושים'דיגע באַגריפען אין איינהייטליכע זאַכען איז אַ טייל פון דער פסיכישער אָרגאַניזאַציע פון דעם מענשען, דעמאָלט, שיינט עס, מוז דער גאַנצער טיש ביי מיר פאַרוואַנדעלט ווערען אין אַ בלויזער פאַרשטעלונג, אין אַן אינהאַלט פון מיין באַוואוסטזיין, אין עטוואָס, וועגען וואָס איך האָב קיין גרונט ניט צו באַהויפּטען, אַז עס עקזיסטירט אומאָפּהייננגיג פון מיין באַוואוסטזיין.

אויף דעמזעלביגען אופן קאָן איך דערווייזען, אַז יעדער אָביעקט פון מיין סביבה איז בלויז אַ קאָמפּלעקס פון איינדרוקען, וואָס זיין קאָמבינירונג הייננגט אָפּ פון אַ באַשטימטער אָרגאַניזאַציע פון מיין איך.

אייב עמיצער זאָל זיך וועלען באַנוצען מיט די פיזישע אנטדע־קונגען, כדי צו מאכען אַ חלוק צווישען דעם סוביעקטיווען און אָביעק־טיווען, וועט עס אים ווייניג העלפען אנטקעגען אַ ריין אידעאַליסטי־שער באַאָבאַכטונג. ער קאָן אָנווייזען, אַז דאָס וואָס מיר באַנעמען אַלס ליכט איז אין דער אמת'ען בלויז אַ מין ציטערען פון עטהער, און דאָס וואָס אונז ווייזט זיך אויס אַלס אַ קלאַנג איז ניט מער ווי אַ באַ־וועגונג פון דער לופט. די קאָלירען און קלאַנגען זיינען טאַקע סו־ביעקטיווע איינדרוקען, אָבער די דאָזיגע באַוועגונגען פון דער לופט און פון עטהער, וואָס די פיזיקער האָבען אנטדעקט אלס די אָביעקטיווע סבות פון די דאָזיגע איינדרוקען, עקזיסטירען אומאָפּהייננגיג פון מיין אויג און אויער. דערויף קאָן אָבער דער אידעאַליסט ענטפערן: נאָך אַלעמען בלייבען דאָך די דאָזיגע לופט־באַוועגונגען בלויז באַוועגונגען.

# פילאסאפיע

וואס מיר באנעמען מיט אונזער געדאנק איז וואס קאנען אונטער גינסטיגע אומשטענדען באנומען ווערען פון אונזערע חושים. דער סוביעקטיווער פאקטאר ווערט דורך דעם אלזא ניט באזייטיגט. אפילו די דאזיגע „אביעקטיווע“ סבות פון אונזערע איינדרוקען פארבלייבען דאך אלץ דער אינהאלט פון אונזער באוואוסטזיין.

אבער ווען מיר הויבען אן באטראכטען דעם אורזאכליכען כאראקטער פון די דאזיגע באוועגונגען ווערט די לאגע א גאנץ פארפלאנטערטע. דאס אויג און דער אויער שיינען צו זיין חוש־ארגאנען, וואס נעמען אויף איינדרוקען פון דערווייטענס. ווי נאר מיר באנעמען די איינדרוקען פון די געהעריגע חושים אלס רעזולטאטען פון וויבראציעס, וואס דערגרייכען דעם ארגאן און שאפען דארטען, דורך א מין בארירונג, דעם איינדרוק, באקומען זיי דעם כאראקטער פון פשוט'ע בארירונג־איינדרוקען. אונזער אויג און אויער ווערען אויף אזא אופן בארירונג־ארגאנען, וועלכע שיינען בלויז צו באנעמען איינדרוקען פון דער ווייטענס, אבער אין דער ווירקליכקייט ווערען זיי, פונקט ווי אונזער הויט, באווירקט בלויז דורך א דירעקטער בארירונג. אבער דער בארירונג־חוש איז א לאנגע צייט באטראכט געווארען אלס דער זיכערסטער חוש, ווייל ער האט צו טאן דירעקט מיט די אביעקטען גופא. און אזוי באטראכט מען אים נאך איצט אויך אין א גרויסער מאס. דער אידעאליזם איז דעריבער פולשטענדיג בארעכטיגט צו זאגען, אז די איינדרוקען פון בארירונג האבען דעמזעלביגען סוביעקטיווען כאראקטער, ווי די איינדרוקען פון די אנדערע חושים.

עס שיינט דעריבער, אז עס איז אבסאליוט אוממעגליך אויסצושליסען דעם סוביעקטיווען פאקטאר פון אונזערע עמפפינדונגען. אפילו דארט וואו עס זעהט אויס צו זיין מעגליך אפצושיידען די אביעקטיווע סבות פון די סוביעקטיווע רעזולטאטען שטעלט זיך אבער שטענדיג ארויס, אז אט די אביעקטיווע סבות ווערען סוף כל סוף אויך דער אינהאלט פון אונזער באוואוסטזיין.

דער שטרייגנער אידעאליזם האט באקומען א גרויסע אונטערשטיצונג אין דער פיזיאלאגיע פון די חושים. יאהאננעס מילער האט אין זיינע גוט באקאנטע געזעצען פון די ספעציפישע ענערגיעס פון די חושים באוויזען דעם אלגעמיינעם פאקט, אז אונטער וואס פאר א ווירקונגען

אונזערע חושים־נערוועז זאלען זיך ניט געפינען, רעאגירען זיי אבער שטענדיג אויף איינעם און דעמזעלביגען אופן.

אויב, צום ביישפיל, דער אפטישער נערוו פון אויג ווערט באווירקט דורך אן עלעקטרישען שטראם באקומען מיר קאליר איינדרוקען, פונקט ווי ווען מיר וואלטען געזעהן פאר זיך ליכט. אויפ׳ן יסוד פון אט דעם געזעץ איז אלזא גאר ניט זיכער צי די סבה פון אונזערע איינדרוקען איז עטוואס וואס עקזיסטירט אביעקטיוו, אדער דאס איז א פראצעס, וואס אנטשטייט אין דעם פילענדיגען נערוו אויף א וועלכען עס איז אנדער אופן.

אזוי לאנג ווי איך באטראכט די וועלט בלויז אלס א יחיד איז ניטא קיין מעגליכקייט צו לייקענען, אז די וועלט עקזיסטירט בלויז אלס דער אינהאלט פון מיין באוואוסטזיין. דאס זיין פון די זאכען וועלכע איך האב עמפפונדען באשטייט בלויז אין זייער עמפפונדען ווערען. אויף אזא אופן האט בוירקלי טאקע אין קורצען פארמולירט די טעאריע פון אידעאליזם. דאס אננעמען פון א טראנסצענדענטער, אויסער׳שכל׳דיגער וועלט שיינט פון דעם שטאנדפונקט צו זיין א גאנץ אומנוצליכע זאך, וואס קאנען נאך דערצו בשום אופן ניט דערוויזען ווערען. אזעלכע באריממטע נאטורפארשער, ווי העלמהאלץ און מעינערט און אין א געוויסען זינען אויך מאך האבען אפילו דערקלערט, אז די וויסענשאפט דארף זיך באגרעניצען מיט דער אונטערזוכונג פון די איינארטיגקייטען פון די דערשיינונגען און זי קאן קיינמאל ניט האפען צו ברייננגען וועלכע עס איז באווייזען וועגען זייער אביעקטיווער נאטור. מעינערט האט אפילו דעם פאקט, וואס מיר זיינען פעהיג צו באנעמען די וועלט אלס פארשטעלונג באטראכט אלס א באווייז פון די פעהיגקייטען פון דעם אינטעלעקט.

לאמיר איצט איבערגיין צום באטראכטען פון דער גילטיגקייט פון די דאזיגע ארגומענטען.

### 20. די אונטערזוכונג פון דעם קריטישען אידעאליזם.

די פארזוכען פון דעם מענשליכען געדאנק אין א משך פון מער ווי צוויי טויזענט יאר, וואס האבען געבראכט צו דער טעאריע אז די עקזיסטענץ פון די באנומענע זאכען באשטייט בלויז אין דעם, וואס

זיי ווערען באַנומען (בוירקלי). אָדער אז די וועלט איז בלויז מיין פאָר־שטעלונג (שאָפּענהויער) האָבען אונז באַוויזען וואָס פאַר אַ טיפּענישען פון דעם מענשליכען גייסט עס דאַרפען אויסגעפאָרשט ווערען כדי צו באַשטימען די נאַטור, די גרענעצען און די גילטיגקייט פון דעם מענש־ליכען וויסען. דער צוטרוי אין דער וואָרהאַפטיגקייט פון די חושים איז דורך די חושים׳דיגע פאַרבלענדענישען צעשטערט געוואָרען שוין אין דער צייט פון אַלטערטום, אָבער דאָס האָט נאָך דעמאָלט ניט באַ־רירט די אָביעקטיווע ווירקליכקייט פון די זאַכען, וואָס שטיצען זיך אויפ׳ן אַבסטראַקטען געדאַנק. בוירקלי, יוהם און קאַנט האָבען שפּעטער אויסגעפונען, אז אונזערע ריינע געדאַנקען־פאָרמען טראָגען אויך אַ סוביעקטיווען כאַראַקטער. זיי האָבען פון דעם אויך געמאַכט דעם לאָגישען פועל יוצא, נעמליך, אז באַגרייפען קאָן מען בלויז די דערשיינונגען; די זאַך־אין־זיך, וואָס ליגט הינטער די דער־שיינונגען איז דערקלערט געוואָרען אַלס אומבאַגרייפליך.

אויף אַזוי ווייט מוז מען פולשטענדיג אַנערקענען די רעזולטאַטען פון דעם קריטיציזם פון וויסען, אָבער כדי צו באַהיטען זיך פון גראָבע מיספאַרשטייענישען, וואָס גליטשען זיך זעהר גרינג אריין אין גע־דאַנק, וועלכער איז אַזוי אויסערסט אַבסטראַקט און אין פיל פּרטים אַזוי אומגעוויינליך, מוזען מיר קלאָר אונטערשיידען צווישען אַ פּשוט׳־ער שיינבאַרקייט און צווישען אַן אמת׳ער דערשיינונג.

אונטער דעם וואָרט שיינבאַרקייט פאַרשטייען מיר אַן אַנשטויס פאַר אַ פאָרשטעלונג, וואָס ברייננט צו אַ פאַלשען אורטייל. די חושים׳־דיגע פאַרבלענדעניש, וואָס אינטערעסירט אונז דאָ איבערהויפּט, באַ־שטייט אין אַן אָביעקטיווען איינדרוק וואָס ווירקט אויף אונזערע חושים אויף אַזאַ אופן, אַז דער איינדרוק ברייננט צו אַ פאַלשען אורטייל אָדער אויספיר. אורטיילען זיינען פאַלש, ווען זיי דאַרפען פאַרריכט ווערען דורך שפּעטערדיגע איינדרוקען אָדער נאָכטראַכטונ־גען, אָדער ווען די דערוואַרטונגען, וואָס ווערען געבויט אויף אורטיי־לען, וואָס זיינען אַרויסגערופען דורך דער שיינבאַרקייט, ווערען ניט פאַרווירקליכט. מיר וועלען דאָ ברייננען צוויי ביישפּילען, צו דער־קלערען דעם עניין.

אַ שטעקען, וועלכער ווערט אַראָפּגעלאָזען מיט׳ן שפּיץ אַראָפּ אין וואַסער זעהט אויס, ווי אַ צעבראָכענער, דאָס הייסט ער שאַפט ביי אונז אַן אויספיר: דער שטעקען איז צובראָכען. ציהען מיר אָבער

## ווילהעלם יערוזאַלעם

אַרוים דעם שטעקען פון וואַסער און געפינען אויס אַז ער איז גאַר גאַנץ ווי געוועזן, — און דערפון מאַכען מיר איצט דעם אויספיר: דער שטעקען איז ניט צעבראָכען. עס פאַרבלייבט אָבער פאָרט די מעגליכקייט, אַז דאָס וואַסער קאָן צעברעכען דעם שטעקען. כדי זיך צו איבערצייגען אין דעם באַטאַפּען מיר מיט דער האַנט דעם אַראָפּגעלאָזענעם שטעקען און געפינען אויס, אַז אונזער באַרירונג־חוש קאָן ניט פעסטשטעלען קיין בראָך אין שטעקען, אפילו ווען ער שטעקט אין וואַסער. דער גרעסערער צוטרוי וואָס מיר האָבען צו דעם באַרירונג־חוש פירט אונז אַלזאָ צו דעם אורטייל: דער שטעקען איז ניט צעבראָכען, ער ווייזט זיך בלויז אויס אַזוי. ווען מיר באַקענען זיך שפּעטער מיט די געזעצען וועגען דעם איבערברעכען פון ליכט געפינען מיר אויס, אַז אפילו די דאָזיגע שיינבאַרקייט פון זיין צעבראָכען ווערען ווערט אויפגעקלערט, און דערמיט ווערט די פראַגע ענדליך געשלאָסען. דער איינדרוק, אַז דער שטעקען איז צעבראָכען פאַרבלייבט ביי אונז אויך שפּעטער, אָבער ער נאַרט שוין מער ניט אָפּ אונזער אורטייל.

דער פאַל מיט דער שיינבאַרער באַוועגונג פון די הימלישע קערפּער איז מער קאָמפּליצירט. מיר אַלע ווייסען נאָך פון אונזער שולבאַנק, אַז די זון שטייט אומבאַוועגליך און אַז די ערד דרייט זיך אַרום איר. פונדעסטוועגען ווייזט זיך אונז אַלעמען און שטענדיג אויס, אַז די זון גייט אויף און פאַרגייט יעדען טאָג, בשעת די ערד שיינט ניט צו רירען זיך פון אָרט, — און אַלס כלל, ווערען אונזערע געוויינליכע אורטיילען געבויט אויף אָט דער שיינבאַרקייט. דאָס ברייננט אונז אָבער ניט דערצו, אַז מיר זאָלען צוליב דעם אָנהויבען צווייפלען אין דער ריכטיגקייט פון קאָפּערניקוס' וועלט־טעאָריע. אָבער אונזער זיכערקייט גופא, וואָס שטיצט זיך גיכער אויף אַן אומצווייפעלהאַפטען און איבערצייגענדיגען נאָכדיינקען איידער אויף באַווייזען פון אונזערע חושים ווערט צייטענווייז פאַרטונקעלט דורך שיינבאַרקייטען. פונדעסטוועגען וועט קיין שום אויפגעקלערטער מענש ניט דערלויבען זיין אורטייל פאַרפירט צו ווערען דורך אָט דער שיינבאַרקייט אפילו אין אָט דעם פאַל, וואָס איז אַזוי אַלוועלטליך, אַזוי רעאַליסטיש און אַזוי פאַרפירעריש.

אָבער דער פענאָמען אָדער די ריכטיגע דערשיינונג איז גאָר אַן אַנדער זאַך. אונטער דעם וואָרט פענאָמען פאַרשטייען מיר די אָביעק־

טיזוע וועלט, ווי זי דערשיינט פאַר אונזערע חושים און אין אַ ברייטע־
רען זינען אויך ווי מיר באַנעמען זי. אונטער׳ן נאָמען פענאָמען פאַר־
שטייען מיר ניט בלויז דעם ערשטען שוועבענדיגען אָביעקטיווען איינ־
דרוק, ניט בלויז דעם דמיון, וואָס פאַרבלענדט אונזער חוש־אָרגאַן, נאָר
אויך די זייט פון דער וועלט, וואָס מיר קאָנען באַנעמען דורך אונזער
באַגריף־פעהיגקייט. אויף אַזוי פיל, אויף וויפיל מען קאָן עפּעס וויסען
וועגען דער וועלט, אויף אַזוי פיל איז עס אַ פענאָמען. דער פענאָמען
פאַרפירט אונז ניט, ווי עס טוט די שיינבאַרקייט. דאָס וואָרט דער־
מאָנט אונז בלויז, אַז אונזער וויסען האָט געוויסע גרעניצען.

די האַרבע שאלה פון קריטיציזם פון וויסען איז אַלזאָ, צי זיינען
מיר באַרעכטיגט צו באַשליסען אויפ׳ן יסוד פון דעם פענאָמען, —
וואָס איז די איינציגע צוגיינגליכע זאַך פאַר אונז, — וועגען דער עק־
זיסטענץ פון אַ ווירקליכקייט, וואָס ער דריקט אויס און וואָס עקזיסטירט
אומאָפּהייננגיג פון אונז, אפילו ווען מיר קאָנען זי ניט באַגרייפען.
ק אַ נ ט, וועלכער האָט דער ערשטער באַנומען די טיפע באַדייטונג
און וויכטיגקייט פון דעם פענאָמען און וועלכער האָט טיפער, ווי ווער
עס איז פאַר אים אריינגעדרונגען אין אונזער פעהיגקייט צו באַגרייפען,
האָט דערויף געענטפערט מיט אַ פּאָזיטיווען יאָ. ניט קוקענדיג אויף
איינינגע זאַצען, אין וועלכע ער ברייננגט אראָפּ די זאַך־אין־זיך צו
דער מדרגה פון אַ פּשוטען געדאַנק, איז ער אָבער פעסט איבערצייגט
אַז די פענאָמענאַלישע דערשיינונג פון יעדען מין שטיצט זיך אויף
אַ ווירקליכקייט, אויף עטוואָס־עקזיסטירענדיגעס, וואָס איז אומ־
אָפּהייננגיג פון דעם באַגרייפענדיגען סוביעקט. אין דעם פּרט זיינען
אונזערע טיפסטע און זיכערסטע געפילען פולשטענדיג איינשטימיג מיט
ק אַ נ ט ׳ ן. אונזער „איך“ זאָגט זיך אָפּ מיט זיין גאַנצער קראַפט
איינצוגיין אויף אַן אָפּלייקענונג פון דער ווירקליכקייט. יעדעס מאָל,
ווען אונזערע חושים באַנעמען אַ וועלכען עס איז אָביעקט ווערען אונ־
זערע אַקטען באַשטימט דורך אַ ווירקונג, וועלכע מיר מוזען אומפאַר־
מיידליך צושרייבען דעם אָביעקטיווען פאַקטאָר. מיר זעהען, אַז אונ־
זערע מיטמענשען געפינען זיך אונטער אַן ענליכער ווירקונג, און מיר
קאָנען דעריבער קיינמאָל ניט איינגיין צו גלויבען, אַז די זאַכען, וואָס
מיר באַנעמען פאַרשווינדען, ווי נאָר מיר הערען זיי אויף צו באַנעמען.

פונדעסטוועגען האָבען די אַרגומענטען פון די שטרייננגע אידעאַ־
ליסטען אין דער פאָרם, ווי זיי ווערען אַרויסגעשטעלט דורך די נעאָ־

קאנטיאנער א באדייטענדיגע לאגישע קראפט. אזוי לאנג, ווי איך באטראכט איינער אליין און פאר זיך מיין סביבה איז אוממעגליך צו דערשיטערען די פאזיציע פון די אידעאליסטען, לויט וועלכע די וועלט איז בלויז דער אינהאלט פון מיין באוואוסטזיין. אבער דורך דעם מוז יעדער ערנסטער דיינקער, וואס וויל זיך דערשלאגען צו אן אויסגע־האלטענער וועלט־טעאריע קומען צו שלוסען, וואס קאנען אים אויף לאנג ניט באפרידיגען. כאטש די הארטע לאגיק פארבאט אונז צו מא־כען כאטש איין שריט אויף דעם געביט, וואס געפינט זיך אויסער אונ־זער שכל, קאן זיך אבער אונזער אינוויינינגסטער געפיל פון ווירקליכ־קייט ניט באפרידיגען מיט אן אפלייקענונג פון דער אביעקטיווער וועלט. אבער א פילאסאף קאן קיינמאל ניט באגרינדען זיינע שלוסען אויף דער איינווענדונג פון די געפילען. ער מוז קאנען דערווייזען דעם טעות אין די איינדרוקען, וואס ווייזען זיך אים אויס צו זיין פאלש. אין דעם פאל גיט אונז דער איבערטראכטען וועגען יענעמס באוואוסט־זיין א מעגליכקייט אויסצומיידען דעם אומדערטרעגליכען ווידערשפרוך צווישען געדאנק און געפיל.

פאר דעם שטרייענגען אידעאליסט זיינען אפילו די מיטמענשען אויך בלויז פענאמענען, דערשיינונגען און ניט מער. אזוי לאנג, ווי מיר האבען צו טאן בלויז מיט זייער פיזישען ארגאניזם איז נאך די זאך ניט אזוי שווער, ווייל מיר מוזען דאך אויך אונזערע ארגאניזמען באטראכטען אלס טיילען פון דער אביעקטיווער וועלט. אבער דער עניין ווערט פיל שווערער, ווען מיר הויבען זיך אן אריינטראכטען אין דעם אינהאלט פון באוואוסטזיין פון אונזערע מיטמענשען.

לאמיר זיך פארשטעלען, אז עמיצער „מ" באזוכט מיך און מיר הויבען אן שמועסען וועגען עפעס. אזוי לאנג, ווי איך באטראכט דעם „מ" אלס דעם בלויזען אינהאלט פון מיין באוואוסטזיין מוז איך בא־טראכטען די שפראך־קלאנגען, וואס ער גיט ארויס פונקט ווי איך בא־טראכט אויך קלאנגען פון א גלאק, דאס הייסט ווי פשוטע מעכאנישע רעזולטאטען פון זיין שפראך־ארגאן. אבער ווי נאר איך ענטפער אים אדער פיל אוים זיין בקשה, האב איך שוין דערמיט אליין שטילערהייט אנגענומען, אז אין זיינע ווערטער דריקט זיך אוים א געוויסע פסיכישע דערשיינונג, אבער דערמיט גופא אנערקען איך אויך, אז „מ" באזיצט א באוואוסטזיין, דאס הייסט דעם אינהאלט פון באוואוסטזיין. און דערמיט ווידער גיב איך צו, אז „מ" איז א באזונדער וועזען, וואס עק־

זיסטירט אומאָפּהיינגיג פון מיר. אויף אַזוי פיל, אויף וויפיל ער האָט אויך אַן אינהאַלט פון באַוואוסטזיין פאַרמאָגט ער אין גרונט געגומעז דיזעלביגע זעלבשטענדיגע עקזיסטענץ, וואָס איך גלויב, אַז איך אַליין פאַרמאָג. מיר קאָנען ניט באַטראַכטען דעם „מ", וואָס פאַרמאָגט אַן אייגענעם באַוואוסטזיין אלס דעם אינהאַלט פון א צווייטענס באַוואוסטזיין, און נאָך וויניגער קאָנען מיר אָננעמען, אַז זיין עקזיסטענץ איז בלויז מיינע א פאַרשטעלונג.

דער עניין ווערט נאָך קלאָרער פון דעם פאָלגענדיגען ישוב הדעת. „מ" האָט געווים געהאַט אסך דערפאַרונגען, וועגען וועלכע איך ווייס גאָרנישט. אָבער איך זאָל וועלען באַטראַכטען „מ" אלס דעם בלויזען אינהאַלט פון מיין באַוואוסטזיין וועל איך אָדער מוזען אָפּלייקענען, אַז ער האָט זיין אייגענעם באַוואוסטזיין, אָדער איך וועל אים לכל הפּחות מוזען איינשליסען אינאיינעם מיט דעם גאַנצען אינהאַלט פון זיין באַוואוסטזיין אין מיין אייגענעם באַוואוסטזיין. אָבער דאָס איז פולשטענדיג אוממעגליך, ווייל איך קאָן דאָך בשום אופן ניט באַהויפּטען, — סיידען נאָר, אַז איך וויל אָפּלייקענען זאכען, וואָס זיינען פון זיך אַליין פאַרשטענדליך און וואָס שטיצען זיך אויף אומצווייפעלהאַפטיגע פאַקטען, — אַז מיר איז באַקאַנט דער גאַנצער אינהאַלט פון זיין באַוואוסטזיין. איך מוז דעריבער אָפען מודה זיין, אַז עס זיינען דאָ אינהאַלטען פון באַוואוסטזיין וואָס באַלאַנגען אויסשליסליך צו „מ" און וואָס קאָנען אונטער באַשטימטע אומשטענדען ווערען א טייל פון מיין באַוואוכטזיין. אָבער איך האָב דאָך פריער געזאָלט אָננעמען, אַז „מ" איז ניט מער, ווי דער אינהאַלט פון מיין באַוואוסטזיין. דער פּועל יוצא דערפון איז ליהפּוך צו דער גאַנצער לאָגיק, אַז דער באַוואוסטזיין, וואָס בילדעט אויך דעם אינהאַלט פון מיין באַוואוסטזיין איז אָבער אַליין בשום אופן ניט דער אינהאַלט פון מיין באַוואוסטזיין.

דערפון איז קלאָר, אַז דער קריטישער אידעאַליזם וואָס ווערט רעגעלמעסיג דערפירט צו זיינע לאָגישע שלוסען, ברייננגט צו א לאָגישען אומזין, און זיינע אַרגומענטען פאַרלירען צוליב דעם זייער גאַנצע אייבערצייגענדיגע קראַפט. א וועלט־קוק, וואָס באַטראַכט אונזערע מיטמענשען אלס בלויזע פיזישע מאַשינעס און לייקענט אָפּ, אַז זיי זיינען באַזונדערע צענטערס פון באַוואוסטזיין קאָן בשום אופן ניט שפּילען די ראָליע פון א ריכטיגען אויסדרוק פון דער ווירקליכקייט.

## ווילהעלם יערוזאַלעם

ד ז ש א ר ד ז ש ב ו י ר ק ל י, דער גרינדער פון אידעאַליזם האָט זיך דעריבער ניט געקווינקעלט צו אנערקענען די מערפאַכקייט פון באוואוסטזיינס, וואָס פילען און דיינקען אומאָפּהייִנגיג איינער פון דעם צווייטען, — אָבער ער אַליין האָט ניט באַמערקט די אומלאָגיש־קייט פון אַזאַ מין הנחה. די נייע אידעאַליסטען, ווי למשל ל י ק ל ע י ר, האָבען פולשטענדיג באַגריפען די שווערינקייט פון דער אַלטער־עגאָ פּראָבלעם (פון דער פּראָבלעם וועגען דער ווירקליכער עקזיסטענץ פון „איך" און „דו"). זיי גיבען אָגב צו, אַז פון זייער שטאַנדפּונקט איז די פראַגע נאָך טאַקע ניט געלייזט געוואָרען. זיי פּרובען זיך אָבער אויס־דרייען פון דער אומבאַקוועמליכקייט דורך דעם, וואָס זיי באַהויפּטען, אַז ס'איז דאָ אַ מין אויסערליכער באוואוסטזיין, וואָס זיין אינהאַלט איז דער אוניווערז גופא. ס'איז אָבער קוים נויטיג אָנצואווייזען, אַז אַזאַ מין השערה איז שוין ניט קיין קריטישע עפּיסטעמאָלאָגיע, נאָר אַ מע־טאַפיזישע און טראַנסצענדענטישע אין העכסטען גראַד, — אַז זי איז טראַנסצענדירט (שטייגט אריבער) יעדער מעגליכע דערפאַרונג. אָבער אויך פּסיכאָלאָגיש איז אַזאַ מין השערה פאַקטיש אומבאַגרייפליך. ס'איז כמעט אוממעגליך פאָרצושטעלען זיך אַז מען באַנעמט עס אין דער פולער מאָס. אָבער אַ טעאָריע, וואָס פאַרטונקעלט אַזאַ אומצווייִ־פעלהאַפטען פאַקט, ווי די עקזיסטענץ פון מיטמענשען, וואָס זיינען באַ־שאַנקען מיט אַ באוואוסטזיין; אַ טעאָריע, וואָס קאָן דערקלערט ווערען בלויז מיט דער הילף פון די געוואַגסטע מעטאַפיזישע סברות מוז, פאַרשטייט זיך, פאַרלירען איר גאַנצע איבערצייגענדיגע קראַפט און הייסט עס, אויך איר פילאָסאָפישען ווערט.

מען קאָן פרעגען אַ קשיא: ווי האָט אַזאַ טעאָריע, וואָס געפינט זיך אין אַזאַ שאַרפע סתירה מיט'ן שכל הישר און וואָס די אידעאַליס־טען גופא קאָנען ניט אנווענדען אויף אַן אויסגעהאַלטענעם אופן צום ווירקליכען לעבען, — ווי אַזוי האָט גאָר געקאָנט אַנטשטיין אַזאַ מין טעאָריע? מיר האָבען שוין אָבער פריער אָנגעוויזען, אַז דער סוביעק־טיווער פאַקטאָר פון אונזער באוואוסטזיין האָט געהאַלטען אין איין ווערען אַלץ וויכטיגער און וויכטיגער און אַז דער אָביעקטיווער פאַק־טאָר האָט געהאַלטען אין איין פאַרלירען זיין באַדייטונג און האָט זי טיילווייז אפילו אינגאַנצען פאַרלאָרען. ווי אַזוי דאָס איז מעגליך גע־וואָרען האָב איך געגוי אָנגעוויזען אין מיינעם אַן אַנדער ווערק (ווע־גען דער „אורטיילספונקציע"). יעדער מענשליכער אימפּולס שטרעבט

צו זיין פולסטער אנטוויקלונג לויט דער מאָס, וואָס דאָס לעבען שטעלט פאַר אים ארויס. דער באַגריף־אימפולס איז, ווי מיר וועלען באַלד באַווייזען, אנטשטאַנען פון דעם אימפולס זעלבסט־דערהאַלטונג. ער האָט זיך אָבער אנטוויקעלט פיל ווייטער פון די אוממיטעלבאַרע פּראַקטישע נויטען און האָט ביסלאַכווייז אויסגעבילדעט דעם מעכטיגען בנין פון די טעאָרעטישע וויסענשאַפטען. מיר קאָנען גרינג פאַרשטיין, ווי אזוי עס קאָן פּאַסירען, אז די איבער־אַנטוויקלונג פון געוויסע אָרגאַנען אָדער פונקציעס פון אונזער אָרגאַניזם דורך א צו שטאַרקען באַנוצען זיך מיט זיי און אויף׳ן חשבון פון אַנדערע אָרגאַנען און אימפולסען זאָל שטעלען אין אַן ערנסטער סכנה דעם גאַנצען אָרגאַניזם. אין אַזעלכע פאַלען זיינען מיר געוויינט צו ריידען וועגען א היפּערטראָפיע פון א באַשטימטען אָרגאַן אָדער פונקציע. אזוי, למשל, ווערען געוויסע מוסקעלן אָפטמאָל היפּערטראָפירט צוליב צו אָפטע אַטלעטישע איבונגען. פון דעם שטאַנדפּונקט קאָן אויך דער קריטישער אידעאַליזם באַטראַכט ווערען אַלס די היפּערטראָפיע פון דעם באַגריף־אימפולס. די דאָזיגע היפּערטראָפיע, וועלכע איז אַזוי אומגעזונט און שעדליך פאַר אונזער באַגריף־פעהיגקייט און פאַר דער אנטוויקלונג פון אונזער פאַרשטאַנד בכלל מוז דעריבער אויסגעבעסערט ווערען. ס׳איז אַלזאָ נויטיג, אז מיר זאָלען זיך צוריקקערען צום שכל הישר און באַטראַכטען די וועלט און אירע באַוואוינער אַלס זעלבסט־אַקטיווע און אומאָפּהייַנגיגע וועזענס, וואָס זייער עקזיסטענץ הייַנגט גאַר ניט אָפּ פון דעם באַגרייפענדיגען סוביעקט. אָבער דאָס איז שוין דער שטאַנדפּונקט פון דעם קריטישען רעאַליזם.

## 21. דער קריטישער רעאַליזם.

דער קריטישער רעאַליזם שטייט זעהר נאָהענט צו דעם געוויינטליכען שכל הישר. ער אונטערשיידט זיך בלויז פון דעם שכל־הישר׳דיגען נאַאיווען רעאַליזם דערמיט, וואָס ער זאָגט זיך אָפּ אָנצונעמען די ווירקליכע עקזיסטענץ פון דער וועלט פון אונזערע באַגריפען אָהן א קריטישער אונטערזוכונג. ער זוכט אָבער צו באַשטעטיגען די ווירקליכקייט דורך אַן אַפּלייקענונג פון די קעגען־אַרגומענטען און וויל ענדערען די טעאָריע אויף אַזאַ אופן, אז זי זאָל שטימען מיט די רעזולטאַטען פון קריטיציזם פון וויסען.

## ווילהעלם יערוזאלעם

פון שטאנדפונקט פון קריטישען רעאליזם פארמאגען די פראצע־סען פון דער נאטור און פון דעם מענשליכען באוואוסטזיין אן אביעק־טיווע רעאלקייט, און זיי עקזיסטירען דערביי פולשטענדיג אומאפהיינ־גיג פון דעם וויסענדיגען סוביעקט. אלץ וואס ווערט דורך אונזער באגריף אביעקטיוו זיכער אדער מעגליך, אדער וואס מיר ווייסען פון איבערטראכטען, — איז א פראדוקט פון צוויי פאקטארען, וואס איינער פון זיי איז אביעקטיוו און אומאפהייגגיג פון אונז און דער אנדערער איז אונזער אייגענע פיזישע און פסיכישע ארגאניזאציע. דער קריטי־שער רעאליזם באטראכט אויך די סך הכל'ס פון אונזערע חושים אלס פענאמענען, אבער דאס זיינען פענאמענען פון עטוואס אזוינס, וואס עקזיסטירט אין דער ווירקליכקייט, פון עטוואס וואס האט אן אומ־אפהיינגיגע עקזיסטענץ. ווען מען זאגט „דאס בלעטעל איז גרין". מיינט עס אויף דער שפראך פון קריטישען רעאליזם, אז דאס בלעטעל האט די אייגענשאפט ארויסצורופען אין דעם מענשליכען אויג אונטער א באשטימטער גינציגער באלייכטונג א קאליר איינדרוק, וואס ווערט באצייכענט אלס גרין. אהן אן אויג, וואס זעהט האט דער באגריף „גרין" קיין שום באדייטונג ניט, אבער די באדינגונגען, וואס רופען ארויס דעם איינדרוק פון גרין קאנען פארבלייבען, אפילו ווען עס זאל דערביי ניט זיין קיין ליכט און ניט קיין אויג. ווייל די דאזיגע באדינגונגען באלאנגען אביעקטיוו צום בלעטעל.

דער קריטישער רעאליזם זאגט ניט, ווי דער נאי־ווער רעאליזם, אז די זאכען זיינען פונקט אזעלכע, ווי זיי ווייזען זיך אונז אויס, — ער באהויפטעט גיכער, אז מיר באנעמען זיי אזוי, ווי זיי זיינען אין דער ווירקליכקייט. דאס וואס מיר באנעמען און באגרייפען דורך איבערטראכטען איז איין זייט פון דעם ווירקליכען פראצעס, וואס קומט פאר אומאפהייגגיג פון אונז; דאס איז אין דער אמת'ען די איינציגע זייט צו וועלכער מיר האבען א צוטריט, אבער אין דערזעלביגער צייט איז עס אויך די איינציגע זייט, וואס האט פאר אונז א וועלכע עס איז באדייטונג. מיר גיבען צו, אז מיר קאנען זיך ניט פארשטעלען, ווי אזוי די דאזיגע פראצעסען וואלטען אויס־געזעהן ביי א וועזען, וואס איז ארגאניזירט אנדערש ווי מיר, אבער דאס איז אין פלוג גאר ניט וויכטיג פאר אונז. קאנט'ס „זאך־אין־זיך" איז דעריבער גאר ניט אזוי אומבאגרייפליך, ווי ער שטעלט

עס פּאַר. זי ווייזט אונז בלויז איין זייט פון דער ווירקליכקייט, וועל־
כע מיר קאָנען באַנעמען, און די אויפגאַבע פון ווייטערדיגע אויספאָר־
שונגען איז צו געפינען וועגען און מיטלען, ווי צו צוגיין צו איר פון
אנדערע זייטען.

דאָס מענשליכע אויג האָט א לאַנגע צייט ניט באַנומען די רענט־
גען־שטראַלען, אבער זייער עקזיסטענץ איז סוף כל סוף דאָך דערוויזען
געוואָרען א דאַנק זייער מערקווירדיגער ווירקונג. ס'איז קיין ספק ניט,
אַז אין דער נאַטור זיינען דאָ נאָך א סך קרעפטען, וועלכע וועלען סוף
כל סוף אנטדעקט ווערען דורך דער אויספאָרשונג פון זייערע ווירקונגען.
אויף אזא אופן וועלען זיך וואָס ווייטער אלץ מער אנטפּלעקען פאַר דעם
מענשען נייע זייטען פון דער „זאַך־אין־זיך“.

ווי מיר האָבען אלזאָ געזעהן לייקענט דער קריטישער אידעאַליזם
די מעגליכקייט צו דערקענען די ווירקליכקייט פון עטוואָס, וואָס עקזיס־
טירט אומאָפּהייגיג פון אונז. דער נאאיווער רעאַליזם שטעלט זיך אי־
בערהויפּט ניט די פראַגע, ווייל פאַר אים עקזיסטירען ניט אזעלכע
שאלות. דער קריטישער רעאַליזם ווידער, וועלכער מאַכט א גענויע
אונטערזוכונג פון אלע קעגען־ארגומענטען ענטפערט אויף דער שאלה
מיט יאָ. ווען מען לייקענט אָפּ די מעגליכקייט פון אַן אָביעקטיווען
וויסען מאַכט מען דערמיט פאַר איבריג אלע שאלות וועגען זיין אנט־
שטייאונג און אינהאַלט. ווען מען באַשטעטיגט אים אָבער קומט מען
דערמיט צו פּראָבלעמען, וועלכע מיר האָבען שוין פריער באַצייכענט
אַלס דעם עצם־ענין פון עפּיסטעמאָלאָגיע.

### 22. די אנטוויקלונג און די שולען פון עפּיסטעמאָלאָגיע.

די אויפגאַבע פון דער עפּיסטעמאָלאָגיע איז צו אונ־
טערזוכען די אנטשטייאונג און די אנטוויקלונג פון דעם מענשליכען
וויסען, און פעסטצושטעלען די עלעמענטאַרע פּראָצעסען, וואָס שטעלען
צוזאַמען דעם זעהר קאָמפּליצירטען באַגריפען־גאַנג.

די טעאָריע פון וויסען אונטערשיידעט זיך פון דעם קריטיציזם
פון וויסען דורך דעם, וואָס דער לעצטער הויבט אויף די פראַגע וועגען
דער מעגליכקייט פון וויסען וואָס עס איז, בעת די ערשטע נעמט אָן
דעם פאַקט, אז מיר ווייסען, און נעמט זיך בלויז אונטער צו אונטער־

זוכען די אנטוויקלונג פון אונזער וויסען און די געזעצען, וואס באַשטי־
מען זי, — און אנטפּלעקט אין דערזעלביגער צייט איר שייכות מיט
די איבעריגע טיילען פון אונזער פּסיכישען לעבען. פונדעסטוועגען
טרעפט גאַנץ אָפט, אז די דאָזיגע צוויי פילאָסאָפישע לערעס פאַלען
צונויף. די פראַגע וועגען די גרעניצען פון דעם מענשליכען וויסען
שטייט פאַר זיי ביידע גלייך און זיי ווערען דעריבער אָפט קאָמבינירט
אין איין לערע. די פונאַנדערטיילונג וואס מיר מאַכען קאָן אפשר
בלויז העלפען גרינגער צו פאַרשטיין די פּראָבלעמען, וואס שטייען פאַר
אונז.

אין דער געשיכטע פון פילאָסאָפיע ווייזט זיך די טעאָריע פון
וויסען שפּעטער, ווי זיין קריטיציזם. שוין די ע ל ע אַ ט ע ן און
שפּעטער די אַ ט אָ מ י ס ט ע ן (אין פינפטען יאָרהונדערט פאַר
קר.) האָבען אָפּגעלייקענט די מעגליכקייט צו באַקומען וויסען דורך די
חושים, אָבער זיי האָבען זיך ניט געפּרופט דערקלערען פון וואַנען דער
וויסען נעמט זיך פאַרט. נאָך אַ טיפערען קריטיציזם געפינען מיר ביי
די ק י ר ע נ אַ י ק ע ר (אין פערטען יאָרהונדערט פאַר קר.), וועמעס
לערע עס האָט שוין אין פיל פּרטים דערמאָנט אָן דעם פענאָמענאַ־
ליזם. פון דער אנדער זייט האָט קיינער ניט געמאַכט אפילו קיין
פּראָבע צו דערקלערען די אָפּשטאַמונג און די אנטוויקלונג פון וויסען
פאַר אַ ר י ס ט אָ ט ע ל ׳ ן, וועלכער האָט דער ערשטער געמאַכט
וועגען דעם טיפע אונטערזוכונגען. די סטאָיקער האָבען אויך גע־
פאָרשט דעם מקור פון וויסען און האָבען געזוכט אַ מאָס פאַר׳ן אמת.

אָבער ערשט די מאָדערנע צייטען איז באַשערט געווען אויס־
צואַרבייטען אַ וויסענשאַפטליכע טעאָריע פון וויסען. ד ז ש אָ ה ן
ל אָ ק ק (1632—1704) האָט געגעבען דעם שטאַרקסטען אָנשטויס
אין דער ריכטונג. ב ו י ר ק ל י און י ו ה ם האָבען אויך זעהר
פיל ביי געשטייערט צו איר ווייטערדיגער אנטוויקלונג. און קאַנט איז
ענדליך געווען דער אמת׳ער אויספאָרשער און אנטדעקער, ווייל ער איז
געווען דער, וואס האָט מער ווי ווער עס איז אנדערש פעסטגעשטעלט
און אויף אייביג באַפעסטיגט די אומפאַרמיידליכע נויטווענדיגקייט פון
אַן עפּיסטעמאָלאָגישער אונטערזוכונג.

אין זיין „ק ר י ט י ק פ ו ן ר י י נ ע ם פ אַ ר ־
ש ט אַ נ ד" מאַכט ק אַ נ ט אַ שאַרפען חלוק צווישען די
צוויי מקורים פון וויסען, — אפשר אפילו אַ שאַרפערען איידער

דאס איז פסיכאלאגיש נייטיג. די דאזיגע צוויי מקורים זיינען די פילבארקייט (סענסואליטעט) און דער פארשטיין. די דאזיגע צווייזייטיגע פונאנדערטיילונג גיט אונז די מאס אויף אבצושאצען די הויפט־ריכטונגען פון דער עפיסטעמאלאגישער טעאריע.

אויף דער פראגע וועגען דעם גרונט־מקור פון אונזער וויסען האט מען געגעבען צוויי ענטפערס. איין שול באטראכט די חושים אלס דעם וויכטיגסטען און אפשר גאר דעם איינציגען באגלויבטען מקור פון וויסען. די דאזיגע פילאסאפישע ריכטונג ווערט גערופען „ס ע נ ס ו א ל י ז ם“. די אנדער שול האלט פארקערט, אז מען קאן באקומען א גענויעם וויסען בלויז דורך דעם אבסטראקטען, באגריפליכען געדאנק, ווייל די חושים גיבען אונז בלויז כאאטישע, פארפלאנטערטע איינדרוקען. די דאזיגע שטה באצייכענט מען געוויינטליך אלס „ר א צ י א נ א ל י ז ם“. אזוי ווי דער דאזיגער טערמין איז אפט באנוצט געווארען אין אן אנדער זינען, כדי צו באצייכענען די ראציאנאלע (שכל־הישר’דיגע) דערקלערונג פון נסים וואלט אפשר בעסער געווען זי אנצורופען „אינטעלעקטואליזם“ יעדעס מאל ווען מיר באצייכענען אן עפיסטעמאלאגישע ריכטונג, וואס איז דער היפוך פון ס ע נ ס ו א ל י ז ם.

אלס צוגאב צו די דאזיגע איינזייטיגע ריכטונג וואקסט אלץ מער די איבערצייגונג, אז דאס וויסען איז א רעזולטאט פון דער צוזאמענווירקונג פון דעם באגרייפען און דיינקען. פאר דער דאזיגער „קאאפעראטיווער“ שול איז נאך ניט באשטימט געווארען קיין פעסטער נאמען, כאטש זי איז די איינציגע, וואס שטימט מיט די פאקטען. אבער דאס איז אויך נאטירליך, ווייל די אנשויאונגען, וואס זי שמעלצט צונויף זיינען אזוי שטארק פארשיידען צווישען זיך.

אלע עפיסטעמאלאגישע טעאריעס, וואס זיינען ביז איצט באטראכט געווארען האבען זיך באגרעניצט מיט דער אונטערזוכונג וועגען דעם מקור און אנטוויקלונג פון וויסען, באטראכטענדיג דערביי דעם מענשען אלס אן אפגעזונדערטען יחיד, דאס הייסט אלס אזא, וואס האט בלויז אן אויסערליכע שייכות צו זיין סביבה און רעאגירט בלויז אויף די אנשטויסען, וואס ער באקומט פון דרויסען. אבער די מאדערנע עטנאלאגיע האט אנטפלעקט דעם פאקט, אז דאס ס א צ י א ל ע לעבען און באציהונגען האבען זעהר א גרויסע באדייטונג ניט בלויז פאר דעם איבערגעבען פון דעם וויסען, נאר אויך פאר זיין אנטשטייאונג.

דער דאָזיגער פאַקט איז שוין לאַנג אָנערקענט געוואָרען בנוגע צו דער אָפּשטאַמונג פון דער שפּראַך און די עפּיסטעמאָלאָגישע באַדייטונג פון דער שפּראַך איז דעריבער גענוי אויסגעפאָרשט געוואָרען. אָבער כאָטש דער סאָציאַלער פאַקטאָר איז דער אַנטוויקלונג פון וויסען איז אַהן צווייפעל פאַרבונדען מיט פיל מער, ווי מיט דער שפּראַך, — האָט ער נאָך ליידער ניט צוגעצויגען די וויסענשאַפטליכע אויפמערקזאַמקייט, וואָס ער וואָלט בעצם פאַרדינט.

### 23. ס ע נ ס ו א ל י ז ם.

יעדער ניט איבערטראַכטענדיגער געדאַנק איז אין אַ געוויסען זינען סענסואַליסטיש, ווייל ער באַטראַכט דעם חושים־איינדרוק אַלס דעם באַגלויבטסטען מקור פון וויסען. דאָס גריכישע וואָרט אֵ י ד אַ — איך ווייס, שטאַמט פון דעם שרש אֵ י ד—איך זעה. ו ו י ס ע ן איז אַלזאָ לויט דער פּאָפּולערער פאָרשטעלונג פון די גריכען תחילת געווען דאָסזעלביגע, וואָס ז ע ה ן. אַן אינטערעסאַנטען באַווייז פון דער דאָזיגער פאַרשפּרייטער פאָרשטעלונג געפינען מיר אין אַ פּסוק פון האָמער׳ס „א י ל י א ד ע" (2,-484), וואו דער פּאָעט רופט צו די מוזעס, וועלכע קאָנען ז ע ה ן אַלצדינג און וואָס מוזען דעריבער ו ו י ס ע ן אַלצדינג. פאַר דער דאָזיגער מדרגה פון דיינקען איז אויך כאַראַקטעריסטיש די געוויינהייט צו פאַרמישען די פּראָצעסען פון באַגרייפען און פון דיינקען, — פון וועלכע דער לעצטער פלעגט באַטראַכט ווערען אַלס אַ מין חושים־באַגריף. אַזאַ פאָרשטעלונג געפינען מיר אַפילו ביי די עלטערע גריכישע פילאָסאָפען.

אָבער דער סענסואַליזם, גענומען אין דעם פילאָסאָפישען זינען, ווערט ניט פאָרקערפּערט אין קיין באַשטימטער טעאָריע ביז וואַנען די געפילען, — להיפוך צו די געדאַנקען — הויבען ניט אָן באַטראַכט ווערען אַלס דער איינציגער מקור פון וויסען. דער סאָפיסט פּ ר אָ ט אַ־ג אָ ר אַ ס (געשטאָרבען 411 יאָר פאַר קר.) איז אין דעם זינען אַ סענסואַליסט. להיפוך צו די עלעאַטען, וועלכע וואַרפען אָפּ די גבית־עדות פון די געפילען באַהויפּטעט ער אַז עס עקזיסטירט ניט קיין שום זאַך אויסער דאָס, וואָס מיר קאָנען באַנעמען מיט אונזערע חושים ער גייט אַפילו אַזוי ווייט, אַז ער לייקענט אָפּ די ריכטיגקייט פון די

# פילאָסאָפיע

געאמעטרישע אקסיאמעס אין יעדען פאַל, ווען זיי ווידערשפּרעכען **די** חושים־באגריפען.*)

אין דער מאָדערנער פילאָסאָפיע האָט לאָקק ווידער אויפגעלעבט דעם סענסואַליזם, ציענדיג די אויפמערקזאמקייט אויף דער חושים־אָפּשטאַמונג פון אונזער גאַנצער דערפאַרונג. לאקק׳ס סענסואַליזם איז שוין אבער ניט אזא אויסגעהאַלטענער, ווייל ער אנערקענט אויך דעם אינערליכען באַגריפען (דאָס איבערטראַכטען). דער פראַנצויז קאָנדיליאַק (1715—1780) איז געוועזן דער אויסגעשפּראָכענסטער סענסואליסט אין דער מאָדערנער פילאָסאָפיע. לויט קאָנדיליאַק׳ס מיינונג האָט די נשמה בלויז איין אייגענשאַפט. די דאָזיגע אייגענשאַפט באַשטייט אין דער פעהיגקייט צו באגרייפען דורך די חושים, פון וועלכע עס שטאַמען ארויס אלע מער פאַרוויקעלטע געדאַנקען־פּראָצעסען. כדי צו אילוסטרירען זיין טעאָריע ברייגגט קאנדיליאק א ביישפּיל מיט א סטאַטוע, וועלכער מען גיט צו איינציגווייז איין חוש נאָך דעם אנדערען. זי באַקומט פריער דעם חוש פון 'שמעקען און שפּעטער פאר אלץ דעם באַריהונג־חוש, וועלכער איז דער איינציגער, וואָס גיט אונז א גענויע פאָרשטעלונג וועגען דער אביעקטיווער וועלט.

א לאַנגע צייט איז דער סענסואַליזם אינגאנצען אָפּגערוקט געוואָרען אַן א זייט דורך די גרויסע אינטעלעקטואַליסטישע סיסטעמען פון קאַנט, פיכטע, שעללינג און העגעל, אָבער אין דער מאָדערנער וויסענשאַפט און פילאָסאָפיע האָט ער ווידער געוואונען א געוויסען גראַד פון אנערקענונג. אויב די אויפגאבע פון דער וויסענשאַפט באַשטייט, ווי קירכהאָף און מאַך דיינקען, בלויז אין א פּשוטער באַשרייבונג פון פאַקטען און אויב די וויסענשאַפט איז, לויט מאַכ׳ס פאָרמולירונג, ניט מער ווי אַן עקאָנאָמיש איינגעאָרדענטע דערפאַרונג, דאַן איז זייער טעאָריע, פאַרשטייט זיך, א געוויסער מין פון סענסואַליזם. אויב די מאַטעמאַטיק, דער וויכטיגסטער אינסטרומענט פון געדאַנק, וועלכען מיר באַנוצען אין אונזערע באַשרייבונגען און עקאָנאָמישע חשבונות איז אין לעצטען סך הכל אויך ניט

---

*) מען מוז דערביי צוגעבען, אז געוויינליך ווערען פּראָטאַגאָראַס׳ מיינונגען אנדערש אויסגעטייטשט אין די געוויינליכע געשיכטעס פון פילאָסאָפיע.

# ווילהעלם יערוזאַלעם

מער ווי א חושים־באַגריף, דאַן ווערט די טעאָריע נאָך מער סענסואַליס־טיש. דער סענסואַליזם איז בלי ספק גערעכט, ווען ער באַטראַכט דעם חושים־באַגריף אַלס דעם גרונט־מקור און דעם לעצטען בורר פון דער־פאַרונג, אויף וויפיל מיר האָבען צו טאָן מיט פיזישע דערשיינונגען. עס זיינען אבער דאַ צוויי פאַקטען, וועלכע ער נעמט ניט אַריין אין חשבון: ערשטענס, אַז מיר האָבען אין דער באַאָבאַכטונג פון אונזערע אייגענע גייסטיגע דערשיינונגען אַן אנדערן, אַ קאָאָרדינירטען און פונקט אזאַ זיכערען מקור פון דערפאַרונג, און צווייטענס, אַז די העַ־כערע, דאָס הייסט די מער פאַרוויקעלטע גייסטיגע דערשיינונגען גיסען זיך אומבאַמערקטערהייט צונויף אין דעם פּראָצעס פון באַגרייפען.

### 24. אינטעלעקטואַליזם.

די פילאָסאָפיע האָט שוין אין די גאָר פריהע צייטען אָנגעהויבען באַטראַכטען די חושים אַלס ניט פאַרלאַזליכע קוואַלען פון וויסען. זי איז דערצו געקומען דורך דעם פּלאַנעטער, וואָס איז געשאַפען געוואָרען דורך דער בלענדעניש פון די חושים און דורך די פערזענליכע אונ־טערשיידען אין די חושים־איינדרוקען.

א לאַנגע צייט האָט מען געגלויבט, אַז די אמת'ע נאַטור פון די זאַכען קאָן געגנוי באַגריפען ווערען דורך דעם אַבסטראַקטען דיינקען, וואָס האָט זיך אינגאַנצען אָפּגעשיידט פון דער וועלט פון די חושים און האָט זיך אַריינגעטאָן אין זיך אַליין. דאָס איז געווען די סבה, פאַר וואָס דער אינטעלעקטואַליזם האָט זיך אַזוי פרי באַוויזען.

ווי ס'איז שוין פריער אָפּט אָנגעוויזען געוואָרען האָבען די עלעאַ־טען געגלויבט אַז מען קאָן באַקומען דעם וויסען וועגען דער ווירקליכער וועלט בלויז דורך דעם ריינעם געדאַנק. פּלאַטאָן איז מיט זיי מסכים אין דעם און גיט נאָך צו די באַהויפּטונג, אַז די נשמה, וואָס איז איינגעשפּאַרט אין גוף ווערט פאַרדאַרבען דורך דער באַרירונג מיט דער חומר און אַז דער אמת'ער וויסען איז מעגליך בלויז ווען מען שליסט אינגאַנצען אויס די קערפּערליכע תנאים.

דער הייליגער אויגוסטין, וועלכער הויבט אָן מיט אָט דעם פּלאַטאָנישען באַגריף, דערקלערט, אַז אונזער גייסט האָט וועגען קיין שום זאַך ניט אזאַ זיכערען וויסען, ווי וועגען

דעם, וואס עס שטעלט זיך פאר אים פאר, און ער שטעלט זיך קיין זאך ניט פאר בעסער, ווי זיך אליין. ד ע ק א ר ט האט שפעטער געמאכט דעם דאזיגען געדאנק פאר אן אויסגאנג־פונקט פון יעדער פילאָסאָפיע, דערקלערענדיג, אז אונזער וויסען וועגען אונזער אייגענעם דיינקען איז דער איינציגער אבסאָליוט זיכערער און אומצווייפעלהאפטער פאקט. אָבער בלויז א דאנק דעם בהדרגה'דיגען פארשפרייטען זיך פון דער קאָפערניקישער טעאָריע פון דעם אוניווערז האט דער דאזיגער אינטעלעקטואַליסטישער באגריף וועגען דעם וויסען־פּראָצעס וועלכער געפינט זיך שוין טיילווייז אין א ו ג ו ס ט י נ 'ס חקירות און אין דעקארטס אקסיאמע (קאָגיטאָ ערגא סום, — איך דיינק, הייסט עס, אז איך עקזיסטיר.) געוואונען אזא אלגעמיינע אנערקענונג. יעדערער, ווער ס'האט אנגענומען די דאזיגע טעאָריע איז שוין געצוואונגען געווען צוצוגעבען, אז דער איינדרוק פון די חושים, אז די ערד איז אומבאוועגליך און אז די זון גייט יעדען טאָג אויף און פארגייט קאָן שוין ווייטער ניט פארטיידיגט ווערען אנטקעגען דער מאכט פון קאָפּערניקוס' גרויסער אנטדעקונג. די מאטעמאטיק איז אויך געווען א וויכטיגער פאקטאָר אין פארזיכערען די אויבערהערשאפט פון דעם אבסטראקטען געדאנק איבער חושים אלס מקור פון וויסען. ספּעציעל איז דאס געווען דער פאל אין 16־טען יארהונדערט, ווען די אריפמעטיק, וואס נויטיגט זיך ניט אין אביעקטיווע באווייזען האט באקומען די אויבערהאנט אין דעם פארשריט פון וויסען איבער דער געאָמעטריע, וואס באנוצט זיך שטענדיג מיט אזעלכע באווייזען. אין יענער צייט האט קיינער ניט געטראכט וועגען זוכען דעם מקור פון די דאזיגע אומצווייפעלהאפט זיכערע מאטעמאטישע אויספירען אין דער אינטואיציע, וואס קומט פון די חושים. מען איז געווען איבערצייגט, אז דער שכל ברייננט ארויס די דאזיגע טיפע אמת'ען בלויז פון זיך אליין און נאכמער, אז דער שכל דערגרייכט אזעלכע אבסאָליוטע זיכערע אויספירען טאקע דערפאר, ווייל ער מיידט אויס די פארפירערישע ווירקונג פון די פענאָמענען.

דער פארדינסט פון מאכען די ערשטע אונטערזוכונג וועגען דער גילטיגקייט פון דעם דאזיגען גלויבען געהערט ק א נ ט 'ן. ער פארמולירט די פּראָבלעם אויף אזא אופן: „ווי ווערט די ריינע מאטעמאטיק מעגליך?" אבער זיין ענטפער געהערט שוין ניט צו דער זיין אינטעלעקטואליסטישער שטה. ק א נ ט איז איבערצייגט, אז

## ווילהעלם יערוזאַלעם

אונזערע חושים גיבען אונז דעם מאַטעריאַל פאַר'ן וויסען. ווען זיי טוען עם רעגען זיי אַן דעם פאַרשטאַנד, אז ער זאָל זיך אַנהויבען באַנוצען מיט זיינע איינגעבאַרענע פונקציעס. דער וויסען עקזיסטירט אַבער נאָך ניט, אזוי לאַנג ביז די מאַטעריע, וואָס מיר באַנעמען דורך די חושים באַקומט ניט איר פאָרם דורך דעם פאַרשטאַנד. דער פאַרשטאַנד שרייבט צו דער נאַטור זיין אייגענע אייגנאַרטיגקייט און ווערט אויף אזא אופן לויט ק א נ ט ' ס בארימטען אויסדרוק, דער געזעצגעבער פון דער נאַטור. אַבער ק א נ ט מאַכט נאָך א ווייטערדיגען וויכטיגען שריט. לויט זיין מיינונג איז דער פאַרשטאַנד, מיט דער הילף פון די גרונט-באַגריפען (קאַטעגאָריעס) פייהיג צו פאַרשפּרייטען זיינע אויספירען אויסער די גרעניצען פון דעם אינטואיטיווען יסוד (דאָס הייסט פון דעם חוש-איינדרוק), און דורך דעם „קאָן דער געדאַנק וועגען דעם אָביעקט האָבען א פעסטע און נוצליכע ווירקונג אויף דעם אופן ווי דער סוביעקט (די פּערזאָן) באַנוצט זיך מיט זיין שכל" („קריטיק פון ריינעם שכל, 2-טע (האַרטענשטיינס) אויסגאַבע, נומ. 27, ז. 135.) ה ע ג ע ל האָט שפּעטער זעהר שטאַרק אויסגעשפּרייט דעם באַגרעניצטען רשות, וואָס קאַנט האָט געגעבען דעם פאַרשטאַנד, און האָט שוין געהאַלטען, אַז דער אינטעלעקט איז ניט בלויז דער נאַטור'ס געזעצגעבער, נאָר איר באַשאַפער. העגעל באַטראַכט דעם גייסט אַלס דעם עצם פון דעם אוניווערז און אונזערע באַגריפען שטעלען לויט זיין מיינונג פאָר אין זייער דיאַלעקטישער עוואָלוציע דעם קאָסמישען פּראָצעס.

דערמיט דערגרייכט דער אינטעלעקטואַליזם זיין העכסטע מדרגה. די אָפּפערעמדונג צווישען דעם געדאַנק און זיינע מאַטעריעלע עלעמענטען, וואָס ווערען באַנומען דורך די חושים איז שוין אַן אבסאָליוטע. דערריבער איז ניט מער ווי נאַטירליך, אז די פילאָסאָפיע זאָל אַלס רעאַקציע אָפּטרעטען פון דעם עקסטרעמען שטאַנדפּונקט און ווידער ווערען מער סענסואַליסטיש.

דער אינטעלעקטואַליזם איז אָהן צווייפעל גערעכט, ווען ער באַהויפּט, אַז יעדער חושים-איינדרוק מוז באַקומען זיין פאָרם דורך אונזער געדאַנק, כדי צו ווערען א רעאַלער וויסען, מיט וועלכען מען קאָן זיך באַנוצען. די דאָזיגע פונקציע פון געדאַנק, וואָס באַשטימט די פאָרם און שאַפט די שייכות'ן האָט מיט דער צייט ארויסגעבראַכט א

## פילאָסאָפיע

סד פארמולעם און אופנים פון געדאנק, וועלכע זיינען פאקטיש גע־ווארען א טייל פון אונזער טבע. צו זיי געהערען צווישען אנדערע דער באגריף וועגען דער „ז א ד“ מיט די פארשיידענע באזונדערע איינענשאפטען, אדער די סובסטאנץ און אטריבוט און מער פאר אלץ דער באגריף וועגען סבה, וועלכע מיר מוזען צושרייבען צו יעדער געשעהעניש. עס פאסירט דעריבער זעהר לייכט, אז מיר הויבען אן באטראכטען די דאזיגע באגריפען אלס די איינגע־בארענע אייגענשאפט פון געדאנק און גלויבען, אז מיר ווערען שוין מיט זיי געבארען. די לערע וועגען די איינגעבארע גרונט־פארמען אדער קאטעגאריעס ברייננט אבער אפט ארויס זאכען, וואס זיינען גאנץ צווייפעלהאפט און אנטהאלט עלעמענטען, וואס זיינען כמעט אומבאגרייפליך. דער גענעטישער אנאליז פון דער פארמירענ־דיגער פונקציע פון פארשטאנד מוז דעריבער פארנעמען דעם ארט פון אזעלכע סברות, כדי פעסטצושטעלען די אנטשטייאונג פון די דאזיגע פארמען, ווי זיי קומען ארויס אין אונזער דערפארונג.

אבער איידער מיר גייען אריבער צום באטראכטען פון די פראב־לעמען, וואס קומען ארויס פון דער גענעטישער טעאריע פון וויסען, מוזען מיר זיך נאך בקצור פארנעמען מיט איין צווייג פון דער אינטע־לעקטואליסטישער שול, וואס איז געווען ברייט פארשפרייט אין פאר־שיידענע פעריאדען און וואס שטעלט ארויס וואקסענדיגע טביעות אויך אין אונזערע צייטען. מיר מיינען דערמיט דעם זוכען פון געהיימנים־פולע קוואלען פון העכערען וויסען, וואס זאגט זיך אויבענאויפיג אפ פון אלע פראקטישע באאבאכטונגען, און וואס ווערט באצייכענט מיט'ן נאמען מיסטיציזם.

### 25. מיסטיציזם.

דער אינטעלעקטואליזם שטיצט זיך אין דעם לעצטען סך הכל אויף דער הנחה, אז ווען די נשמה זאל נאר קאנען אפהיטען איר פריי־קייט פון די קערפערליכע באגרעניצונגען, וואלט זי פעהיג געווען צו אנטפלעקען דעם ריינעם און אומבאדינגטען אמת. די דאזיגע פאר־שטעלונג וועגען דעם, ווי די נשמה זאגט זיך אפ פון דעם חומר איז אבער א געדאנק, וואס קאמבינירט זיך געוויינליך מיט רעליגיעזע בא־

גריפֿען און איז דעריבער אָפּט געווען די סבה פֿון טיפֿע רעליגיעזע איבערלעבונגען.

די אָרפֿישע סעקטעס, וואָס האָבען זיך פֿאַרשפּרייט אין גריכענלאַנד נאָך דעם 6־טען יאָרהונדערט פֿאַר קר. האָבען דורך זייער טעאָריע וועגען גלגול הנפש און דורך זייער טיפֿען גלויבען אין דער נויטיגקייט צו באַפֿרייען זיך פֿון דעם חומר מיטגעהאָלפֿען אויסצואַרבייטען אַן עזאָטערישע פֿילאָסאָפֿיע. זייערע געהיימע גאָט־דינסטען אָדער מיסטעריעס האָבען אַרויסגעבראַכט אַ גאַנצע רייע פֿאַרשיידענע מנהגים און מיפֿישע טעאָריעס ווי צו באַפֿרייען די נשמה נאָכ'ן טויט פֿון דעם קערפּער. דער מיסטיציזם איז אַנטוויקעלט געוואָרען אין אַ פֿילאָסאָפֿישער סיסטעם דורך די נעאָפּלאַטאָניקער און נעאָפּיטאַגאָריער, וועלכע האָבען פֿון דעם ערשטען יאָרהונדערט נאָך קר. און שפּעטער באַקומען אַ גרויסען איינפֿלוס איבער דער גריכישער און רוימישער וועלט. פּלאָטין, יאַמבליקוס און פּראָקלוס זיינען די באַקאַנטסטע פֿאַרטרעטער פֿון אָט דער שטה. אין מיטעלאַלטער איז אַנטשטאַנען דער קריסטליכער מיסטיציזם, וועלכער האָט געגלויבט, אַז ער האָט אַנטפּלעקט אויסערגעוויינליכע קוואַלען פֿון וויסען אין די סודות פֿון דער דרייאיינינגקייט און פֿון דער אומבאַפֿלעקטער באַפֿרוכפּערונג, אין דעם פֿעסטען גלויבען אין דער אומשטאַרבליכקייט פֿון דער נשמה און אין דער נזיר'דיגער פֿאַראומווערדונג פֿון דעם חומר. מייסטער עקהאַרט, בערטהאָלד פֿאָן רעגענסבורג, דזשאָהן טאָולער און יאַקאָב בעהמע האָבען באַזונדערס שטאַרק אַנטוויקעלט די דאָזיגע פֿאַנאַטישע אידייעס און האָבען געהאַט אַ טיפֿע ווירקונג אויף זייער צייט.

דער מיסטיציזם האָט ניט פֿאַרלאָרען זיין ווירקונג אויך אין די מאָדערנע צייטען, און אַפֿילו די אויפֿקלערונג פֿון 18־טען יאָרהונדערט האָט אים ניט געקאָנט פֿאַרניכטען. אין די לעצטע פֿאַר צענדליג יאָר פֿון דעם 19־טען יאָרהונדערט האָט ער ווידער אַמאָל שטאַרק אויפֿגעלעבט אין דער פֿאָרם פֿון ספּיריטיזם, וואָס האָט צוגעצויגען אַ גרויסע צאָל אַנהיינגער.

אויף וויפֿיל דער מיסטיציזם איז פֿילאָסאָפֿיש שטיצט ער זיך אויפ'ן גלויבען, אַז ס'איז אונטער גינציגע אומשטענדען מעגליך אַריינצוטרעטען אַלס אַ ריינער גייסט, באַפֿרייט פֿון יעדען סמן פֿון חומר

# פילאָסאָפיע

אין דעם אנגעזיכט פון גאָט און דאָרטן באַנעמען די ריינסטע וואַר־הייטען אַהן דער אריינמישונג פון קערפּער. כדי דאָס צו דערגרייכען מוז מען געוויינליך האָבען אַ טיפע התעוררות, אַ דערהויבונג און קאָנ־צענטרירונג פון דער פסיכישער ענערגיע, אַזאַ וואָס איז מעגליך בלויז אין אַ צושטאַנד פון התפּעלות, ווען אַלץ, וואָס איז ערדיש, ווערט אינ־גאַנצען פאַררוקט אַן אַ זייט און דער יחיד גיט זיך אינגאַנצען איבער אין גאָטס הענט. די כוח הדמיון, וואָס ווערט אויף אַזאַ אופן זעהר פאַרשטאַרקט איז פעהיג אַרויסצורופען זעהונגען פון דעם פאַנטאַסטיש־סטען מין. דער מעדיום גלויבט אין דער ווירקליכקייט פון זיינע חלומות און די גלויביגע נעמען אַן זיינע אויסטייטשונגען.

אַ ווייטערדיגער געדאַנק פון דעם מיסטיציזם וואָס פאַרבינדעט אים מיט מאַגיע און כשוף איז דער גלויבען, אַז מען קאָן אָנהאַלטען דירעקטע באַציהונגען מיט גייסטער דורך דעם, וואָס מען פאַרגרעסערט די איי־גענע פּסיכישע ענערגיע, און אויף אַזאַ אופן באַקומען אַנטפּלעקונגען וועגען העכערע וואַרהייטען אַהן דער אריינמישונג פון די חושים.

דער דאָזיגער מין מיסטיציזם, וואָס איז אין אונזערע צייטען גאַנץ פּאָפּולער הייסט ס פּ י ר י ט ו א ל י ז ם. מען נעמט דערביי אַן, אַז ניט אַלע, נאָר בלויז געוויסע אויסדערוויילטע מענשען (מע־דיומס) זיינען פעהיג צו האָבען באַציהונגען מיט גייסטער. דער מע־טאָד וואָס ווערט דערביי באַנוצט פאָדערט, אַז דער מעדיום זאָל אריינ־פאַלען אין אַ מאַגנעטישען, — אָדער ווי מען רופט עס איצט — היפּ־נאָטישען שלאָף. אָבער דערביי ווערט געשאַפען אַ מעגליכקייט פאַר אַזעלכע קונציגע שווינדלערייען, אַז אַפילו באַקאַנטע וויסענשאַפטליי־ווערען פאַרפירט פון פּשוטע שאַרלאַטאַנעס.

די טעאָריע פון איבערטראַכטען און פילען, ווי זי ווערט אויס־געדריקט אין דעם מיסטיציזם, האָט געהאַט אויף דער עפּיסטעמאָ־לאָגיע און מעטאַפיזיק אַ טיפען איינפלוס, וואָס איז נאָך ניט אָפּגע־שאַצט געוואָרען ווי געהעריג דורך די געשיכטע־שרייבער פון דער פילאָסאָפיע. די שטרעבונג צו דערנעהענטערען זיך צו גאָט, וועלכע איז איינער פון די הויפּט כאַראַקטעריסטישע שטריכען פון מיסטי־ציזם האָט פיל בייגעטראַגען צו דער אַנטוויקלונג פון דעם מאָניסטישען אופן פון דיינקען. (זעה קאַפּיטעל 28 און ווייטער). און די וואַק־סענדיגע קלאַרקייט פון די באַגריפען, וואָס שטאַמט פון אַט דעם גע־פיל, — אַלץ איינס צי ער איז אַ ממשות'דיגער אָדער אַ פאַנטאַסטישער

— האָט געבראַכט צו דער אַנטשטייאונג פון אַ דריטען מין וויסען, אַלס צוגאַב צו די צוויי מינים וואָס מיר באַקומען דורך די חושים און דורכ'ן דיינקען. דער דאָזיגער דריטער מין איז באַטראַכט געוואָרען אַלס אַ מין גייסטיגע זעהונג און איז דעריבער באַצייכענט געוואָרען אַלס „אינטואיטיווער באַנעמען". ק אַ ר ל י אָ ג ע ל האָט אָנגעוויזען ווי דער מיסטיציזם האָט אין דעם פּרט באַווירקט שוין די פאָרצייטיגע יאָנישע נאַטור־פילאָסאָפיע און די פילאָסאָפען פון דער רענעסאַנס־צייט. אפילו ביי ש פּ י נ אָ ז אַ 'ן און שפּעטער ביי ק אַ נ ט 'ן און ה ע ג ע ל 'ן קאָן מען אויך געפינען שטאַרקע מיסטישע שפּורען.

דער דאָזיגער פאַקט האָט זעהר אַ גרויסע באַדייטונג פאַר דער פסיכאָלאָגיע פון באַגריפען, ווייל ער ווייזט, אַז דאָס באַגרייפען איז ניט קיין אָפּגעזונדערטע פעהיגקייט, נאָר אַז עס איז אויפ'ן אייננסטען אופן פאַרבונדען מיט די איבעריגע פסיכישע פּראָצעסען און ווערט באַווירקט דורך זיי. די טעאָריע פון עוואָלוציע האָט נאָך מער באַשטעטיגט די דאָזיגע מיינונג. ס'ווערט אַלץ מער און מער קלאָר, אַז דער מענשליכער וויסען איז אַ טייל פון דעם מענשליכען לעבען און קאָן קלאָר באַגריפען ווערען בלויז אַלס אַזאַ טייל. די גענעטיש־ביאָלאָגישע טעאָריע פון וויסען, וואָס ווערט באַטראַכט אין קאַפּיטעל 27 שטיצט זיך אויף דעם דאָזיגען שטאַנדפּונקט. אייניגע אַמעריקאַנישע פילאָסאָפען האָבען די לעצטע יאָרען פאַרעפענטליכט ענליכע טעאָריעס און האָבען אויף אַזאַ אופן אָנגעצייכענט אַ נייע פאָרשטעלונג וועגען דעם באַגרייף־פּראָצעס אויף אַ נייעם יסוד, וועלכען זיי האָבען אָנגערופען פּ ר אַ ג מ אַ ט י ז ם. איידער מיר וועלען איבערגיין צו דער דערקלערונג פון אונזער אייגענער טעאָריע וועלען מיר דעריבער פריער באַשרייבען די דאָזיגע פּראַגמאַטישע שול, מיט וועלכער אונזער טעאָריע איז אייננג פאַרבונדען.

### 26. פּ ר אַ ג מ אַ ט י ז ם.

אייניגע אַמעריקאַנישע פילאָסאָפען האָבען ביים סוף פון פאָריגען יאָרהונדערט אָנגעשלאָגען אַ נייעם וועג אין דער פילאָסאָפיע. אָנהויבענדיג מיט דער הנחה אַז די קריטישע אויספאָרשונג פון דעם מענשליכען באַגרייפען און די מעטאַפיזישע חקירות וועגען דער ערשטער

סבה פון זאַכען האָבען געבראַכט צו אַן אָפּפערעמדונג צווישען דער ווירקליכער וועלט און דעם מענשליכען לעבען, האָבען זיי באַשלאָסען צו ענדערען זייער שטאַנדפּונקט. זיי האָבען אָנגענומען, אַז דאָס טעאָרעטישע דיינקען דינט אין דער ווירקליכקייט דעם פּראַקטישען צוועק פון רעגולירען דעם מענשען'ס אויפפירונג און גיבען אַ רייכערען אינהאַלט דעם מענשליכען לעבען. דעריבער האָבען זיי געשיינקט זייער הויפּט-אויפמערקזאַמקייט דער פּראַקטישער באַדייטונג פון דעם דיינקען. פון דעם איז אויסגעוואַקסען אַ נייע טעאָריע פון וויסען, וואָס איז דערנאָך באַצייכענט געוואָרען מיט'ן נאָמען פּ ר אַ ג מ אַ ט י ז ם.

דער אַווטאָר פון דעם נייעם מעטאָד איז געווען ט ש אַ ר ל ז פּ י ע ר ס. אין אַן אַרטיקעל, וועלכען ער האָט פאַרעפענטליכט אין יאַנואַר 1878 (אין פּאָפּיולאַר סייענס מעגעזין) אונטער דעם נאָמען „ווי צו מאַכען פאַר זיך קלאָר אונזערע געדאַנקען" האָט ער באַוויזען, אַז אונזערע אורטיילען און איבערצייגונגען זיינען אין דער ווירקליכקייט ניט מער ווי כללים פון אויפפירונג. יעדעס מאָל ווען מיר ווילען קלאָר פעסטשטעלען וואָס עס איז דער ווירקליכער מיין און אינהאַלט פון אַ באַשטימטער פאַרשטעלונג פּרובען מיר זיך שטענדיג אָנצייגען וואָס פאַר אַ ווירקונג עס וואָלט געקאָנט האָבען אויף דער מענשליכער אויפפירונג. עס זיינען ניטאָ קיין שום געדאַנקען-באַזונדערקייטען, ווי איידעל זיי זאָלען ניט זיין, וואָס זאָלען ניט צוזאַמענפאַלען אָדער זיך ניט שטיצען אויף פּראַקטישע באַזונדערקייטען. געדאַנקען, וואָס האָבען ניט קיין שום פּראַקטישע באַדייטונג האָבען טאַקע קיין שום זיניין ניט, און זיינען ניט מער ווי אַ פּוסטער שפּיל מיט ווערטער. פאַרשטיין די פּראַקטישע פאָלגען פון אַ וועלכען עס איז געדאַנק מיינט דאָסזעלביגע, וואָס פאַרשטיין זיין פולע און איינציגע מיינונג.

דאָס איז דער גרונט-פּרינציפּ, פון וועלכען דער פּראַגמאַטישער מעטאָד הויבט זיך אָן. דערווייל איז דער מעטאָד אָנגעווענדעט געוואָרען אויף אַ צווייפאַכען אופן. דער פּראַגמאַטיזם האָט זיך קודם כל פאַרנומען מיט דעם באַזייטיגען פון אַזעלכע פּראָבלעמען, וואָס האָבען ניט קיין שום פּראַקטישע שייכות צום לעבען. די ערשטע פראַגע, וואָס דער פּראַגמאַטיסט שטעלט איז שטענדיג אַזאַ: וואָס זיינען די פּראַקטישע פאָלגען פון דער אָדער יענער לייזונג פון דער פּראָבלעם? אויב עס זאָל זיך אַרויסשטעלען, אַז מיר ווילען אין איינעם, ווי אין

צווייטען פאַל דאַרפען טאָן איינע און דיזעלביגע זאַך, דאַן פאַלט די פּראָבלעם איינגאַנצען אָפּ. אַזוי איז למשל, דער פאַל מיט דער פראַגע וועגען דער רעאַלקייט אָדער אידעאַלקייט פון דער אָביעקטיווער וועלט. דער אידעאַליסט מוז דאָך סאַי ווי באַהאַנדלען די אָביעקטיווע וועלט (ווי ער זאָל זי פילאָסאָפיש ניט באַטראַכטען) אויף דעמזעלביגען אופן, ווי דער רעאַליסט. אויב אַזוי פאַלט תיכף אַוועק דער גאַנצער סכסוך, ווייל אין די אויגען פון דעם פּראַגמאַטיסט האָט ער ניט קיין שום ווערט און, הייסט עס, קיין שום זינען. אָבער די פראַגע צי גאָט איז דער באַשעפער פון דער וועלט אָדער זי איז אַ רעזולטאַט פון אַ ריין מאַטעריעלען פּראָצעס איז שוין פון גאָר אַן אַנדער מין. זי האָט אַ גרויסע באַדייטונג אין אונזער לעבען. די וועלט זאָגט מיר צו פיל מער, אויב איך קאָן באַטראַכטען אַ גאָט אַלס איר באַשעפער, איידער ווען איך זעה אין איר ניט מער ווי אַ רעזולטאַט פון מאַטעריעלע קרעפ־טען. דער פּראַגמאַטיסט געפינט דעריבער, אַז מיט אַזאַ פּראָבלעם לוינט זיך יאָ צו פאַרנעמען זיך.

אַ צווייטער ענין, ביי וועלכען דער פּראַגמאַטישער מעטאָד ווערט אַנגעווענדעט איז די דערקלערונג פון דעם דערקענטעניש־פּראָצעס און פון דעם באַגריף וועגען אמת. דער פּראַגמאַטיזם באַטראַכט דעם דיינ־קען אַלס אַן אומפאַרמיידליכען טייל פון לעבען. לויט אָט דעם באַ־גריף באַשטייט אַלזאָ די אמת׳דיגקייט, די ריכטיגקייט פון אַן אויספיר בלויז אין דעם פּראַקטישען רעזולטאַט וואָס קומט דערפון אַרויס. אַן אויספיר איז ריכטיג, ווען די אַקטען וואָס ער רופט אַרויס זיינען גינציג פאַר די אינטערעסען פון לעבען. קיין ריינער, אַבסטראַקטער אמת, וואָס איז אין זיך אַליין פאַרענדיגט דורך דער בלויזער באַהויפּ־טונג פון אמת, עקזיסטירט ניט פון דעם שטאַנדפּונקט פון פּראַגמאַ־טיזם. ווייל דער געדאַנק מוז זיין איינג פאַרבונדען מיט׳ן לעבען. נאָך וויינינגער קאָן מען זיך פאַרשטעלען די עקזיסטענץ פון אַן אַבסאָ־ליוטען אמת, וואָס פאַרבלייבט איינער און דערזעלביגער אויף אַלע צייטען און פאַר אַלע דיינקענדיגע באַשעפענישען. דער אמת אַנטהאַלט אין זיך שטענדיג אַן אַקטיווען, אַנפירענדיגען פּרינציפּ. ער איז דע־ריבער ניט קיין אייביגע זאַך (דאָס הייסט אָהן אַן אָנהויב און אָהן אַ סוף), נאָר ער ווערט שטענדיג אַנגעווענדעט מיט אַ קוק אויף דער צוקונפט.

די דאָזיגע נייע טעאָריע וועגען דעם באַגריף פון אמת צעשטערט

## פילאָסאָפיע

אַ סך פון אונזערע איינגעוואָרצעלטע געדאַנקען־געוווינהייטען און באַגעגענט דעריבער פון פאַרשיידענע זייטען אַ שטאַרקען ווידערשטאַנד. די מאַטעמאַטיקער און די פאַרטיידיגער פון דער פאָרמעלער לאָגיק טרעטען באַזונדערס שאַרף אַרויס קעגען דעם פראַגמאַטישען באַגריף וועגען ריכטיגקייט (אָדער אמת). די לאָגיקער און מאַטעמאַטיקער האַלטען, אַז עס ז י י נ ע ן דאָ אַבסאָלוטע אמת'ן, וועלכע ווערען אַנטדעקט אומאָפּהייִנגיג פון יעדער דערפאַרונג און וועלכע מוזען זיך אַרויסווייזען פאַר ריכטיג ביי יעדער מעגליכער דערפאַרונג. דער קאַמף פאַר און קעגען פראַגמאַטיזם האָט פאַר דעם לעצטען צענדליג יאָר פאַרנומען אַ גרויסען פּלאַץ אין דער ענגלישער און אַמעריקאַנישער ליטעראַטור. אויפ'ן פילאָסאָפישען קאָנגרעס, וואָס איז פאָרגעקומען אין היידעלבערג (דייטשלאַנד) אין יאָר 1908 האָט מען וועגען דעם דאָזיגען נייעם מעטאָד זעהר היים דעבאַטירט. די הויפּט שטרייט־פונקטען זיינען נאָך ניט אינגאַנצען קלאָר פאָרמולירט געוואָרען, און דער צענטראַלער פּרינציפּ פון פּראַגמאַטיזם וועט נאָך אין משך פון קאַמף דאַרפען ברייטער אַנטוויקעלט ווערען.

די עוואָלוציאָנערע טעאָריע פון דעם באַגריף־פּראָצעס, מיט וועלכער מיר וועלען זיך פאַרנעמען אין דעם קומענדיגען קאַפּיטעל איז נוטה צוצוגעבען, אַז דער פּראַגמאַטיזם מיט זיין אַקטיוויסטישער טעאָריע פון אמת'דיגקייט איז בעצם אַ ריכטיגער מעטאָד. די אויסטייטשונג פון די איינדרוקען, וואָס ווערען אויסגעדריקט אין יעדען אורטייל מוז שטענדיג באַשטעטיגט ווערען דורך דער פּראַקטיק. אָבער דער מרחק צווישען דער אויסטייטשונג און צווישען דער באַשטעטיגונג בייט זיך אָפּט, ער איז אַמאָל לייִנגער און אַמאָל קירצער, אָפּהייִנגענדיג פון דער פאַרוויקעלטקייט פון די לעבענס־אומשטענדען. מיר טייטשען אויס אַ געוויסען איינדרוק און האַלטען זיך אָן דער אויסטייטשונג ביז אַ קומענדיגער באַשטעטיגונג. מיר לערנען זיך אויך צו מאַכען אויספירען (אָדער אורטיילען) אויפ'ן גרונט פון פריערדיגע דערפאַרונגען. דער וויסען איז און בלייבט אויף שטענדיג „אַ מיטעל און אַ פאָרמיטלער," ווי פּ. ק. ס. ש י ל ל ע ר פון אָקספאָרד, איינער פון די הייסטע פאַרטיידיגער פון פּראַגמאַטיזם האָט זיך אויסגעדריקט אויפ'ן היידעלבערגער קאָנגרעס. אין לעצטען סך הכל נויטיגט זיך יעדער אורטייל און, הייסט עס, אויך וויסענשאַפט בכלל אין אַ פּראַקטישער באַשטעטיגונג. אין דעמזעלביגען זינען האָט זיך אַרויס־

געזאגט אויך ע ר נ ס ט מ א ך. (אין זיין בוך „ערקענטניס און אירטום“, 2 אויסג., ז. 462).

אבער דער מרחק צווישען אויסטייטשונג און באשטעטיגונג, וואס מיר האבען ערשט דערמאנט, נויטיגט זיך אין א פארמולע, וואס זאל ווייניגסטענס האבען א וועלכע עס איז ענליכקייט מיט דעם טראדיציאנעלען באגריף וועגען אבסטראקטען אמת. אזא פארמולע איז נויטיג כאטש אלס א קצור, וואס זאל אין זיך פאראייניגען און באלייכטען אלע אויסטייטשונגען, וואס זיינען פריער אנגענומען געווארען. די מ ע ג ל י כ ל י י ט פ ו ן א י ר פ א ר ו ו י ר ק ל י כ ו נ ג וועט שטענדיג פארבלייבען די מאס פון אמת (ריכטיגקייט). אבער מיר וועלען פיל געווינען, אויב מיר וועלען מיט א גרעסערער גענויקייט באשטימען די תנאים פון דער פארווירקליכונג. מיר וועלען באלד האבען די געלעגענהייט צו באטראכטען, וואס פאר א פארמולע עס פאסט זיך אמבעסטען פאר אט דעם צוועק. אבער דער פראגמאטיזם מוז יעדענפאלס איינגיין אויף דער נויטיגקייט פון אזא מין פארמולע שוין צוליב דער פשוט׳ער פעסטשטעלונג פון די פאקטען.

דער נייער מעטאד איז אלזא פולשטענדיג ריכטיג וואס איז שייך זיין צענטראלען פרינציפ, אבער ער נויטיגט זיך נאך אין א ווייטערדיגער באארבייטונג צוליב זיין פראקטישער אנווענדונג.

### 27. ג ע נ ע ט י ש ע און ב י א ל א ג י ש ע ע פ י ס ט ע מ א ל א ג י ע.

אלע זיינען איצט מסכים, אז דער וויסען קומט ניט דורך די חושים אליין אדער בלויז דורכ׳ן דיינקען, נאר דורך דעם צוזאמענארבייטען פון די ביידע פאקטארען. שטעלט זיך אלזא די פראגע: וואס איז דער חלוק צווישען די צוויי פארשיידענע קוואלען פון וויסען און וואס איז זייער געמיינזאמע שייכות? ק א נ ט זאגט: „באגריפען אהן אינטואיציע זיינען לער, אינטואיציעס אהן באגריפען זיינען בלינד,“ — און מיט דעם אויסדרוק זאגט ער געווים ארויס א טייל אמת. פשוטע חוש־באגריפען, וועלכע ווערען ניט רעגולירט דורך דעם פארשטאנד זיינען פארפלאנטערט און כאאטיש. און א בלויזער אבסטראקטער חקרנ׳ען זיך, וואס האט צו טאן מיט ריינע באגריפען, האט ניט קיין מאטעריאל פאר א פעסטען פונדאמענט און אנטהאלט אין

זיך ניט קיין שום גאַראַנטיע פון קיין ווירקליכער גילטיגקייט. אויב מיר זאָלען זאָגען, אַז דער חוש שטעלט אונז צו די מאַטעריע און דער פאַרשטאַנד — די פאָרמען פון וויסען, וואָלט עס, בכלל גערעדט, געווען ריכטיג. אָבער דאָס וואָלט געווען אַ צו אַלגעמיינער כלל, אַז מען זאָל אויף אים קאָנען בויען באַפרידיגענדיגע אויספירען.

פאַר דעם גענעטישען שטאַנדפונקט בלייבט די אויפגאַבע אויסצופאָרשען דעם וויסען־פּראָצעס און זיין לעבענס־שייכות צו דעם איבעריגען פּסיכישען לעבען. די עפּיסטעמאָלאָגיע קאָן זיך ניט דערלויבען מיט געוואַלד אָפּצוטיילען דעם וויסען פון זיין לעבענס־פאַרבינדונג מיט׳ן פילען און ווילען; הקצור די עפּיסטעמאָלאָגיע מוז געבויט ווערען אויף אַ פּסיכאָלאָגישען יסוד.

נאָכמער, מען טאָר ניט פאַרגעסען, אַז דער אָנשטויס צו באַקומען וויסען שטאַמט אַרויס פון דעם שטרעבען צו דערהאַלטען זיך ביים לעבען. דער מענש מוז זיך צופּאַסען צו זיין סביבה. אויב ער וויל זיך דערהאַלטען אין דער סביבה פון די אָביעקטען און קרעפטען, וואָס רינגלען אים אַרום און וויל זיי סוף כל סוף באַהערשען מוז ער וויסען וועלכע פון זיי זיינען וויכטיג פאַר זיין וואוילזיין. ער מוז זיך אויסלערנען פאַרשטיין און אויסטייטשען זייערע פאַקטישע און מעגליכע ווירקונגען. אין דער אמת׳ען קומט טאַקע יעדע וויסענשאַפט אַרויס פון אַ וועלכער עס איז פּראַקטישער נויטיגקייט. אַזוי האָט זיך די אַסטראָנאָמיע אַנטוויקעלט צוליב די אינטערעסען פון לאַנדווירטשאַפט און ים־פאָרען און אפשר אויך צוליב אַ מער פּינקטליכע איינטיילונג פון צייט. געאָמעטריע האָט זיך אָנגעהויבען אַלס די קונסט פון אויסמעסטען לאַנד, און אַריפמעטיק שטאַמט פון די סוחר׳ישע באַדערפעגישען. „די נויט האָט אונז געלערנט ניט נאָר צו ווינשען, נאָר אויך צו טראַכטען.“ אָבער איז שוין די שטרעבונג צו וויסען איינמאָל דערוועקט געוואָרען אַנטוויקעלט זי זיך שוין דערנאָך אין עטוואָס אַזוינס, וואָס איז פיל ברייטער און פיל מעכטיגער, ווי די פאָדערונג פון דער דירעקטער נויטיגקייט. זי ווערט ביסלעכווייז אַ אינווייניגסטע באַדערפעניש פון אונזער אָרגאַניזם, וואָס ווערט שוין אָנגעווענדעט צוליב זיך אַליין. אויף אַזאַ אופן איז אַנטשטאַנען דער פאַרלאַנג נאָך וויסען לשמה. דאָס טעאָרעטישע וואונדערן זיך, וועלכען מיר האָבען אויבען באַצייכענט אַלס דעם אָנהויב פון פילאָסאָפיע האָט זיך אויך אַנטוויקעלט אויף דעמזעלביגען אופן. און ווען מיר פּרובען זיך דערקלערען

# ווילהעלם יערוזאַלעם

די העכערע פאָרמען פון פילאָסאָפישען דיינקען טאָרען מיר דעריבער ניט פארגעסען וועגען דער ביאָלאָגישער אָפּשטאַמונג פון דעם שטרעבען צו וויסען.

ווייטער: ווען מען זאָגט, אַז די חושים שטעלען צו דעם מאַטעריאַל, און דער דענקען — די פאָרמען פון וויסען, מוז מען דערביי וואָס גענויער באַשטימען די דאָזיגע פאָרמען. ק א נ ט האָט אַנטפּלעקט די גרונט־פאָרמען פון פאַרשטיין דורך אַ פּראָצעס פון באַטראַכטען די מעגליכע פאָרמען פון אורטייל. אָבער די דאָזיגע פאָרמען זיינען בלויז קינסטליכע פּראָדוקטען פון פאָרמעלער לאָגיק און זיי דאַרפען ניט פאַרמישט ווערען מיט די אורטיילען, וואָס קומען פאָר אין דער ווירקליכקייט. דעריבער שיינט עס, אַז עס וואָלט בעסער געווען אויסצופאָרשען די פאָרמען פון אורטייל, ווי עס קומט אין דער ווירקליכקייט פאָר ביים געוויינליכען דיינקען. יעדער באַגרייפען, אָנהויבענדיג מיט אַן איינצעלנעם חוש־איינדרוק און ענדיגענדיג מיט דעם פאַרוויקעלסטען פּראָצעס פון דיינקען מוז דורכגעטראַכט און אויסגעדריקט ווערען אין דער פאָרם פון אַן אורטייל.

די הויפּטזאַך אין יעדען אַקט פון אורטיילען איז ניט, ווי מען שטעלט זיך געוויינליך פאָר, אַ קאָמבינאַציע פון באַגריפען אָדער אַ פאַרבינדונג פון אידייעס. פאַקטיש ווייזט זיך דער אורטייל־פּראָצעס, אַלס אַ קלאָרע פאָרשטעלונג נאָך איידער דער אורטייל איז געמאַכט געוואָרען. דער אינהאַלט פון דער פאָרשטעלונג ווערט גענוי פאָרמולירט און פונאַנדערגעגלידערט, ווען דער אורטייל איז שוין געמאַכט געוואָרען. דאָס קומט פאָר אויף אַזאַ אופן, אַז דער פּראָצעס ווערט געבראַכט אין אַ שייכות מיט אַ באַשטימטען זעלבסט־אַקטיווען פּאָטענציאַנעלען צענטער און ווערט דערנאָך אַרויסגעבראַכט אַלס דער פּאָטענציעלער איידרוק פון דעם צענטער. אונזער באַוואוסטזיין באַנעמט די שמעקענדיגע רויז אַלס אַ גאַנצע נאָך איידער מיר האָבען אַן אורטייל וועגען איר. אין דעם אורטייל: „די רויז שמעקט" ווערט דאָס שמעקען אריינגענומען אַלס אַן אויסדרוק פון דעם פּאָטענציעלען צענטער פון דער רויז. דער פּאָטענציעלער צענטער איז אַלזאָ דער סוביעקט און זיין אויסדרוק איז דער פּרעדיקאַט.

דער דאָזיגער בליק ווערט נאָך קלאָרער, ווען מיר פּרובען אַנטפּלעקען דעם פּסיכאָלאָגישען געזעץ, וואָס זיין אַקטיוויטעט איז זיין

אויסדרוק. דער דאָזיגער פּראָצעס פאַרלאַנגט ניט מער, ווי אַ מין אַ פּ ע ר צ ע פּ צ י ע (אַ גרונט־באַגריף), וואָס אַלע מענשען האָבען ביי זיך אַלס אַן איינגעבאָרענע איינגענשאַפט. אונטער דעם וואָרט אַפּערצעפּציע פאַרשטייען מיר די אויסבילדונג און דאָס באַנעמען פון אַ אידייע, וואָס קומט אַרויס פון דעם צוזאַמענפאַסען זיך פון אידייעס, וואָס זיינען געוואָרען אַקטיוו דורך דער אויפמערקזאַמקייט, וואָס מיר שיינקען זיי. אויב מיר קאָנצענטרירען אונזער אויפמערקזאַמקייט אויף אַ געוויסען אָביעקט, ברייננגען מיר דערמיט דעם אָביעקט אין צענטער פון אונזער באַוואוסטזיין און פאַרשנעלערען אין דערזעלביגער צייט אַלע אידייעס, וואָס זיינען דורך זייער ענליכקייט אָדער נאָהענטער שייכות פאַרבונדען מיט דעם דאָזיגען אָביעקט. די אידייעס, וואָס ווערען אויף אַזאַ אופן אַרויסגעבראַכט שלאָגען תיקף אָפּ זייער ליכט אויף דעם אָביעקט און דער אָביעקט גופא דערשיינט אויף אַזאַ אופן אין אַ נייער ליכט.

אין יעדער קאָמבינאַציע פון אידייעס ווערען אויף אַ נאַטירליכען אופן פאַרשטאַרקט דורך אונזער אויפמערקזאַמקייט די אידייעס, וואָס זיינען אַמפּולסטען אַנטוויקעלט אָדער די וואָס באַהערשען די באַשטימ־טע פּערזאָן. איינער און דיזעלביגער אָביעקט קאָן אויף אַזאַ אופן אַרויסברייננגען ביי פאַרשיידענע פּערזאָנען פאַרשיידענע אידייעס (פאָר־שטעלונגען), — דאָס הייסט ער וועט דורך פאַרשיידענע פּערזאָנען אָפּגעשאַצט ווערען אויף אַ פאַרשיידענעם אופן. די אידייע־גרופּעס, וואָס ווערען אַמלייכטסטען אַרויסגערופען וועלען מיר דעריבער אָנרו־פען די „קאָנטראָלירענדיגע מאַסע פון דער אַפּערצעפּציע". אויף אַזאַ אופן, למשל, זעהט דער מידער וואַנדערער אין דעם וואַלד בלויז אַ פּלאַץ, וואו ער קאָן געפינען אַ שאָטען, וואו אָפּצורוען, בעת דער מאָ־לער, פאַרקערט, באַמערקט די קאָליר־שאַטירונגען און די בוימער־גרו־פּירונגען, און דער האָלץ־האַקער וואַלט באַמערקט בלויז די ליינג און די גרעב פון די שטאַמען, דער וואַלד־היטער — די בלעטער און דער יעגער — די שפּורען פון יאַגד־רויב.

אָבער ווי פאַרשיידען איינער און דערזעלביגער אָביעקט זאָל ניט באַנומען ווערען איז פונדעסטוועגען דאָ אַ געוויסער מעטאָד פון באַ־גרייפען, אַ מין אַפּערצעפּציע, וואָס דורך איר ווירקט אויף אונז יעדע פּאַסירונג אויף איין און דעמזעלביגען אופן. ווען אַ קינד פּרובט זיך צונויפדריקען **אַ האַרטע זאַך דערקלערט ער דעם ווידערשטאַנד, וואָס**

## ווילהעלם יערוזאלעם

ער פילט דערביי מצד דער זאך אלס רעזולטאט פון א ווילען, וואס שטעלט זיך קעגען זיין צוועק. דאס קינד שרייבט צו די זאכען, מיט וועלכע עס איז ארומגערינגעלט, א באוואוסטזיין און א ווילען, וואס איז ענליך אויף זיין אייגענעם, און באטראכט דעריבער די באמערקטע פראצעסען אלס אויסדרוק פון עמיצענס ווילען. א קינד באנעמט יעדען פראצעס אויף אזא אופן, ווי דאס וואלט געווען אן אויסדרוק פון אקטיווקייט פון אירע (פון דער זאך) נטיות און פארשטעלונגען. אבער צווישען אלע נטיות פון דעם מין איז ניטא קיין איינע, וואס זאל זיך כאטש אויף וויפיל עס איז דערנעהנטערען לויט איר קראפט צו אונזער נאטירליכער נטיה צו וועלען עפעס. די דאזיגע נטיה ווערט ביי אונז כסדר ארויסגערופען דורך די באוועגונגען פון אונזער קערפער. פון אלע אונזערע פריערדיגע דערפארונגען דערמאנען מיר זיך אמגרינגסטען דאס, וואס אונז האט זיך געוואלט, און אט דער מין זכרונות בילדעט עם דעם הערשענדיגען סכום פון אפערצעפציעס, וואס דאס קינד ברייננגט אריין אין יעדען פראצעס, צו וועלכען זיין אויפמערקזאמקייט ווערט צוגעצויגען. דאס קינד באטראכט יעדען אביעקט וואס ער באמערקט אין דעם אביעקט אלס א רעזולטאט פון א ווילען וואס ער באמערקט אין דעם אביעקט אלס א רעזולטאט פונא ווילען, וואס דער אביעקט גופא האט. אן ענליכע הילאזאיסטישע (אנימיסטישע) אדער מענשליך־מאסיגע נטיה באמערקט מען אויך צווישען די פרימיטיווע ראסעס. דאס פלייצען פון וואסער; דאס שיינען פון דער זון, פון דער לבנה און פון די שטערן, די אלע פראצעסען ווערען אויסגעטייטשט אלס ווילען־אויסדרוקען פון אומגעזעהענע וועזענס. אט די דאזיגע פארם פון אפערצעפציע, וואס טייטשט אוים אלע פראצעסען פון אונזער סביבה אלס די אויסדרוקען פון דעם ווילען פון אומאפהייניגע אביעקטען באצייכענען מיר אלס פ ו נ ד א מ ע נ ט א ל ע א פ ע ר צ ע פ צ י ע ס.

ק א נ ט רעדט זעהר אפט אין זיין „קריטיק פון ריינעם פארשטאנד" וועגען א „סינטעטישער", „איינגעבארענער" אדער „טראנסצענדענטאלער איינהייטליכקייט פון דער אפערצעפציע." דערמיט מיינט ער צו זאגען, אז דער געדאנק האט די קראפט צו קאמבינירען דאס, וואס דער זעלבסטבאוואוסטזיין באנעמט דורך אינטואיציע. ער זאגט: „דער באגריף „איך דיינק" באגלייט יעדער פארשטעלונג." לויט זיין מיינונג דריקט זיך אוים די דאזיגע פארבאדינגונג פון יעדער ווי־

סען אין יעדען אורטייל־אַקט, און ער זאָגט אויסדריקליך, אז „אַן אורטייל איז ניט מער ווי דער וועג, דורך וועלכען באַשטימטע באגריפען ווערען אריינגעבראכט אין דער אָביעקטיווער איינהייטליכקייט פון דער אַפּערצעפּציע.“ לויט קאַנט׳ן איז יעדער אורטייל דעריבער פאַרבונדען מיט דער טראַנסצעדענטאַלער אַפּערצעפּציע און ער באַטראַכט עס אלס די פונדאַמענטאַלע פאָרם און ערשטען תנאי פון יעדען וויסען.“*)

נאָכפאָלגענדיג קאַנט׳ן, און אונטערשיידענדיג זיך פון אים אין דערזעלביגער צייט אין איניגע וויכטיגע פּרטים, וועלען מיר אַנרופען די דאָזיגע פונדאַמענטאַלע פאָרם און גרונט־תנאי פון דעם גאַנצען מענשליכען וויסען ניט טראַנסצענדענטאַלע, נאָר פונדאַמענטאַלע אַפּערצעפּציע. אַזוי ווי די איינצעל פון דער אַפּערצעפּציע ווערט אונז, לויט קאַנט׳ס מיינונג געגעבען נאָך פאַר יעדער דערפאַרונג, איז זי דעריבער טראַנסצעדענטאַל און אויך „אַפּריאָריש.“ די פונדאַמענטאַלע אַפּערצעפּציע אַנטהאַלט אָבער אין זיך, לויט אונזער מיינונג, א געוויסע דערפאַרונג, נאָר דאָס איז דער מין דערפאַרונג, וואָס יעדער מענשליכער אָרגאַניזם, וואָס איז ארויסגעקומען אונטער דער ווירקונג פון דער סביבה און האָט פון איר באַקומען זיינע איינדרוקען, מוז האָבען און האָט זיי טאַקע פאַקטיש. בעת קאַנט באַטראַכט די טראַנצענדענטאַלע איינהייטליכקייט פון דער אַפּערצעפּציע אלס א בלויזען פאָרמעלען תנאי צו קאָמבינירען אידייעס און פונאַנדערגלידערן זיי אין דעם זעלבסטבאַוואוסטזיין, וועלכען מען קאָן גענויער ניט באַשטימען, — גלויבען מיר, אז מיר געפינען די גענויע באַשטימטע, ספּעציפיש מענשליכע און פּערזענליכע פאָרמולירונג וואָס דאַרף פאָרקומען ביי יעדען אָביעקט, איידער ער ווערט א טייל פון אונזער גייסטיגען אייגענטום, אין דער פונדאַמענטאַלער אַפּערצעפּציע. די פונדאַמענטאַלע אַפּערצעפּציע זעצט איבער דעם פּראָצעס פון דער אוניווערז־שפּראַך אין דער שפּראַך פון דעם מענשען. לאָמיר איצט

---

*) אין מיין מעמאָריעל־ארבייט וועגען קאַנט׳ן (וויען 1904) האָב איך געזוכט צו באַווייזען, אז קאַנט האָט מיט דער דאָזיגער פאָרמולע געמאַכט א נייע און זעהר וויכטיגע פּסיכאָלאָגישע אנטדעקונג. איך האָב דערויף זיך סומך געווען אויך אין מיין ווערק: „קריטישער אידעאַליזם און ריינע לאָגיק“, וויען, 1905, ז. 10.

# ווילהעלם יערוזאלעם

פּרובען אין קורצען אַנצייכענען די עוואָלוציע פון דעם מענשליכען ווי־סען, ווי זי ווערט פאַרגעשטעלט דורך דער פונדאַמענטאַלער אַפּער־צעפּציע.

דער אנהויב פון פּסיכישען לעבען באשטייט ווארשיינליך פון אַ מין נעבעלהאפטען לעבענס־געפיל, וואס וואקעלט זיך צווישען די צוויי עקסטרעמען פון פארגעניגען און אומאַנגענעמקייט. דאַס דאַזיגע פי־לען מוזען מיר באַטראַכטען אלס דעם ערשטען, אינגאַנצען נאָך ניט דיפערענצירטען אָפּרוף פון דעם באוואוסטזיין אויף די רייצונגען, וואס קומען אלס רעזולטאַט פון דער קאָמבינירטע צוזאמענווירקונג פון דעם אָרגאַניזם און זיין סביבה. דער מין פילען שיינט ניט צו האָבען קיין שום באַשטימטע פאַרשטעלונגען; ער איז צעפלאָסען און כאַאָטיש און דריקט זיך אוים אין לעבעדיגע באַוועגונגען, וואס האָבען ניט קיין באַשטימטען צוועק אדער ריכטונג. עס מוז זיין ענליך אויף דעם, וואס מיר פילען, ווען מיר כאַפּען זיך ערשט אויף פון אַ טיפען שלאָף אדער חלשות. מען מעג אויך רעכענען, אז ביי ערשט־געבאָרענע קינ־דער איז דאַ אזא מין באוואוסטזיין.

אויף דער דאַזיגער שטופע שיינען פיין־צושטאַנדען צו זיין מער באַשטימט, ווי די צושטאַנדען פון צופרידענקייט. אן עופה׳לע איז פעהיג איבערצולעבען פארשיידענע אנגענעמע און אומאנגענעמע געפילען שוין אפילו אין די ערשטע טעג פון זיין לעבען, אפשר שוין אפילו אין דער ערשטער שעה. דאַס פּסיכישע לעבען הויבט זיך תיכף אָן פונאַנדערגלידערן און ווערט אַלץ מער פארוויקעלט. דעם קינד׳ס נשמה גיט זיך אַפּ עפּעס אויף אַ מין אומבאַשטימטען אופן אַ דין וחשבון נאָר וועגען אזעלכע זאכען, וואס זיינען גינציג אדער אומ־גינציג פאר זיין אנטוויקלונג. די סביבה עקזיסטירט פאר אים בלויז אויף אזוי פיל, אויף וויפיל זי פארשאפט אים פּיין אדער פארגעניגען. די געפיל־צושטאַנדען פון דעם קינד ווערען פונאַנדערגעגלידערט אין הסכם מיט דער גרויסער פארשיידענקייט פון איינדרוקען, וואס דרינ־גען אריין אין זיין באוואוסטזיין. וואס מער דער המשך צווישען שרייען און שלאָפען ווערט ביי אים פארלייגגערט און דאַס קינד באַ־קומט צייט צו באַנעמען די איינדרוקען פון דער סביבה, אַלץ מער ווערען די פאַרשיידענע שאַטירונגען פון פּיין און פארגעניגען־געפילען פונאַנדערגעטיילט. דער פיינליכער איינדרוק פון קעלט איז אן אנ־דערער, ווי דער וואס קומט פון הונגער. אַ ווארימע באַד פארשאפט

פארגעניגען. אבער דער פארגעניגען איז אן אנדערער, ווי דער, וואס דאָס קינד באַקומט, ווען מען גיט אים זייגען. אלס צוגאָב צו די געפילען פון פיין און פארגעניגען באַקומט אלזא דאָס קינד א נייעם עלעמענט, וואס באַפאַרבט די פאַרשיידענע איינדרוקען, וואס דאָס באוואוסטזיין פון קינד באַנעמט. דער דאָזיגער נייער עלעמענט לאָזט זיך גרינג אונטערשיידען פון די אנדערע און האט א נאָהענטערע שייכות צו דעם כאראקטער פון די זאכען, וואס רופען ארויס דעם איינדרוק איידער צו די איינגעבאָרענע געפילען פון פיין און פארגע־ניגען.

דער דאָזינער עלעמענט איז דער פסיכישער פאַקטאָר, וועלכען מיר רופען ע מ פ פ י נ ד ו נ ג. די עמפפינדונג איז פריער פאַר אלץ א באַשטימטע ענדערונג אין דעם באוואוסטזיין־צושטאנד, וואס אונטערשיידט זיך פון די געפילען פון פארגעניגען און פיין פונקט אזוי קלאָר, ווי יעדער אנדער אונטערשייד אין דעם באוואוסטזיין.

איינפאכע עמפפינדונגען טרעפען קיינמאָל ניט ביי א דערוואַק־סענעם. דאָ האָבען מיר שטענדיג גאנצע קאָמפּלעקסען פון איינדרו־קען, וואס האָבען א שייכות צו אויסערליכע אדער אינערליכע רייצונ־גען, און די דאָזיגע קאָמפּלעקסען ווייזען זיך דערנאָך פאַר אונז אלס דיווירקליכע זאכען אדער פּראָצעסען. אזעלכע קאָמפּלעקסען פון איינדרוקען רופען מיר ב א ג ר י פ ע ן. די פונקציע פון דעם גרונט־באַגריף (די פונדאמענטאַלע אפּערצעפּציע) באַשטייט אין דעם, וואס ער קאמבינירט די פארשיידענע גרופּעס איינדרוקען אין איין איינ־הייטליכען און איינאַרטיגען באַגריף. די באַגריפענע זאך איז דער פּאָטענציעלער צענטער, און די איינדרוקען, וואס זי רופט ביי אונז ארויס זיינען זיינע פּאָטענציעלע אויסדרוקען אדער א ט ר י ב ו ט ע ן.

די חוש־באַגריפען מאכען אויף אונזער אָרגאַניזם אזא ווירקונג, אז דאָס בילד פון דעם אָביעקט זאָל זיך שוין קאָנען ווייזען פאַר אונזער באוואוסטזיין אפילו, ווען עס ווייזט זיך אין דער ווירקליכקייט ניט פאַר אונזערע חושים (דאָס הייסט מיר זאָלען זיך עס קאָנען פאַר־שטעלען, אפילו ווען מיר האָבען עס ניט פאַר זיך). די דאָזיגע רעפּראָ־דוצירטע חוש־באַגריפען ווערען געוויינליך גערופען א י ד י י ע ס (אדער פאַרשטעלונגען.) דער כאראקטער פון די דאָזיגע אידייעס ווערט באַשטימט דורך פארשיידענע געזעצען, אבער דערהויפּט ווערען זיי באַשטימט דורך א מין קאָנצענטראציע פון דעם אָרגאַניזם, וועלכע

מיר באצייכענען אלס א ו י פ מ ע ר ק ז א מ ק י י ט. דער אינסטינקט פון זעלבסט־דערהאלטונג צווינגט דעם מענשען שוין אין זיין פרימיטיווען צושטאנד אז ער זאל פריער פאר אלץ קאנצענטרירען זיין אויפמערקזאמקייט אויף די אייגענשאפטען פון די אביעקטען פון זיין סביבה, וואס האבען די גרעסטע באדייטונג פאר'ן איינהיטען פון זיין לעבען. דאס דאזיגע קאנצענטרירען פון דער אויפמערקזאמקייט אויף אייגענשאפטען, וואס האבען א ביאלאגישע וויכטיגקייט שאפט די אזוי גערופענע טיפישע אידייעס, וועלכע שטעלען מיט זיך פאר די ערשטע מדרגות פון די לאגישע באגריפען, וואס וועלען זיך שפעטער אנטוויקלען. די אנטשטייאונג פון די טיפישע אידייעס איז דעריבער גוט צוגעפאסט בולט צו מאכען דעם ביאלאגישען פאקטאר פון דעם מענשליכען וויסען, פון וועלכען זיי שטאמען. מיר לערנען זיך אויס, פריער פאר אלץ, צו קאמבינירען ענליכע זאכען אונטער אן איינצעלנער אידייע דורך דעם, וואס מיר שיינקען אונזער ספעציעלע אויפמערקזאמקייט די זאכען, וואס העלפען אונז מיט אין דער דערהאלטונג פון אונזער לעבען, און מיר באקומען אויף אזא אופן די וויכטיגסטע מיטלען, וואס העלפען אונז איינארדענען אויף א נוצליכען. דאס הייסט אויף אן עקאנאמישען אופן אונזער דערפארונג.

די עוואלוציע פון דער שפראך שטעלט מיט זיך פאר איינעם פון די וויכטיגסטע שריט פארויס אין דעם פרט. די שפראך־קלאנגען שטאמען ווארשיינליך פון די אויסגעשרייען, וואס האבען אויסגעדריקט געפילען. נאכדעם, ווי איינע און דיזעלביגע איינדרוקען חזר'ן זיך א סך מאל איבער פאלט שוין דער געפיל־עלעמענט אפ און די קלאנגען הויבען אן דינען צו באצייכענען פראצעסען, וואס קומען פאר אין דער סביבה פון דעם וואס גיט ארויס די קלאנגען. די דאזיגע קלאנגען ווערען פון אונזערע מיטמענשען פארשטאנען און ווערען שוין שפעטער ציל־באוואוסטזיניג באנוצט כדי צו פארבינדען זיך דורך זייער הילף מיט אנדערע מענשען צוליב געמיינזאמע צוועקען. די עלעמענטארסטע לינגוויסטישע קלאנגען, וואס זיינען געוויינליך אן איינזילביגע שורש־פארם, דריקען אויס א גאנצען פראצעס ניט מאכענדיג דערביי קיין שום חלוק צווישען דעם אביעקט און זיינע אויסערונגען.

ווען אט די דאזיגע פשוטע קלאנגען הערען שוין אויף אויסצודריקען אלץ וואס מען פארלאנגט פון זיי, הויבט מען אן פרובירען

צו באַשרייבען די געשעהענישען און איינדרוקען דורך א קאָמבינאַציע פון צוויי אדער מער שרשים. אויף אזא אופן ווערט דער אָריגינעלער שורש פונאַנדערגעטיילט אין א סוביעקט און אָביעקט און עס ארבייט זיך אויס די פאָרם פון דעם שפּראַך־זאַץ. די דאָזיגע תקופה פון אנט־וויקלונג, וועלכע מען באַמערקט קלאָר ביי קינדער, וואָס לערנען זיך ערשט ריידען האט א טיפע באַדייטונג. די פונדאַמענטאַלע אַפּער־צעפּציע דערגרייכט אַלזא איר געהעריגען אויסדרוק אין דעם זאַץ. די פאָרם, אין וועלכער מיר זיינען פון איצט אָן געצוואונגען צו באַנעמען די וועלט איז אויף אזא אופן שוין קלאָר באַשטימט. דער פּראָצעס, וואָס ווערט דערמיט אויסגעדריקט אין ווערטער איז פולשטענדיג פאָרמירט, איז געהעריג פאַרבונדען מיט די איבעריגע פּראָצעסען און איז אין דערזעלביגער צייט אָביעקטיווירט געוואָרען. די פונדאַמענ־טאַלע אַפּערצעפּציע, וואָס איז אויף אזא אופן אנטוויקעלט געוואָרען דורך דער שפּראַך וועלען מיר באַצייכענען אלס די פונקציע פון אורטייל. דער סוביעקט, וואָס אורטיילט, ווערט אויף אזא אופן אויסגעטיילט אלס צענטער פון ענערגיע, וואָס איז דורכאויס אָביעקטיוו און דער פּרעדיקאַט דריקט אויס די דאָזיגע ענערגיע, אויף וויפיל זי ווייזט זיך ארויס אין איר זעלבסטאויסדרוק.

אָבער אַזוי ווי דער איינציגער קלאַנג קלעקט שוין מער ניט אויף אויסצודריקען א פּראָצעס, הויבט זיך איצט אָן א נייע און זעהר וויכטיגע תקופה פון אנטוויקלונג. דער סוביעקט פון דעם אויסדרוק „די רויז שמעקט," דאָס הייסט דאָס וואָרט „רויז" דריקט שוין מער ניט אויס דעם גאַנצען פּראָצעס. אנשטאַט דעם ווערט זי, — די רויז, — דער מקור פון יעדען מעגליכען רעזולטאַט, וואָס מיר קאָנען באַקומען פון דער פאָרשטעלונג וועגען דער רויז. אַלע אָביעקטען, וואָס פאַר־מאָגען ענליכע מעגליכקייטען ווערען באַשריבען אונטער איין נאָמען און ווערען אויף אזא אופן באַנומען אלס אַן איינציגער אקט פון גע־דאַנקען. דאָס וואָרט טראָגט אין זיך ענדליך אַלע אטריבוטען און צושטאַנדען, וואָס האָבען א שייכות צו אַלע אָביעקטען, וואָס טראָגען דעמזעלביגען נאָמען, און די טיפּישע אידייע אנטוויקעלט זיך אויף אזא אופן אין א איינצעלנעם באַגריף, וואָס ווערט שטענדיג אויסגע־דריקט דורך דאָס וואָרט.

אָבער דער פּרעדיקאַט טיילט אָפּ די אטריבוטען, צושטאַנדען און שייכות'ן פון דעם סוביעקט, צו וועלכען זיי געהערען. אויף אזא אופן

## ווילהעלם יערוזאַלעם

קאַן מען זיי אַנהויבן באַטראַכטן באַזונדער. אַזעלכע אַטריבוטן, ווי „האַרט און ווייך“, אַזעלכע צושטאַנדן ווי „באַוועגונג און רו,“ אַזעלכע שייכות'ן ווי „גרויס און קליין“ ווערן שוין אַלזאַ אָביעקטן פון געדאַנק און ווערן אויף אַזאַ אופן פאַרוואַנדעלט אין באַזונדערע באַגריפן. בלויז נאָכדעם ווי דאָס אַלץ איז שוין פאָרגעקומען ווערט מעגליך צו פאַרוואַנדלען די ענליכקייטן און אייגנאַרטיגקייטן אין דער נאַטור פון בלויז פאַרביישווימענדיגע איינדרוקן צו אַ צושטאַנד פון שטענדיגע באַזיצונגען פון דעם מענשליכן געדאַנק. אָבער דער מענשליכער געדאַנק באַקומט אויף אַזאַ אופן נייע און בעסערע אינסטרומענטן פון געדאַנק, מיט וועלכע ער קאָן אויף אַ גרינגערן אופן אָרגאַניזירן זיין דערפאַרונג און אויך פאַרשטיין און קאָנטראָלירן די אַרומיגע פּאַסירונגען. די פונקציע פון אורטייל רופט כסדר אַרויס אַלס נייע און נייע, מער פאַרוויקעלטע און פאַרשיידענאַרטיגע פאָרמען און אַנטפּלעקט פּינקטליכע, איינפאַכע און באַקוועמע פאָרמולעס פאַר די באַנומענע אינהאַלטן פון געדאַנק.

אַ חוץ דעם ווערט פון דער שפּראַך אין דער עקאָנאָמיע פון געדאַנק, ווילן מיר אויפמערקזאַם מאַכן דעם לעזער אויף נאָך אַן אַנדער זייט פון דעם ענין. אַזוי ווי אַלע, וואָס ריידן אין דערזעלביגער שפּראַך דריקן אויס איינע און דיזעלביגע באַגריפן מיט דיזעלביגע ווערטער און ענליכע אורטיילן אין דיזעלביגע זאַצן, ווערט דער עלעמענט פון סאָציאַלער אוניווערזאַלקייט פאַרבונדן מיט דער עקאָנאָמיע פון געדאַנק. די ווערטער און זאַצן, וואָס איך באַנוץ לויט זייער אָנגענומענער באַדייטונג זיינען די פּראָדוקטן פון אַ קאָמבינירטער אָנשטריינגונג פון די אַלע, וואָס באַנוצן זיך מיט איין און דעמזעלביגן לשון. דאָס וואָס איך פערזענליך זאָג אַרויס ווערט איבערגעגעבן אויף אַזאַ אופן ניט בלויז דורך מיינע אייגענע ווערטער, נאָר דורך דעם פּראָדוקט פון דער אַלגעמיינער אָנשטריינגונג. יעדעס מאָל, ווען איך באַנוץ זיך מיט אַן אויסדרוק וואָס אַלע פאַרשטייען און אַלע באַנעמען, נעם איך גלייכצייטיג פאָרויס אָן, אַז אַלע באַנעמען די ווערטער און געדאַנקען, ווי איך אַליין. פון אָט דעם אַלגעמיינעם באַנוצן זיך מיט דער שפּראַך אַרבייט זיך אויף אַזאַ אופן אויס אַ סכום פון אַלגעמיין־אָנגענומענע אורטיילן. יעדערער פון אונז ווערט שוין געבוירן מיט אָט דער ירושה און די סאָציאַלע ווירקונג פון דער אַלגעמיינער שפּראַך און געדאַנק האָט אַ טיפע ווירקונג אויף דער אַנטוויק-

לונג פון דעם יחיד. דער דאָזיגער סאָציאַלער פאַקטאָר איז דער אנטוויקלונג פון דער עפּיסטעמאָלאָגיע פאַרדינט א באַזונדערע באַטראַכטונג.

א חוץ די באַגריף־אורטיילען, דורך וועלכע א פּאַסירונג וואָס איז ערשט באַנומען געוואָרען ווערט פאַרמירט, פונאַנדערגעגלידערט און אַביעקטיווירט אויף דעם געוויינליכען אופן, ווערען אויך געשאַפען באַגריף־אורטיילען, אין וועלכע די איינאַרטיגקייטען פון די פּאַסירונגען ווערען פאַרמולירט אַזוי, אַז מען שרייבט צו באַשטימטע באַגריפען צו באַשטימטע אַטריבוטען. דער אויסדרוק „דער וואָלפיש איז א זויג־טיר" באַדייט, אַז די אַטריבוטען (אייגענשאַפטען), וואָס זיינען כאַראַקטעריסטיש פאַר אַלע זויגטירען געהערען אויך צו דעם וואָלפיש. עס ווערט אַלזאָ מעגליך צו באַהויפּטען אויפ'ן גרונט פון אַט דעם אורטייל, אַז די וואָלפיש האָבען רויטע וואַרימע בלוט, אָטעמען דורך די לונגען, געבערען לעבעדיגע קינדער א. א. וו. אָבער די אָריגינעלע פאָרם פון דעם אורטייל פאַרבלייבט פונדעסטוועגען אומפאַרענדערט. דער רויער אַנטראָפּאָמאָרפיזם וואָס מיר געפינען אין די פאַרצייטיגע ציוויליזאַציעס און צווישען קינדער און וואָס באַטראַכט די גאַנצע אַרומיגע סביבה אַלס אַזאַ, וואָס באַזיצט א מין מענשליכע נשמה און יעדע אייגענשאַפט פון די זאַכען אַלס דעם אויסדרוק פון עמיצענס א ווילען קאָן ניט גיין האַנט ביי האַנט מיט דער פּראָגרעסירענדיגער וויסענשאַפט. אָבער אַפילו דער אבסטראַקטסטער באַגריף פאַרבלייבט א מין פּאָטענציעלער צענטער פון געדאַנק, אַזוי אַז מיר באַנעמען זיינע אַטריבוטען, אַלס דעם רעזולטאַט פון זיין אַקטיוויטעט.

דער באַגריף וועגען אמת'דיגקייט, וואָס האָט אַזאַ גרויסע באַדייטונג פאַר עפּיסטעמאָלאָגיע שטאַמט אויך פון דער פונקציע פון אורטייל. אַפילו פּלאַטאָן און אַריסטאָטעל האָבען שוין גאַנץ ריכטיג געהאַלטען, אַז דער אורטייל אונטערשיידעט זיך פון דער אידייע — אָדער ווי אַריסטאָטעל דריקט זיך אויס: „פון דער ניט פאַרבונדענער שפּראַך" — דערמיט, וואָס אמת'דיגקייט און פאַלשקייט קאָנען זיין בלויז סמנים פון אַן אורטייל. די אידייע (פאָרשטעלונג), וואָס איך לעב דורך עקזיסטירט אין דער ווירקליכקייט, אָבער אַלס פאָרשטעלונג איז זי ניט אמת'דיג און ניט פאַלש. אויב מיר ריידען אַמאָל ניט קוקענדיג דערויף, וועגען ריכטיגע און ניט ריכטיגע אידייעס, איז דאָס בלויז א ניט־פּינקטליכקייט, וואָס מען

קאָן זיך דערלויבען, כדי אויסצודריקען אַ געדאַנק בקצור. **אַ ריכטיגע** אידייע איז אַן אידייע וואָס פירט מיך צו אַ ריכטיגען אורטייל, **אַ** פאַלשע אידייע איז אַזאַ, וואָס קומט פון אַ ניט ריכטיגען אָדער פאַלשען אורטייל. די פּרעדיקאַטען פון אמת'דיגקייט און פאַלשקייט קאָנען אָבער ניט אַנגעווענדעט ווערען צו די אַקטען פון ווילען און געפיל. בלויז בנוגע צו די אורטיילען, וועלכע קומען פאַר אונזערע געפילען און ווילענס־אַקטען און בילדען אַ וויכטיגען טייל פון די דאָזיגע איבער־לעבונגען קאָן מען אַנווענדען די פּרעדיקאַטען פון אמת און פאַלשקייט. די ריכטיגקייט פון דעם געפיל־צושטאַנד וואָס קומט דערפון אַרויס הייננגט אָפּ פון דער ריכטיגקייט אָדער פאַלשקייט פון די אור־טיילען (ריכטיגער פאַראורטיילען), וואָס זיינען דאָ פאַרמישט.

דער באַגריף וועגען אמת'דיגקייט קאָן אַלזאָ אַנגעווענדעט ווערען בלויז בנוגע צום אורטייל. די האַרבע קשיא וואָס בלייבט אָבער איז פאָרט: ווי אַזוי ווערט אָט דער באַגריף באַשאַפען און וואָס באַדייט ער? פון דעם שטאַנדפּונקט, וועלכען מיר האָבען פריער אָנגעצייכענט איז דער ענטפער ניט קיין זעהר שווערער. דער אורטייל גלידערט פונאַנדער און אַב־אַקטיווירט אַ געוויסען פאָרשטעלונג־אינהאַלט. דאָס מיינט, אַז דער אורטייל איז אַ רעזולטאַט פון דער אינווייניגסטער אַקטיווקייט פון אונזער גייסט. ס'איז אַן אַקט, דורך וועלכען די באַ־קומענע איינדרוקען ווערען אויסגעטייטשט. ווען מיר וועלען זיך בלויז דערמאָנען אַז דער דאָזיגער אַקט האָט זיינע וואָרצלען אין דעם קאַמף פאַר זעלבסט־דערהאַלטונג וועלען מיר גרינג פאַרשטיין, אַז די אויס־טייטשונג, וואָס קומט פון דעם איינדרוק האָט לויט איר גאַנצען אינ־האַלט און צוועק די אויפגאַבע צו באַשטימען וואָס פאַר אַ מיטלען דער אָרגאַניזם דאַרף אַננעמען, כדי ווי געהעריג צוצופּאַסען זיין אָפּרוף צו דעם איינדרוק. אויף דער דאָזיגער שטופע פון איר עוואָלוציע איז די אויסטייטשונג דעריבער ריכטיג, ווען אירע רעזולטאַטען ברייג־גען צו אַ גינציגער צופּאַסונג פון די מיטלען צו די צוועקען; זי איז אָבער פאַלש, ווען זי ווערט אַ יסוד פאַר פאַלשע מיטלען, דאָס הייסט פאַר אַזעלכע, וואָס זיינען שעדליך פאַר דער דערהאַלטונג פון לעבען. גענויער גערעדט, מיינט עס, אַז די שייכות צווישען דער אויסטייטשונג און דער פּאַקטישער לאַגע, וואָס מיר אַנערקענען שפּעטער אַלס פאַלש אָדער ריכטיג, עקזיסטירט תחילת בלויז אַלס אַ טענדענץ פון דעם אָרגאַניזם צוצופּאַסען זיך אויף די פּאַסירונגען. אָבער מיט דער צייט,

# פילאסאפיע

ווען די ציוויליזאציע פראגרעסירט און די תנאים פאר דער זעלבסטדערהאלטונג ווערען מער קאמפליצירט, ווען דער מענש באקומט די מעגליכקייט צו באנעמען אזעלכע הויכע אידעאלען, וואס קאנען דערגרייכט ווערען בלויז מיט דער הילף פון א לאנגער רייע זארגפעליג אויסגעפרובטע פארזוכען און איז געצוואונגען צו שטרעבען צו זייער פארווירקליכונג, ווערט דער המשך צווישען דער אויסטייטשונג און רעכטפארטיגונג אלץ לענגער און לענגער. מיר מאכען אפט אויספירען אדער באהויפטונגען, וואס קאנען דירעקט ניט באשטעטיגט ווערען. דאס וואס אזעלכע באהויפטונגען ווערען איבערגעגעבען אין ווארט און שריפט גיט אונז די מעגליכקייט צו האלטען זיך אן זיי, ביז זיי וועלען שפעטער באשטעטיגט (אדער אפגעלייקענט) ווערען. אבער אזוי ווי ניט אלע באהויפטונגען (אדער אויסטייטשונגען) ווייזען זיך ארויס פאר נוצליך מוז מען מיט דער צייט מאכען אן אויסוואל צווישען זיי. זוכען מיר שוין דעריבער די תנאים פון זייער שפעטערדיגער נוצליכקייט און פון דעם וואקסט ארויס דער באגריף וועגען אמת'דיגקייט און אמת. די אמת'דיגקייט פון אן אורטייל איז אלזא ניט מער און ניט ווייניגער ווי דער פראקטישער ווערט וואס דער אורטייל האט ביים באשטימען די מיטלען, וואס זיינען נויטיג פאר'ן מענשליכען וואוילזיין. דער דאזיגער אקטיוויסטישער עלעמענט אין דעם באגריף פון אמת, וואס זעט שטענדיג פארויס די קומענדיגע רעזולטאטען, איז ביז דער לעצטער צייט כמעט ניט באקאנט געווען און איז נאך ניט אפגעשאצט געווארען ווי געהעריג. יעדער אבסטראקטער געדאנק איז א מין דערוויילגער אורטייל מיט אן אויסקוק אויף דער צוקונפט. אבער אזוי ווי די מענשליכע טעטיגקייט ווערט אלץ מער און מער ווייטבליקענדיג און שטעלט זיך אלץ העכערע און העכערע צוועקען, העלפט אונז דער אבסטראקטער דיינקען צו מאכען א וואקסענדיגען המשך צווישען דער אויסטייטשונג און איר נוצליכקייט. אויף אט דעם אופן דערגרייכט דער אבסטראקטער געדאנק און אונטערזוכונג א בערכ'דיגע אומאפהייגיגקייט, וואס שאפט אפט דעם איינדרוק, אז דאס דיינקען איז א באזונדערע פונקציע, וואס הייגגט ניט אפ פון די פאקטישע לעבענס־אומשטענדען. דער ריינער אבסטראקטער געדאנק ברייגגט אבער פונדעסטוועגען ארויס כללים און באגריפען, וואס פירען צו נייע וועגען ווי פעסטצושטעלען דעם באגריף פון אמת. אין דעם סאציאלען לעבען איז אבער דא איין פאקט, וואס העלפט

מיט קלארער צו פארשטיין דעם אבסטראקטען מהות פון אמת. איך מיין דא די אנטשטייאונג פון דער אפלייקענונג, פון דעם נעגאטיווען ווארט־טייל. פארשיידענע פערזאנען דריקען אפט אוים איינע און דיזעלביגע פאקטען אויף פארשיידענע אופנים. אין אנהויב פון דער קולטורעלער אנטוויקלונג גיט יעדע אויסטייטשונג אין דערזעלביגער צייט אן אנצוהערעניש אויף א פראקטישען פועל יוצא. ווער עס זאגט זיך אפ אנצונעמען מיין אויסטייטשונג ווארפט אויך אפ איר פראקטישען פועל יוצא. דאס דאזיגע אפווארפען ווערט באגלייט מיט אן אויסדרוק פון פראטעסטירענדיגע געפילען, וואס דריקען זיך אוים אין כאראקטעריסטישע קלאנגען. ווען אט דאס אפזאגען זיך אנצונעמען דעם פראקטישען אויספיר ווערט אפט איבערגע׳חזר׳ט פארשווינדען ביסלעכווייז די שטארקע געפילען און דער אנטשפרעכענדיגער קלאנג ווערט אלס נעגאטיווער ווארט־טייל א פארמעלער עלעמענט פון אורטייל. אין יעדען פאל, ווען מען טייטשט עפעס אוים, דאס הייסט ווען מען בויט אן אורטייל, מוז מען זיך רעכענען מיט דער מעגליכקייט פון אן אפלייקענונג. ווען איך האלט זיך אבער פעסט אן מיין אויסטייטשונג, ניט קוקענדיג אויף דער אפלייקענונג, ברייננט מיין פארטיידיגונג צו א קלארערער פארשטעלונג וועגען דער ריכטיגקייט פון דעם אורטייל.

די אמת׳דיגקייט איז אלזא א מין באשטימטע שייכות צווישען דעם אקט פון אורטיילען און דער דערשיינונג, וועגען וועלכער מען אורטיילט. מיר דארפען איצט באשטימען דעם כאראקטער פון דער שייכות און די תנאים, אונטער וועלכע זי עקזיסטירט. מיר זיינען געוויינט צו זאגען, אז דער אמת איז א מין הסכם פון דעם אורטייל מיט דעם פראצעס, פון וועלכען דער אורטייל שטאמט. דאס דארף מיינען, אז דער אורטייל פאלגט פשוט נאך דעם אביעקטיווען פראצעס און קאפירט אים. די דאזיגע נאיווע פארשטעלונג אנטשפרעכט אבער ניט די מאדערנע באגריפען. מיר ווייסען, אז דער אורטייל פארמולירט און גלידערט פונאנדער דעם אינהאלט פון די פארשטעלונגען. עס קאן דעריבער גאר קיין רייד ניט זיין וועגען א מין הסכם צווישען זיי. גיכער דארפען מיר זאגען: אז אורטייל איז אמת׳דיג, ווען די פארמולירונג און אביעקטיווירונג, וואס ער דריקט אוים, אנטשפרעכט די ריכטיגע פראצעסען אויף אזא אופן, אז די פארויסזאגונג, וואס ווערט באגרינדעט אויף א געוויסען אורטייל, ווערט שפעטער בארעכטיגט

דורך די פאַקטען. פון דעם איז במילא פאַרשטענדליך, אַז דער אורטייל אַנטשפּרעכט דעם פּראָצעס, פון וועלכען ער שטאַמט, אַז ער שטימט מיט אים אָדער פאַלט צוזאַמען מיט אים. דער אורטייל מוז זיין אַ פונקציע פון דעם אמת'ען פּראָצעס אין דעם זינען, אַז אַן ענדערונג פון די אָביעקטיווע פאַקטען ברייננט מיט זיך אַן ענדערונג פון דעם אורטייל, און אַז די פאָלגען, וואָס קומען אַרויס פון אַזאַ געענדערטען אורטייל פאַרבלייבען גילטיג פאַר דעם געענדערטען פּראָצעס.

די וויכטיגסטע און אַנטשיידענדיגסטע מאָס פון אמת'דיגקייט פון אַן אורטייל (באַהויפּטונג) באַשטייט אין דעם, וואָס דער אורטייל ווערט באַשטעטיגט אין לעבען. אַזאַ מאָס רופען מיר דער אָביעקטיווער קריטעריי. דער איבערצייגענדיגער סמן פון דער אמת'דיגקייט פון אַן אורטייל באַשטייט ניט אין דער „קלאָרקייט" פון דעם ענין און ניט אין דעם, וואָס אַזאַ אויספיר איז „נויטיג" צו מאַכען, נאָר אין דעם, וואָס די פאָרויסזאָגונגען, וועלכע ער האָט געמאַכט, ווערען באַשטעטיגט. דאָס איז דער איינציגער וועג, אויף וועלכען מיר קאָנען באַקומען אַן אומצווייפעלהאפטיגען באַווייז פון דער ריכטיגקייט פון אונזערע אורטיילען.

עס זיינען נאַטירליך דאָ אויך אורטיילען, וואָס קאָנען ניט באַשטעטיגט ווערען. יעדעס מאָל ווען מיר אורטיילען וועגען פאַרגאַנגענע געשעהענישען אָדער ווען מיר טרעטען אַריבער, אויס דאָרשט צום וויסען, איבער די גרעניצען פון אונזער דערפאַרונג, מוזען מיר זיך באַנוגענען מיט אַ ווייניגער זיכערען קריטעריי פון אמת, וועלכער גיט אונז בלויז די זיכערקייט, אַז מיר גייען ניט אויף קיין זיכער־פאַלשען וועג. אַזאַ מין קריטעריי שטעלען מיט זיך פאָר די הסכמות פון די זעלבער־צייטיגע דענקער. מיר וועלען דאָס באַצייכענען אַלס צווייטען־סובּיעקטיווער קריטעריי.

די דאָזיגע צוויי קריטעריען גיבען אונז די מאָס, מיט וועלכער מיר שאַצען אָפּ די ריכטיגקייט פון אַן אורטייל, אפילו ווען מיר טוען עס ניט שטענדיג באַוואוסטזיניג. ווען מיר טראַכטען וועגען אַ געוויסען אורטייל קומען אונז אויפ'ן זינען די באַשטעטיגונגען פון דעם אורטייל, וואָס זיינען געבויט אויף פריערדיגע דערפאַרונגען, און מיר זיינען דעריבער זיכער אין זייער אויספיר, נאָך איידער מיר האָבען צו טאָן מיט די רעזולטאַטען. אויף דעמזעלביגען אופן זיינען מיר

אפט פארויס זיכער אין דער הסכמה פון אונזערע צייטמענשען. ביי אלע מאטעמאטישע אורטיילען, דאס הייסט ביי אזעלכע, ביי וועלכע מיר האבען צו טאן מיט מאסען און צאלען, זיינען מיר פעסט איבער־צייגט (פארשטייט זיך, ווען די חשבונות ווערען געמאכט לויט די אנגענומענע מאטעמאטישע געזעצען), אז די פארויסזאגונגען, וואס מיר בויען אויף אונזערע אורטיילען, וועלען זיך פארווירקליכען און אז יעדער דיינקער, וואס פארשטייט דעם מיין פון אונזער אורטייל, וועט מיט אונז פולשטענדיג איינשטימען. אלס פועל יוצא פון דער דאזיגער אלגעמיינער זיכערקייט אין דער ריכטיגקייט פון געוויסע אור־טיילען האלטען זיך א סך דיינקער ביי דער מיינונג, אז עס זיינען דא געוויסע אורטיילען, אין וועלכע מיר זיינען זיכער אהן שום ספקות, ווייל זיי קומען פאר יעדער דערפארונג און נויטיגען זיך ניט אין א באַ־שטעטיגונג דורך דערפארונג. פ ל א ט א ן האט אויף אט דעם כלומר׳שטדיגען פאקט געבויט זיין ארגומענט ווענען דעם, אז די מענש־ליכע נשמה האט עקזיסטירט פריער פאר׳ן קערפער, ווייל זי פארמאגט א וויסען, וועלכען מיר האבען ניט געקאנט באקומען דורך אונזער דערפארונג אין לעבען. די דאזיגע אינטואיציעס זיינען זכרונות פון דער צייט, ווען די נשמה, וואס האט זיך נאך ניט אויסגעמישט מיט׳ן קערפער, האט עקזיסטירט אלס א ריינער, געטליכער וועזען און איז דעריבער פעהיג געווען אריינצוקוקען אין דעם סאמע עצם פון די זאכען. אין א ווייניגער מיסטישער פארם ווייזט זיך די דאזיגע פאר־שטעלונג ווידער ביי די פילאסאפען פון דעם 17־טען און 18־טען יארהונדערט, ווען זיי ריידען ווענען „איינגעבארענע אידייעס", תחילת׳־דיגע אינטואיציעס, און שרייבען צו דעם שכל די פעהיגקייט צו אנט־דעקען דעם אמת בלויז דורך זיינע אייגענע כחות. ק א נ ט האט אונטערזוכט די דאזיגע פעהיגקייט אין זיין „קריטיק פון ריינעם פאר־שטאנד". אין דעם ערשטען טייל פון זיין ארבייט פרובט ער זיך ענטפערען אויף דער פראגע: „ווי איז מעגליך געווארען די ריינע מאטעמאטיק?" ער וויל באווייזען דורך וועלכע איינגעבארענע איינענ־שאפטען פון אונזער אינטואיטיווער פעהיגקייט האבען מיר באקומען די מעגליכקייט צו מאכען אורטיילען, אין וועלכע עס זיינען נימא קיין שום דערפארונג־עלעמענטען און פאר וואס אט די טראנסצענדענטאלע אורטיילען מוזען זיין גילטיג ביי יעדער מעגליכער דערפארונג.

די ביאלאגישע טעאריע ווענען דעם וויסען־פראצעס און ספעציעל

# פילאסאפיע

וועגען דעם באגריף פון אמת ווייזט אונז אבער, אז די הנחה וועגען אזא איינגעבארענער אייגענשאפט פון תחילת'דיגער אינטואיציע איז ניט נאר איבעריג, נאר פשוט פאלש. אין יעדען פאל, ווען מיר ריידען וועגען „פארשטענדליכקייט" אדער וועגען לאגישער נויטווענדיגקייט בויט זיך אט די פארשטענדליכקייט און לאגישע נויטווענדיגקייט אויף פריערדיגע דערפארונגען. דער מענשליכער געדאנק האט אין משך פון זיין עוואלוציע זיך אויסגעלערענט מסדר צו זיין זיינע דערפארונגען אויף א שפארעוודיגען אופן. ער האט אנטדעקט מיטלען, ווי אויס־צונוצען די דערפארונגען פון די פארגאנגענע דורות אין א פארטיגער פארם און איינהאלטען זיי אין זכרון אלס פשוט'ע פארמולעס. און אויף אזוי פיל, אויף וויפיל יעדער נייער דור בויט ווייטער אויפ'ן יסוד פון דעם, וואס איז שוין פריער דערגרייכט געווארען פארשפארט ער זיך שוין די טרחה פון איבער'חזר'ן זיין אויפגאבע פון אנהויב אן. שוין אין די פאלקסשולען לערנט מען די קינדער צו באנוצען זיך מיט די גע'ירשנ'טע געדאנקען־מיטלען און אופנים, אזוי אז מיר הויבען אן אויף א גאנץ נאטירליכען אופן צו באטראכטען די געדאנקען־פארמען, צו וועלכע מיר זיינען צוגעוויינט געווארען פון קינדהייט אן אלס אן איינגעבארענע אייגענשאפט פון דעם מענשליכען געדאנק, — בעת אין דער ווירקליכקייט זיינען די דאזיגע פארמען ניט מער און ניט ווייניגער ווי א זארגפעליג איבערגעגעבענע ירושה, וואס מיר האבען באקומען פון די פארגאנגענע דורות.

ווען עמיצער זאל פרובען געבען אן אנאליטישע באשרייבונג פון דעם פראצעס פון וויסען, ווי ער קומט איצט פאר אין דעם באוואוסט־זיין פון דערוואקסענע מענשען, וואלט ער זיך תיקף געמוזט אנשטויסען אויף עלעמענטארע פראצעסען, וועגען וועלכע דער יחיד קאן שוין ניט באהויפטען, אז זיי קומען פון זיין פערזענליכער דערפארונג. אויף אזא אופן וואלט זיך ווידער באוויזען אן „א־פריארי", אן איינגעבארע־נער פארמעגען פון באגריפען און געדאנקען־פארמען. אבער גראד דער־פאר טויג טאקע ניט דער אנאליטישער באשרייבענדיגער מעטאד פאר דער אונטערזוכונג פון פסיכאלאגישע פאקטען און געזעצען. די אמת'ע זאכלאגע ווערט אנטפלעקט בלויז מיט דער הילף פון דעם גענעטישען און ביאלאגישען מעטאד פון דערקלערונגען.

דער דערקלערונג־מעטאד ניט גאנץ אלזא א רעכט צו זאגען: עס איז ניטא קיין שום א־פריארי וויסען. די וויסען־פארמען, וואס זיינען

געמיינזאם ביי אלע מענשען, קומען ארויס פון דער צוזאמענארבייט פון דעם ארגאניזם מיט זיין סביבה. און מיר מוזען דעריבער באַ־טראכטען די פ ו נ ד א מ ע נ ט א ל ע א פ ע ר צ ע פ צ י ע און די פ ו נ ק צ י ע פ ו ן א ו ר ט י י ל אלס די וויכ־טיגסטע און גרינדליכסטע פון די דאזיגע פארמען. די געדאנקען־וויכטיגסטע און גרינדליכסטע פון די דאזיגע פארמען. די געדאנקען־(ס ו ב ס ט א נ צ י א ל י ט ע ט און ק א ו ז א ל י ט ע ט), וועל־כע ק א נ ט באטראכט אלס איינגעבארענע גרונט־באגריפען פון דעם פארשטאנד, קומען אויך ארויס דורך דעמזעלביגען פראצעס.

דער באגריף וועגען סובסטאנץ, אונטער וועלכע מיר פארשטייען א באשטענדיגע אומפארענדערליכע רעאלקייט, וואס געפינט זיך הינ־טער יעדען פענאמען, עקזיסטירט שוין אלס פראטאטיפ אין אונזער חוש־איינדרוק. וואו די סכום׳ען פון איינדרוקען ווערען קאמבינירט אין איינארטיגע זאכען דורך דער פעהיגקייט פון דער פונדאמענטאלער אפערצעפציע. אין אונזער באגריף וועגען א „זאך“ אונטערשיידען מיר די זאך פון אירע אטריבוטען און באטראכטען זי אלס „עפעס“. וואס פארבלייבט אין עצם אויף שטענדיג, ניט קוקענדיג אויף די ענדע־רונגען, וואס קומען פאר אין איר צושטאנד און שייכות צו אנדערע זאכען. די פונקציע פון אורטייל באטראכט אויך אלס עטוואס באַ־שטענדיגעם דעם סוביעקט, וועלכער ווערט באנומען אלס דער קוואל פון די אקטיווקייטען, וואס ער צייגט ארויס. ווען מיר געוויינען זיך צו אונטערצושיידען אויך צווישען דער מאטעריע און דער פארם פון די זאכען קומט אויס, אז די מאטעריע איז דאס, וואס בלייבט איבער נאך אלע ענדערונגען פון פארם און באוועגונג און האלט איין איר אידענטישקייט. אויף אזא אופן בילדעט זיך אויס דער באגריף וועגען אן אומפארענדערליכען, באשטענדיגען וועזען, וועלכער איז דער יסוד פון אלע ענדערונגען און פארבלייבט אליין אויף שטענדיג זעלבסט־אידענטיש. אזוי ווי יעדער סוביעקט שליסט אין זיך איין דעם באגריף וועגען סובסטאנץ, איז שוין גרינג איינצוזעהן, אז דערזעלביגער באגריף מוז זיך איבער׳חזר׳ן אין יעדען באגריף וועגען ווירקליכקייט. דאס איז טאקע די סבה, פארוואס אייניגע באטראכטען אים אלס די איינגעבארענע, פונדאמענטאלע פארם פון דעם מענשליכען פארשטיין. מיר געפינען אויס, אז דער באגריף וועגען סובסטאנץ ווערט באנוצט סיי אין די פילאסאפישע סיסטעמען, סיי אין די טעאריעס פון נאטור־

וויסענשאַפט. די פיזיק און כעמיע האָבען אַ לאַנגע צייט באַטראַכט די אַטאָמס אַלס די לעצטע אומפאַרענדערליכע שטאָפען, אַלס די באַשטענדיגע יסודות פון יעדער ענדערונג. אין אַ גרויסער מאָס ווערט די זאַך באַטראַכט פון אַט דעם שטאַנדפונקט נאָך אפילו איצט. אין ביאָלאָגיע ווערען די קעמערלאַך אָדער די טיילען פון קעמערלאַך (נ ע ו ו ר א נ ע ן, פ ל א ז א מ ע ן) באַטראַכט אַלס די גרינדליכסטע אָרגאַנישע סובסטאַנצען. אין די לעצטע יאָרען איז אמת געמאַכט געוואָרען אַ פאַרזוך צו באַגיין זיך אין דעם פאַרשען אָהן דעם באַגריף פון סובסטאַנץ. מיר וועלען זיך שפּעטער נאָך אומקערען צו אַט דעם פאַרזוך, אָבער מיר מוזען שוין דאָ אויפ׳ן אָרט באַמערקען, אַז די דאָזיגע אויסשליסונג פון דעם סובסטאַנץ־באַגריף קאָן קיינמאָל נישט געמאַכט ווערען אויף אַ פולשטענדיגען אופן מיט׳ן כח פון אונזער געדאַנק.

די געדאַנקען־פאָרם פון ק א ו ז א ל י ט ע ט (אורזאַכליכקייט) ווערט ביי אונז געשאַפען אוממיטעלבאַר, פון איין זייט אין די אַקטען פון אונזער ווילען און פון דער אַנדער זייט אין יעדען אורטייל־אַקט. ווען מיר פאַרוואַנדלען די פאַרשטעלונג וועגען אַ בליענדיגען בוים אין אַן אורטייל: „דער בוים בליט“, באַגרייפען מיר דעמאָלט דעם בוים אַלס דעם מעגליכען צענטער, וואָס פאַראורזאַכט אין זיך אַליין דעם בליען. אין אונזערע אייגענע אַקטען באַנעמען מיר דעם איבערגאַנג פון אַ ווילען־באַשלוס צו אַ צוזאַמענציאונג פון מוסקול אַלס איין אומאונטערבראָכענעם אַקט. צווישען די פּאַסירונגען, וואָס קומען פאָר אַרום אונז, באַמערקען מיר אָפט בלויז איין רינג פון דער גאַנצער קייט. מיר אַליין גיבען אָבער צו די פעלענדיגע רינגען לויט אַן אַנאַלאָגיע מיט אונזערע ווילענס־אַקטען און אַלס פועל־יוצא פון דער פונדאַמענטאַלער אַפּערצעפּציע שטעלען מיר אויף דעם גאַנצען סדר פון די פּאַסירונגען, וואָס פאָלגען נאָך איינע די אַנדערע, פּונקט ווי דאָס וואָלט באמת פאַרגעקומען פאַר אונזערע אויגען. מיר מוזען באַטראַכטען יעדען פּראָצעס, וואָס מיר באַנעמען אָדער וועגען וועלכען מיר שטויסען זיך אַז אַלס עטוואָס אַזוינס, וואָס איז פאַראורזאַכט געוואָרען דורך עפּעס, וואָס איז געווען פאַר דעם. מיר קאָנען פשוט ניט אויסשליסען פון אונזער דיינקען דעם אורזאַכליכען פּראָצעס. דער אַקט גופא פון אורטיילען פאָדערט פון אונז, אַז מיר זאָלען אָננעמען די עקזיסטענץ פון מעגליכע צענטרען פון אַקטיוויקייט, און די שייכות צווישען

דעם סוביעקט און דעם פרעדיקאט פארבלייבט שטענדיג אלס דער פראטאטיפ פון יעדער אורזאכליכער פארבינדונג.

ד י י ו ו י ד  י ו ה ם  איז געווען דער ערשטער, וואס האט זיך פארנומען מיט דער פסיכאלאגיע און מיט דער קריטיק פון דעם אורזאכליכען באגריף. ער האט געגלויבט, אז ער קאן באווייזען, אז די אוממיטעלבארע דערפארונג גיט אונז בלויז דעם רעגולערען סדר פון פאקטען און אז מיר האבען אין סדר אהן שום רעכט דערויף אריינגעטראגען אין דער וועלט די פארשטעלונג וועגען אורזאכליכקייט. ק א נ ט . פאר וועמען די דאזיגע קריטיק האט לויט זיין אייגענעם אויסדרוק „דורכגעבראכען די שטילקייט פון דעם דאגמאטישען טרוימען" האט שפעטער געגלויבט, אז ער האט אנטדעקט אין דער אורזאכליכקייט א פרימיטיווע פארם פון פארשטייז, וועלכע מיר מוזען נויטיגערווייז אריינטראגען אין די פון די איינדרוקען, וואס בארירען אונז אביעקטיוו, כדי מעגליך צו מאכען די דערפארונג (ווייל אויב מיר וועלען דורך דעם אורזאך־באגריף ניט פארבינדען דעם סוף מיט׳ן אנהויב פון א דערשיינונג, וועלען מיר פאר זיך האבען בלויז א רייע מיט גאר נישט צינויפגעבונדענע פאקטען, וואס מיר וועלען אפילו ניט קענען געדענקען און וועלען זיך, הייסט עס, ניט קאנען באנוצען מיט אונזער דערפארונג—מ. כ.) אונזער מעטאד פון דערקלערונג צייגט, אז די אורזאכליכקייט קומט נויטיגערווייז ארויס פון פראצעס פון אורטיילען און אז זי איז, ווי ער, בלויז א פראדוקט פון דער צווישענווירקונג פון דעם ארגאניזם און זיין סביבה. פון דעם פאלגט, אז די אורזאכליכקייט שטאמט ניט בלויז פון דעם סוביעקטיווען פאקטאר פון ווימען, ווייל דער אביעקטיווער פאקטאר באטייליגט זיך אויך אין דעם. עס איז דעריבער דא א גוטער גרונט אנצונעמען, אז עס עקזיסטירען אביעקטיווע סבות. אין די לעצטע צייטען האט זיך געלאזען מערקען א היבשע נטיה אומצוקערען זיך צו  י ו ה ם ׳ ע ן . מען נעמט אן אינאיינעם מיט אים, אז די דערפארונג גיט אונז ניט מער ווי א רייע געשעהענישען און אנטפלעקט אונז קיינמאל ניט די אורזאכליכע פארבינדונג צווישען זיי. מען באהויפטעט אויך, אז ס׳איז דא א קלארער אונטערשייד צווישען א פשוט׳ער נאכפאלגערשאפט און אן אורזאכליכער פארבינדונג. א חוץ א פשוט׳ער נאכפאלגערשאפט אין צייט עקזיסטירט אויך אן אינווייניגסטע שייכות צווישען פאקטען, וואס פאלגען כסדר נאך איינער דעם צווייטען, און וואס שיינט צו זיין

ענליך צו דער שייכות, וואָס מיר פילען אומפאַרמיידליך ביים ווילענס־אַקט, צווישען דעם ווילען־אַנשטויס און דעם צוזאַמענציען זיך פון אַ מוסקול. אומעטום וואו מיר געפינען אויס אַזאַ פאַרבינדונג אָדער וואו מיר האָבען אַ מעגליכקייט אַנצונעמען איר עקזיסטענץ, מוזען מיר אַננעמען, אַז די פאַרבינדונג איז אַן אורזאַכליכע. דאָרט וואו זי פעלט האָבען מיר דאָס רעכט צו באַהויפּטען בלויז די אַנוועזענקייט פון אַ נאָכפאָלגערשאַפט אין צייט. (למשל: „נאָך אַ שטאַרקער היץ קומט אַ רעגען“. מיר געפינען אויס אַלע צווישען־שטופען צווישען היץ און רעגען: צוליב דער היץ דעמפט זיך אויס דאָס וואַסער אין די טייכען, הויבט זיך אויף אין דער לופטען, ווערט אויבען אָפּגעקילט און פאַלט ווידער אַראָפּ אין דער פאָרם פון אַ רעגען. דער רעזולטאַט איז אַן אומפאַרמיידליכער און ווערט באַשטעטיגט דורך די פאַקטען, וואָס זיינען אונז באַקאַנט. מיר קאָנען אַלזאָ דאָ מאַכען אַ מין אורזאַכליכע פאַרבינדונג צווישען דעם אָנהויב פון פּראָצעס און זיין סוף: די היץ רופט אַרויס אַ רעגען. אַנדערש איז עס אָבער, ווען מיר נעמען די באַהויפּטונג: נאָך אַ בליץ קומט אַ רעגען. געוויינליך ווערט טאַקע אַ רעגען באַגלייט מיט אַ בליץ, אָבער ניט שטענדיג און פאַרקערט, ניט שטענדיג ווערט אַ בליץ באַגלייט דורך אַ רעגען. דער בליץ ענדליך קאָן קומען גאָר ניט פון אַ רעגען־וואָלקען, נאָר פון עפּעס אַנדערש, למשל אַ ווייטען פייער, פון אַן עלעקטרישען פונק א. א. וו. אין דעם פאַל איז אַלזאָ די קייט פון פּראָצעס ניט קיין גאַנצע און דאָס איינציגע וואָס מיר קאָנען דאָ דרינגען איז ניט קיין אורזאַכליכע, נאָר אַ צייט־נאָכפאָלגערשאַפט. דאָס הייסט, מיר קאָנען ניט זאָגען, אַז „דער בליץ פאַראורזאַכט אַ רעגען“, מיר מעגען בלויז באַהויפּטען, אַז אין דער צייט פון אַ רעגען אָדער פאַר אים זעט מען געוויינליך אַ בליץ.—מ. כ.).

ווען עס פּאַסירט אַז פאַר אַ פאַרוויסטענדיגער מלחמה ווייזט זיך אויפ'ן הימעל אַ קאָמעט, וועט אַ פאַרשטענדיגער, אויפגעקלערטער מענש קיינמאָל ניט באַטראַכטען די קאָמעטע אַלס דעם מעגליכען צענטער, פון וועלכען עס קומען אַרויס די סבות פון מלחמה. אויב אָבער מיר באַמערקען, פון דער אַנדער זייט, אַז ווען אַ פיבער־קראַנקער נעמט איין אַ פּיל כינין און די היץ ביי אים פאַלט דערנאָך אָפּ האָבען מיר דאָס רעכט צו באַשליסען אויפ'ן סמך פון אונזער אָפטער דער־פאַרונג, אַז דאָס אייננעמען פון כינין רופט אַרויס געוויסע פיזיאָלאָ־גישע פּראָצעסען, וואָס פאַרקלענערען די טעמפּעראַטור פון קערפּער.

# ווילהעלם יערוזאלעם

די באגריפען ווערען צאל קומען אויך ארויס פון דער פונקציע פון אורטייל ווענען גרופעס פון ענליכע אביעקטען וואס צווינגען אונז איי־בערצו׳חזר׳ן דעמזעלביגען אורטייל־חשבון. די פארוויזע גלידער האבען געקאנט ארויסרופען דעם ערשטען געדאנק וועגען צאל. „האנט־האנט“. „אויג־אויג“. „פוס־פוס“. די איבער׳חזר׳ונג איז תחילת זיכער באגלייט געווארען דורך האנט־צייכענס און די צאל איבער׳חזר׳ונגען איז באַ־שטימט דורך דער צאל פון די אביעקטען. יעדערער, וואס וואלט למשל ביים אנבליק פון דריי ביימער אויסרופען : „בוים, בוים, בוים“, וואלט אפגעשטעלט ווערען. ווען ער וואלט ווייטער וועלען איבער׳חזר׳ן דאס ווארט, פשוט דערפאר ווייל ס׳איז שוין ניטא קיין אויסרייד פאר א נייער איבער׳חזר׳ונג, ווייל דער אביעקט דערצו פעלט. דער לעצטער אויסרוף האט געקאנט באגלייט ווערען דורך א קלאנג, פון וועלכען עס שטאמט אפשר דער נאמען פון דער צאל. דער דאזיגער נאמען וואלט דערנאך באנוצט ווערען ביי יעדער גרופע פון אביעקטען, וואס האט ארויסגערופען דיזעלביגע צאל איבער׳חזר׳ונגען, און אויף אזא אופן האבען געקאנט אויסוואקסען די ערשטע צאל־באגריפען. יעדע צאל ווערט דערנאך א זאמלונג פון איינצעלען, וועלכע צייגען ארויס, נאך א גענויערער אונטערזוכונג, באשטימטע שייכות׳ן סיי צווישען אט די איינצעלען סיי צו אנדערע צאלען. די דאזיגע שייכות׳ן בלייבען איינע און דיזעלביגע אין אלע גרופעס פון אביעקטען און מוזען דעריבער זיין גילטיג פאר אלע אביעקטען. אויף אזא אופן האט די פאראייניהייט־ליכענדיגע פונקציע פון געדאנק מיט דער מיטווירקונג פון דער שפראך דערפונדען און פארפולקומט אז אויסערסט וויכטיגען געדאנקען־אינסטרומענט, וועלכער האט דערגרייכט א הויכען גראד פון אלגע־מיינקייט און איז אומגעהויער נוצליך פאר דעם שפארעוודיגען מסדר זיין פון די פאקטען פון אונזער דערפארונג.

אויף אט אזא אופן האבען זיך די באגריף־פארמען פון אונזערע געדאנקען־אינסטרומענטען, מיט וועלכע מיר באנוצען זיך און וואס בילדען אונזער גייסטיגע געצייג, ביסלאכוויז אויסגעארבייט פון דער אורטייל־פונקציע. די פונדאמענטאלע אפערצעפציע פארבלייבט אבער שטענדיג אקטיוו, און אפילו די פארוויקעלטסטע אורטיילען פירען דורך די פארמולירונג און די אביעקטיווירונג פון דעם געגעבענעם אינהאלט אויף איין און דעמזעלביגען אופן. מיר באקומען אונזער גייסטיגען פארמעגען פון די איינדרוקען, וואס אונזער סביבה רופט ארויס.

איבערזעצענדיג זיי פון דער שפראך פון דעם אוניווערז אין דער מענשליכער שפראך. דער ווערט פון דעם פארמעגען באשטייט אין דעם, וואס מיר באקומען אויף אזא אופן די מעגליכקייט צו קאנטראלירען די נאטור־קרעפטען און מאכען, אז זיי זאלען דינען כדי אויפצוהאלטען און אליץ מער באַרייכערען אונזער לעבען. מיר קאנען איצט אויף דעם פאלגענדיגען אופן אונטערפירען דעם סך־הכל פון דער צוזאמענווירקונג צווישען דעם מענשליכען ארגאניזם און זיין סביבה: „דער וויסען וועגען דער וועלט דורך פארמולירונג, און די פארמולירונג פון דער וועלט דורך וויסען“.

דער אמת, וועלכער ווערט געוויינליך באטראכט אלס דער ציל, צו וועלכען יעדער וויסען שטרעבט איז, ווי מיר האבען שוין געזעהן, א באשטימטע שייכות צווישען דעם אורטייל־אקט און דעם פראצעס, וואס ווערט דורך אים פארמולירט און אביעקטיווירט. די דאזיגע שייכות עקזיסטירט, פארשטייט זיך, בלויז אין דעם באוואוסטזיין פון די דיינקענדיגע וועזענס און מיר קאנען עס אמקלארסטען זעהן, ווען מיר פארגלייכען די אורטיילען, וואס מיר האבען באקומען בירושה פון דער פארגאנגענהייט מיט די פאקטען, וואס זיי באשרייבען. דער דאזיגער פונאנדערקלייבען זיך אין די אורטיילען פון אנדערע ברייננט פאר אונז ארויס פסיכישע דערשיינונגען, וואס האבען א גרויסע באדייטונג פאר דער עוואלוציע פון וויסען. אויב מיר ווילען פארשטיין אן אורטייל, וואס מיר האבען געהערט אדער געלייענט, מוזען מיר איבערנאניים קאמבינירען דעם פארשטעלונג־אינהאלט, וואס איז פריער פארמולירט און פונאנדערגעגלידערט געווארען דורך דעם דאזיגען אורטייל. אויף וויפיל דער אומאפהייננגיג געשאפענער אורטייל איז אן אנאליטישער פארלאנגט דער אורטייל, וואס מיר האבען באקומען פון פריער א פראצעס פון סינטעז. אין דעם דאזיגען אקט פון קאמבינירען און ווידערפאראייניגען באגעגענען מיר אפט שוועריגקייטען און שטערונגען. אזוי לאנג ווי מיר קאנען ניט פארוואנדלען דעם אורטייל, וואס אן אנדערער האט אויסגעדריקט, אין אן איינארטיגער פארשטעלונג, קאנען מיר פשוט ניט פארשטיין וואס מיר האבען געהערט פון אים. פרובען מיר דעריבער קלאר מאכען זיך דעם מיין דורך אונטערזוכונגען. אבער עס פאסירט גאנץ אפט, אז עס געלינגט אונז גרינג נאכצופאלגען דעם געדאנק, וואס איז אויסגעדריקט געווארען אין א

געוויסע אורטייל, נאר מיר געפינען אויס, אז די אויסטייטשונג, וואס דער געגעבענער אורטייל שלאגט פאר, איז א פאלשע. אין אזא פאל קאנען מיר גאנץ גוט פארשטיין דאס וואס מיר האבען געהערט אדער געלייענט, אבער מיר גלויבען אין דעם ניט. אויף אט דעם בילדעט זיך די פסיכישע דערשיינונג פון אמונה אדער גלויבען.

די לעצטע צייט איז אפט ארויסגעזאגט געווארען די מיינונג, אז דער עצם פון דער אורטיילס־פונקציע ליגט אין גלויבען. דער ענגלישער לאגיקער, ד ז ש א ה ן  ס ט י ו א ר ט  מ י ל ל, זאגט: „אורטיי־לען און גלויבען אין אן אורטייל איז איינע און דיזעלביגע זאך". אבער די דאזיגע מיינונג איז ניט ריכטיג, פשוט דערפאר, ווייל דער אביעקט, אין וועלכען מען גלויבט, קאן זיין בלויז אן אורטייל, און א בלויזע פאר־שטעלונג קאן ניט זיין ניט ריכטיג, ניט פאלש און ס'איז ניט שייך צו גלויבען אדער ניט גלויבען אין איר. דער איינציגער וויכטיגער פונקט איז אט דער באהויפטונג איז נעמליך, אז יעדער אקט פון אור־טייל אנטהאלט אין זיך אן אביעקטיווען עלעמענט. און אויב, אלזא, דער גלויבען איז ניט אידענטיש מיט'ן אורטייל, איז שוין נויטיג צו אונטערזוכען די נאטור פון אט דער דערשיינונג און אנטפלעקען די באזונדערע פארמען און די פארשיידענע גראדען פון איר אויסערונג.

סיי דער וויסען, סיי דער גלויבען ווערען כאראקטעריזירט דורך דער דערשיינונג פון גלויבען. דער חלוק צווישען די דאזיגע צוויי דער־פארונגען ליגט ניט אין זייער היסוד, נאר אין דער פארשיידענקייט פון זייער גראד. דער וויסען איז דער העכסטער גראד פון גלויבען, וואס מיר קאנען דערגרייכען. מיר באנוצען זיך מיט'ןווארט „וויסען" אין יעדען פאל, וואו מיר האבען סיי די אביעקטיווע און סיי די צוויי־טען־סוביעקטיווע קריטעריען פון דער ריכטיגקייט פון אן אורטייל; אין יעדען פאל, וואו די דערפארונג באשטעטיגט די פארווירקליכונג פון די פארויסזאגונגען, און וואו די הסכמה פון אונזערע מיטצייטלער איז קלאר פון זיך אליין. אבער אין יעדען פאל, וואו אזעלכע עלעמענ־טען פעלען און מיר זיינען פארט געצוואונגען אנצונעמען דעם אורטייל, רעדען מיר שוין ניט וועגען וויסען, נאר וועגען איבערצייגונג אדער גלויבען. עס האט ניט קיין שום זינען צו ריידען וועגען גראדען פון פעסטקייט אין פאל ווען מיר האבען צו טאן מיט'ן וויסען, ווייל דער וויסען איז דער העכסטער גראד פון גלויבען און זיין גראד קאן דעריבער ניט פארגרעסערט ווערען. אבער איבערצייגונג און גלויבען קאן שוין

יא באַנומען ווערען אין פאַרשיידענע גראַדען. מיר קאָנען גלויבען שטאַרקער אָדער שוואַכער און זיין מער איבערצייגט אָדער ווייניגער.

ווען מיר טראַכטען זיך אַריין אין דער פּסיכאָלאָגישער נאַטור פון גלויבען און איבערצייגונג בריינגט אונז דער פאַקט, וואָס זיי קאָנען זיין פון פאַרשיידענע גראַדען, צו דער סברה, אַז די גרונט־עלעמענטען זייערע זיינען ניט געדאַנקען־פּראָצעסען, נאָר געפילען. דער פאַקט, וואָס דער קעגענזאַץ פון גלויבען, דער צווייפעל, ווערט פון יעדערן באמת אַנערקענט אַלס אַ געפיל־צושטאַנד, פאַרשטאַרקט די דאָזיגע מיינונג.

אויב מיר ווילען באַטראַכטען אויך די אומשטענדען, ביי וועלכע עס אַנטשטייען אַזעלכע געפילען, וועלען מיר גאַנץ גרינג געפינען אַן ענטפער דערויף. דער געפיל פון גלויבען און איבערצייגונג ווייזט זיך יעדעס מאָל ווען פאַר אונזער באַוואוסטזיין ווערט קלאָר דער הסכם צווישען אַ געוויסען אורטייל און דעם גאַנצען סכום פון אונזערע פריערדיגע דערפאַרונגען, דאָס הייסט, מיט אונזער אַלגעמיינער וועלט־טעאָריע. מיר האַלטען זיך אָפּ פון צו גלויבען אין אַן אורטייל, ווען ער ווידערשפּרעכט אונזער גאַנצע פריערדיגע דערפאַרונג און ווען מיר קאָנען אים ניט בריינגען אין קיין הסכם מיט אונזער וועלט־אַנשויאונג. די שאַרפסטע גייסטיגע קאַמפען קומען אָפּט אַרויס פון דעם, וואָס נייע אורטיילען ווידערשפּרעכען אונזערע געוויינליכע דערפאַרונגען און טעאָריעס. אַזוי, למשל, האָבען מענשען אַ לאַנגע צייט זיך אָפּגעזאָגט צו גלויבען אין קאָפּערניקוס' לערע ווייל זיי זיינען געוויינט געוואָרען צו באַטראַכטען די ביבעל אַלס דעם העכסטען אויטאָריטעט אפילו אין ריין־וויסענשאַפטליכע פראַגעס. *)

נאַטירליך מוז זיך אין פאַרלויף פון דער אַנטוויקלונג פון וויסען טרעפען, אַז געוויסע אורטיילען, וואָס זיינען איינמאָל פון אַלעמען איינגענומען געוואָרען, זאָלען זיך דערנאָך אַרויסשטעלען פאַר פאַלשע אָדער ניט־באַגרינדעטע. אָבער בכלל גענומען זיינען אַזעלכע אורטיי־לען פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין באַגריפען, איידער מען האָט אַנגע־

*) דער דאָזיגער געדאַנק ווערט געניוער אַנטוויקעלט אין מיין ווערק: „אורטיילספונקציע“, ז. 198 א. וו., און אין מיין „לערנבוך פון פּסיכאָלאָגיע“, 4־טע אויסג., ז. 123 און וו.

#ווילהעלם יערוזאלעם

הויבען צווייפלען אין זיי, אַז מען האָט זיך מיט זיי גענומען באַנוצען, ווי מיט אַ געוויינהייט־זאַך. אויב אָבער מען געפינט אויס, אַז דער אורטייל איז שוין מער ניט ריכטיג קאָנען די באַגריפען, וואָס שטאַמען פון אים, שוין מער ניט באַטראַכט ווערען אַלס ווירקליך עקזיסטירענ־דיגע פּאָטענציעלע צענטרען (דאָס הייסט זיי הערען שוין אויף צו דינען אַלס אַ מאָס פון אָביעקטיווער ריכטיגקייט). ווען די היידען, למשל, האָבען אין די ערשטע יאָרהונדערטען פון אונזער צייטרעכענונג אָנגע־נומען דעם קריסטענטום האָבען זייערע געטער, אין וועלכע זיי האָבען פריער געגלויבט, פאַרלוירען די רעאַלקייט, וועלכע מ'האָט זיי אַמאָל צוגעשריבען. די כעמיקער פון דעם 17־טען יאָרהונדערט האָבען פעסט געגלויבט אין דער רעאַלקייט פון פלאָגיסטאָן, אַ שטאָף, וועגען וועל־כער מ'האָט געגלויבט, אַז זי עקזיסטירט אין יעדער אָרגאַנישער מאַטע־ריע, וואָס קאָן ברענען. ווען ל אַ וו אָ ו אַ ז י ע האָט שפּעטער ריכטיג דערקלערט דעם פּראָצעס פון ברענען, האָט דער דאָזיגער באַ־גריף פאַרלוירען זיין באַדייטונג פונקט ווי פלאָגיסטאָן האָט פאַרלוירען זיין רעאַלקייט. אויף אָט אַזאַ אופן ווערט אויסגעאַרבייט אַ געדאַנקען־אינסטרומענט, וואָס איז אַנאַלאָגיש מיט'ן באַגריף וועגען אמת און דריקט אויס די שייכות צווישען דעם באַגריף און דער ווירקליכקייט. מיר רופען דעם דאָזיגען געדאַנקען־אינסטרומענט — דער ע ק ז י ס־ט ע נ ץ ־ ב אַ ג ר י ף. דער דאָזיגער בליק איז די לעצטע צייט שטאַרק דיסקוטירט געוואָרען און האָט אַרויסגעבראַכט אַ סך שטרייטיגקייטען. מיר באַטראַכטען די עקזיסטענץ אַלס אַ פּרעדיקאַט, וואָס דריקט אויס די ווירקליכקייט פון איר סוביעקט. ווען מיר זאָגען: גאָט עקזיס־טירט, מיינט עס אַז גאָט איז ניט קיין באַשעפעניש פון דער מענש־ליכער פאַנטאַזיע, נאָר אַז ער עקזיסטירט אומאָפּהייניגיג פון אונזער גלויבען אין אים. ער איז אַן אומאָפּהייניגיגער קראַפט־צענטער, וועגען וועלכען מיר דערוויסען זיך דורך זיינע ווערק. דער טיראַן דיאָניסיוס אין שילער'ס ווערק „בירגשאַפט" האָט ניט געגלויבט, אַז ס'איז דאָ אַזאַ זאַך, ווי איבערגעבענקייט ביז צום מקריב זיין זיך. אָבער ווען ער האָט שפּעטער איבערגעלעבט אַ פּאַסירונג, וואָס האָט אַנדערש ניט געקאָנט דערקלערט ווערען, ווי בלויז אַלס רעזולטאַט פון אָט דער געצווייפלטער איבערגעבענקייט, איז ער איבערצייגט געוואָרען און האָט אויסגערופען: „איבערגעבענקייט איז נאָך אַלעמען ניט קיין פּוסטער חלום". אין דער דייטשער שפּראַך זעהט מען אין דעם לשון

גופא די נאָהענטע שייכות צווישען עקזיסטענץ און ווירקליכקייט. דאָס וואָס עקזיסטירט ווערט באַצייכענט אַלס „דאָס ווירקליכע".

אונזער מעטאָד פון גענעטישער און ביאָלאָגישער דערקלערונג האָט באַוויזען, אַז דער מענשליכער וויסען קומט אַרויס פון דער באַ־דערפעניש פון זעלבסט־דערהאַלטונג. זיין אַנטוויקלונג האָט באַריי־כערט אונזער לעבען, סיי פון דעם יחיד און סיי פון דעם כלל. אונזער צענטראַליזירטע אָרגאַניזאַציע, ווענען וועלכער די פיזיאָלאָגישע און פסיכאָלאָגישע אונטערזוכונג ברענגט אונז וואָס ווייטער אַלץ מער ידיעות, גיט צו אונזערע עמפּפינדונגען אַ מער און מער אוניווערזאַלע פאָרם. מיר האָבען אויסגעפונען די דאָזיגע פאָרם אין דער פונדאַמענ־טאַלער אַפּערצעפּציע און האָבען זיך אויסגעלערנט זי בעסער צו פאַרשטיין דורך דער נאָכפאָלגענדיגער פונקציע פון אורטייל. יעדע מענשליכע עמפּפינדונג באַשטייט אין אַ באַנעמען פון דער ווירקליכקייט דורך אַ פונאַנדערגלידערונג און אָביעקטיווירונג, וואָס די תנאים דערצו שאַפט אונזער צענטראַליזירטע אָרגאַניזאַציע. נאָר כדי ריכטיג צו דערקלערען דעם גאַנצען פּראָצעס מוזען מיר פריער אָננעמען, אין הסכם מיט'ן שכל הישר און אויפ'ן יסוד פון דעם קריטישען רעאַליזם, אַז ס'איז דאָ אַן אָביעקטיווע ווירקליכקייט, וואָס עקזיסטירט אומאָפּהענ־גיג פון אונז. אָבער וואָס איז דאָס פאַר אַ ווירקליכקייט? די דאָזיגע פּראָבלעם געהערט שוין צום צווייטען חלק פון דער פילאָסאָפיע פון עמפּפינדונג. דאָס איז דער עלטסטער און אין דערזעלביגער צייט דער וויכטיגסטער טייל פון דער פילאָסאָפיע. מיר מיינען דערמיט די לערע וועגען **זיין**, וואָס ווערט בכלל באַצייכענט אַלס **מעטאַ־פיזיק** אָדער **אָנטאָלאָגיע**.

## פערטער טייל.

# מעטאַפיזיק אָדער אָנטאָלאָגיע.

### 28. די אָנטאָלאָגישע פּראָבלעם.

די אָנטאָלאָגישע פּראָבלעם איז איינג פאַרבונדען מיט די פּראָבלעמען פון וויסען. די אונטערזוכונג וועגען אונזער פעהיגקייט צו וויסען עפּעס פירט אונז תיכף צו א נייער אונטערזוכונג: וואָס אַזוינס איז דער זיין? וואָס איז דער עצם פון דער ווירקליכקייט?

צוליב דעם, וואָס די געפילען און געדאַנקען פון דעם מענשען, ווערען תחילת אָנגעווענדעט אויף דער אָביעקטיווער וועלט, צו וועלכער מיר מוזען זיך צופּאַסען, כדי מיר זאָלען קאָנען לעבען, איז די לעצטע פראגע (וועגען דעם עצם פון דער ווירקליכקייט) היסטאָריש געוואָרען די ערשטע פּראָבלעם פון וויסען. דער מענש הויבט אָן איבערטראַכטען וועגען זיך אליין פיל שפּעטער, ווי וועגען די אַרומיגע זאַכען. אָט דעריבער טאַקע האָט די פּראָבלעם וועגען דער טבע פון זיין (עקזיסטירען) א זינען און אן אינטערעס פאר די, וואָס האָבען זיך נאָך ניט דערהויבען העכער פון דעם נאַיווען רעאַליזם אין דער טעאָריע פון וויסען.

דער, וואָס טראַכט ניט איבער ענטפערט אויף דער פראַגע „וואָס איז די ווירקליכקייט?", אַז זי באַשטייט פון די זאַכען, וואָס רינגלען מיך אַרום, פון די חפצים וואָס איך זעה, הער און ריר אָן. די נאַאיווע פאָרשטעלונג וועגען זיין באַשטייט דעריבער פון אַן אָנגעוואָרפענער מאַסע איינצעלנע זאַכען. פונדעסטוועגען ציט דער חלוק צווישען דער לעבעדיגער און לעבענסלויזער וועלט די אויפמערקזאַמקייט אפילו פון די, וואָס האַלטען זיך אַן אַ פּראַקטישער וועלט־טעאָריע נאָך לאַנג איידער עס ווערט געמאַכט אַ וועלכער עס איז פאַרזוך פון אַן אַבסטראַקטער סברה. די ניט־באַלעבטע זאַכען בלייבען אומבאַוועגליך אַזוי לאַנג ווי מען רירט זיי ניט אָן פון דרויסען, לעבעדיגע זאַכען

אבער באוועגען זיך לויט זייער אייגענער איניציאטיווע און אויף אן אופן, וואס ווייזט ארויס א צילבאוואוסטע צופאסונג. אין די לעבעדיגע וועזענס מוז דעריבער זיין עפעס אזוינס, וואס איז פעהיג ארויסצורופען די באוועגונג. בעת'ן שלאף פארלאזט אט דאס „עפעס“ דעם קערפער צייטווייליג און נאכ'ן טויט פארלאזט עס דער קערפער אינגאנצען. דאס דאזיגע „עפעס“ איז ענליך אויף אן אטעם. עס האט דיזעלביגע פארם ווי זיין קערפער, אבער עס לאזט זיך ניט באנעמען און איז אין א געוויסען זינען ניט מאטעריעל. דאס דאזיגע אינערליכע וועזען איז די נשמה, וואס ווערט באטראכט אלס א באזונדערע איינהייט, וואס איז גאנץ פארשיידען פון דעם גוף. דער גלויבען אין דער עקזיסטענץ פון דער נשמה איז, ווי די עטנאלאגיע האט פעסטגעשטעלט, פארשפרייט צווישען דער גאנצער מענשהייט. מען האט ערגעץ ניט געפורנען אזא פאלק, וואס זאל ניט האבען אט דעם גלויבען, וועלכער קומט ארויס אויף א נאטירליכען און כמעט נייטווענדיגען אופן פון די דערשיינונגען פון טויט און פון חלומות.

דער אוניווערז איז אויף אזא אופן איינגעטיילט שוין אפילו אויף אט דער שטופע פון דענקען אין צוויי גרויסע אפטיילונגען, וואס זיינען אינגאנצען פארשיידען איינע פון דער צווייטער: אין דעם רייך פון קערפער און דעם רייך פון דער נשמה. די דאזיגע פונאנדערטיילונג איז פארשטייט זיך נאך ניט דורכגעפירט געווארען מיט קיין לאגישער פינקטליכקייט. דער טויטער גוף, — אדער וויינינגסטענס דער גוף פון דעם וואס איז ערשט געשטארבען, — ווערט נאך אלץ באטראכט אלס פעהיג צו פילען און צו באזיצען אייגענשאפטען, וואס מיר באטראכטען אלס פסיכישע. ווען אכילעס שלעפט ארום דעם גע'הרג'עטען העקטאר איבער דער שטאט, וויל ער דערמיט מאטערן זיין שונא; און ווען פאטראקל'ס נשמה טרויערט, וואס זי מוז זיך אפזאגען פון אזוי פיל מוט און יוגענטליכער קראפט, ווערט אויך זיין קערפער באטראכט אלס באזיצער פון די דאזיגע אייגענשאפטען. בכלל גערעדט ווערט דער גוף אויף אט דער שטופע פון אנטוויקלונג באטראכט אלס דער טרעגער פון דער פערזענליכקייט, בעת די נשמה ווערט פארדעכענט פאר א וועזען, וואס איז אינגאנצען פארשיידען פון אים. פון דער אנדער זייט באזיצט די נשמה א פארם, ווערט צייטענוויין אנזעהעוודיג און איז אין דערזעלביגער צייט אומבארירליך, אומקערפערליך, אדער ניט אוממאטעריעל אין דעם אייגענעם זינען פון ווארט.

# ווילהעלם יערוזאַלעם

די פילאָסאָפישע חקירה באַנוגענט זיך אָבער ניט בלויז מיט אַ פאַרשטעלונג, וואָס איז אַזוי צעשוואָומען און ניט־קלאָר. זי איז געצוואונגען, ציליב דער אַלדורכדרינגענדיגער הערשאַפט פון געזעץ און פון אַלגעמיינער צוזאַמענפאַרבינדונג פון די דערשיינונגען צו באַנעמען און צו דערקלערן דעם קאַמף, וואָס איז פאַרמישט אין דעם פּראָצעס פון ווערן, פאָרמולירן די אַל־וועלט אונטער איין אַלגעמיינעם פּרינציפּ.

די לערע, אַז אַן איינציגער פּרינציפּ איז גענוג פאַר דער דערקלערונג פון דעם אוניווערז, אַז יעדע עקזיסטענץ איז בטבע איינהייטליך און ענליך, ווערט באַצייכענט אַלס מ אָ נ י ז ם .

די טעאָריע ווידער, וואָס נעמט אָן, אַז עס עקזיסטירן צוויי ניט ענליכע סובסטאַנצן אָדער עצם'ס ווערט גערופן ד ו אַ ל י ז ם . און די לערע, לויט וועלכע עס זיינען דאָ מער ווי צוויי אָריגינעלע סובסטאַנצן ווערט אָנגערופן פּ ל ו ר אַ ל י ז ם .

דער באַגריף פון דעם ניט איבערטראַכטענדיגען געדאַנק קאָן באַצייכענט ווערן אַלס אַ צעשוואָומענער דואַליזם. דער מאָניזם, פון דער אַנ־ער זייט, קאָן זיין פון פאַרשיידענע מינים. מען קאָן אָננעמען, אַז עס עקזיסטירט בלויז דאָס קערפּערליכע, אַז עס איז ניטאָ קיין שום זאַך אויסער שטאָף, און אַז יעדער געדאַנק דאַרף באַטראַכט ווערן אַלס אַ פונקציע פון מאַטעריע אָדער אַלס עטוואָס מאַטעריעלעס. די דאָזיגע ריכטונג רופט מען מ אַ ט ע ר י אַ ל י ז ם .

אָבער מען קאָן אויך אָננעמען, אַז די אמת'ע עקזיסטענץ האָט אַ שייכות בלויז צום געדאַנק בעת אַלץ וואָס איז מאַטעריעל עקזיסטירט בלויז אַלס אַ פאַרשטעלונג און מוז דעריבער באַטראַכט ווערן נאָר אַלס אַ דערשיינונג־פאָרם פון געדאַנק. דאָס איז די טעאָריע פון ס פּ י ר י ט ו אַ ל י ז ם, וועלכע ווערט אָפט אויך באַצייכענט אַלס א י ד ע אַ ל י ז ם .

אַ חוץ אָט די זיינען נאָך דאָ אַנדערע פאָרמען פון מאָניזם, וואָס זיינען אָפט גאַנץ קאָמפּליצירט און וואָס קאָנען, פונדעסטוועגן, אָפּגעזעהן פון קליינע אונטערשיידן, איינגעטיילט ווערן אין צוויי טיפּן. איין פאָרם פון מאָניזם נעמט אָן, אַז ס'עקזיסטירט אַ געוויסע אור־סובסטאַנץ, וואָס איז פאַר זיך גופא, אייגענטליך, ניט קיין מאַטעריע און ניט קיין גייסט, נאָר זי אַנטהאַלט די ביידע זאַכען אין זיך גופא אָדער אַלס אייגענשאַפטען, אָדער אין אַ וועלכער עס איז

# פילאָסאָפיע

אנדער פאָרם. די דאָזיגע אור־סובסטאַנץ, וואָס ווערט באַטראַכט אַלס אַליין־פאַראורזאַכטע (קאַוזאַ סואַי), אַפּטמאָל אויך אַלס גאָטהייט, בלייבט אָדער אומפאַרענדערליך איינע און דיזעלביגע, אָדער זי ווי־קעלט פון זיך אומאויפהערליך אַרויס נייע פאָרמען. מיר וועלען אָנרו־פען די דאָזיגע וועלט־טעאָריע, וואָס האָט באַרימטע אָנהייגער, דער מ אָ נ י ז ם פ ו ן ס ו ב ס ט אַ נ ץ.

ס'איז דאָ אויך אַן אַנדער מין פון מאָנִיסטישען דענקען, וואָס אונ־טערשיידט זיך ראַדיקאַל פון דעם פריערדיגען און פּרעטענדירט איי־גענטליך ניט צו זיין קיין וועלט־טעאָריע. פיל פון די לעצטע אויס־פאָרשונגען האָבען זיך געפּרובט אַפּצושאַפען דעם חלוק צווישען דער פיזישער און פסיכישער וועלט דורך דעם, וואָס זיי האָבען געוואָלט אַלץ אַרויסברייינגען פון דערפאַרונג. די דערפאַרונג ווידער דאַרף געבראַכט ווערען צו אירע עלעמענטען און צו אירע פונקציאָנעלע באַ־ציהונגען, און די וויסענשאַפט זאָל זיך פאַרנעמען בלויז מיט דער עקאָנאָמיע פון דערפאַרונג. אַזוי פאַרנעמט דער באַגריף וועגען ענער־גיע אָדער גאָר דער אַלגעמיינער באַגריף פון ווערען דעם פּלאַץ פון דער סובסטאַנץ. אויף אַזוי פיל, אויף וויפיל די כמות פון דער ענערגיע פאַרבלייבט אַ באַשטענדיגע און אירע פאָרמען דערלויבען אַן אומבאַ־גרעניצטע פאַרוואַנדלונג ווערט דער אוניווערז באַטראַכט אַלס אַן איינגעאָרדענטער פּראָצעס, וואָס ווערט רעגירט דורך אַן איינהייטליכען געזעץ. מיר וועלען אָט דעם וועלט־בליק, וועלכער איז גאַנץ קאָמ־פּליצירט און ניט אַזוי גרינג צו פאַרשטיין, אָנרופען ד ע ר מ אָ נ י ז ם פ ו ן ו ו ע ר ע ן.

די טעאָריע ווידער, וואָס לעגט זיך מער אויפ'ן פּשוט'ען שכל אין פאַרגלייך מיט די דאָזיגע מאָניסטישע באַגריפען, נעמט אָן אַז עס עקזיסטירען צוויי באַזונדערע עצם־זאַכען, די מאַטעריע און דער גע־דאַנק. דער דאָזיגער דואַליזם מוז פאַרשטייט זיך אונטערשיידט ווערען פון דעם דואַליזם פון דעם נאַיווען געדאַנק. אירע לאָגישע ווידערשפּרוכען מוזען באַזייטיגט ווערען און די קעגענזייטיגע באַצי־הונג צווישען געדאַנק און מאַטעריע מוז געבויט ווערען אַזוי, אַז עס זאָל האַרמאָנירען מיט די פאַקטען.

דער צוריקקער צו דעם שטאַנדפּונקט פון דעם ניט איבערטראַכ־טענדיגען געדאַנק איז די לעצטע יאָרען פאַרגאַנגען אפילו ווייטער. איניגע פאַרשטייער פון דער פּראַגמאַטישער ריכטונג, וואָס איז אויבען

# ווילהעלם יערוזאַלעם

באַשריבן געוואָרן, האַלטן, אַז דער אוניווערז, וואָס מיר באַנעמען דורך אונזער דערפאַרונג, איז אַ פילזייטיגער און פאַרטיידיגן דעריבער דעם פלוראַליזם. די איינהייטליכקייט פון דער וועלט ווערט, לויט דער שול, וואָס האָט צווישן אירע פאַרטרעטער אַזאַ פערזאָן ווי ווי ל י אַ ם ד ז ש ע י מ ס , באַנומען אַלס אַ גורל, וואָס מוז פאַרווירקליכט ווערן, אַ באַשטימטע אויפגאַבע, אָבער ניט איר אָנהויב, ניט איר לאָגישער אויסגאַנג פונקט.

יעדע פון אָט די עטליכע געדאַנקען־ריכטונגען וועט באַטראַכט ווערן באַזונדער.

## 29. מ אַ ט ע ר י אַ ל י ז ם .

אין אָנהויב פון זיין „געשיכטע פון מאַטעריאַליזם“ זאָגט לאַנגע:
„דער מאַטעריאַליזם איז אַזוי אַלט, ווי די פילאָסאָפיע, אָבער ניט עלטער“. דערמיט וואַרפט ער אָפּ די ווייט־פאַרשפּרייטע אָבער דורכ־אויס פאַלשע מיינונג, אַז מאַטעריאַליזם איז די טעאָריע פון דעם נאַאיוון פאַרשטאַנד. מאַטעריאַליזם איז אָבער גיכער אַ מעטאַפיזישע השערה, דאָס הייסט אַ טראַנסצענדענטישע (איבער־שכל׳דיגע) טעאָריע, וואָס פּרובט זיך געבן אַ ראַציאָנאַלע און געבונדענע דערקלערונג פון דעם וועלט־פּראָצעס.

די ערשטע פּראָבע פון די גריכישע פילאָסאָפן אויסצוטייטשן דעם אוניווערז איז געווען אַן אויסדריקליך מאַטעריאַליסטישע. זיי זוכן די אור־סובסטאַנץ, וועלכע איז דער קוואַל פון אַלע זאַכן. איי־ניגע גלויבן צו געפינען זי אין וואַסער, אַנדערע אין פייער, אַנדערע ווידער אין דער לופט א. אַ. וו. די דאָזיגע טעאָריעס גיבן ניט קיין דערקלערונג פון גייסטיגן לעבן, ווייל דער גייסט איז נאָך ניט געוואָרן קיין ענין פאַר פילאָסאָפישע באַטראַכטונגען. ע מ פּ ע ־ ד אָ ק ל ע ס , דער אויטאָר פון דער דאָקטרינע וועגן די פיר עלעמענ־טן, און אַ נ אַ ק ס אַ ג אָ ר אַ ס (ביידע אַרום 450 פאַר קר.) זיינען געווען די ערשטע, וואָס האָבן זיך באַנוצט מיט דעם פּרינציפּ פון גייסט פאַר דער אויסטייטשונג פון דעם אוניווערז. דער ערשטער בויט אויף ליבע און האַס, דער צווייטער — אויף דעם אָנפירענדיגן שכל, אַלס דעם הערשענדיגן פּרינציפּ (פון דער וועלט). דער גייסט און די מאַטעריע האָבן פאַקטיש געקעמפט פאַר דעם וועלט־

קאנטראל שווין זינט יענער צייט און אין פארלויף פון דורות האט די פילאסאפיע אפגעגעבען די בכורה איינעם אדער דעם צווייטען און אמאל ביידען אינאיינעם.

דער אטאמיזם פון ליזיפ און דעמאקריט, ווי אויך די עפיסטעמאלאגיע פון די סטאיקער איז דורכאויס מאטעריאליסטיש. אין מיטעלאלטער און אין אנהויב פון די מאדערנע צייטען איז די פילאסאפיע צוליב דער אויבערהערשאפט פון טעאלאגיע געווען דוא־ליסטיש. דעקארט האט געגעבען דעם דואליזם דעם פינקטליכען פילאסאפישען אויסדרוק.

אין דעם 18־טען יארהונדערט האט דער פראנצויזישער דאקטאר לאמעטרי (1709—1751) געפריידיגט א שטרייגנען מאטע־ריאליזם אין זיין בוך „די מענשליכע מאשין" (וואו דער מענש איז באטראכט געווארען אלס מאשין) און האט דערקלערט דעם געדאנק אלס רעזולטאט פון פיזישע סבות. בעראן האלבאך (געשטארבען 1789) האט זיך שפעטער אונטערגענומען צו געבען א גענויע באשטעטי־גונג פון דעם מאטעריאליזם אין זיין „סיסטעם פון דער נאטור". זיין הויפט־צוועק איז געווען צו באקעמפען רעליגיעזע פאראורטיילען.

אויף א צייט איז דער מאטעריאליזם אפגערוקט געווארען אַן א זייט דורך די אידעאליסטישע סיסטעמען פון קאנט, פיכטע, שעללינג און העגעל און איז ווידער אמאל אויפגעלעבט געווארען ביים אונטערגאנג פון דעם העגעליאניזם. פאכט, מאַ־לעשאט און ביכנער האבען שטארק פארטיידיגט די מאטע־ריאליסטישע וועלט־טעאריע. ביכנער'ס בוך „קראפט און מאטעריע", וואס איז ארויס אין א סך אויסגאבען, האט געהאט א גרויסען חלק אין דער פארשפרייטונג פון דער דאקטרינע. דער פרא־גרעס, וואס איז געמאכט געווארען אין דער פארשונג פון דער פיזיא־לאגיע פון די חושים און אין דער באקאנטשאפט מיט'ן מארך האבען געגעבען א שטארקען אנשטויס אין דערזעלביגער ריכטונג. אין די לעצטע עטליכע צענדליג יאר האט דער מאטעריאליזם ווידער פאר־לארען זיין ווירקונג אין די וויסענשאפטליכע קרייזען, אבער ער איז פונדעסטוועגען נאך אלץ שטארק פארשפרייט צווישען דעם קולטורעלען המון. מיר וועלען דעריבער באטראכטען די וויכטיגסטע הנחות פון

דעם מאטעריאליזם און פונאנדערקלייבן זיך אין די ארגומענטן, וואס ווערן לטובת אים געבראכט.

דער מאטעריאליזם זוכט קודם כל צו דערווייזן, אז אלצדינג, וואס מיר רופן פסיכישע פראצעסן, און וואס מיר לעבן איבער אלס אזעלכע אין אונזער באוואוסטזיין, איז אין דער אמת'ן ניט מער, ווי א פונקציע פון אונזערע ארגאנען, ספעציעל פון דעם מארך. די פסיכאלאגיע איז, לויט דעם מאטעריאליסטישן קוק, ניט מער ווי די פיזיאלאגיע פון מארך. דער מאטעריאליזם באמיט זיך ספעציעל צו דערווייזן, אז די הנחה וועגן א פסיכישער סובסטאנץ, וואס איז פארשיידן און אפגעטיילט פון דעם קערפער, איז אן אומוויסנשאפט־ליכע און ווי־ערשפרעכט אונזער גאנצער דערפארונג. די וויכטיגסטע ארגומענטן, וואס ווערן געבראכט צו דערווייזן דעם דאזיגן בליק, זיינען די פאלגענדיגע:

1. דער מעטאדאלאגישער ארגומענט: די הנחה וועגן אן אוממאטעריעלער פסיכישער סובסטאנץ, וואס איז באשטענדיג, אומאפהייגגיג און פארשיידן פון דעם קערפער איז עמ־פּיריש און ניט וויסנשאפטליך. ווער עס האלט זיך אן אזא בליק שטייט נאך אלץ אויף דער שטופע פון די נאטור־פעלקער, וואס באנע־מען יעדן פראצעס אלס אן אקט פון אן אומגעזעהענעם דעמאן (גייסט). די דערפארונג אנטפלעקט ניט קיין שום זאך, וואס זאל זיין עפעס אנדערש, ווי דער קערפער און זיינע ארגאנען. אלצדינג, וואס דער לעבעדיגער ארגאניזם טוט און וואס עס קומט פאר אין אים מוז בא־טראכט ווערן אלס די פונקציע פון זיינע ארגאנען. די הנחה וועגן א פסיכישער סובסטאנץ איז א דאגמע, וואס איז אי איבעריג אי אומ־באגרינדעט, און וואס מוז אינגאנצן אויסגעראטן ווערן דורך דער פּינקטליכער וויסנשאפט.

2. דער מעכאנישער ארגומענט: די נאטור־וויסנשאפטליכע טעאריע פון די וועלט־פראצעסן איז געבויט אויפ'ן געזעץ, אז די סומע פון דער פּאטענציעלער קראפט אדער ענערגיע אין דעם אוניווערז קאן ניט פארגרעסערט און ניט פארקלענערט ווערן. נאר זי מוז שטענדיג פארבלייבן איינע און דיזעלביגע, — און דאס דאזיגע געזעץ ווערט אומעטום באשטעטיגט. יעדער ווערן איז ניט מער, ווי א פארוואנדלונג פון ענערגיע אין פארשיידענע פארמען. אזוי ווערט באוועגונג פארוואנדעלט אין היץ און היץ אין באוועגונג; דער

עלעקטרישער שטראָם ברייננט אַרויס כעמישע רעזולטאַטען, ווען מען לאָזט אים דורך דורך וואַסער, און די סברה, אַז אין דער וועלט קומט קיינמאָל ניט פאָר קיין באַשאַפונג פון ענערגיע פאַראייגפאַכט דעם גאַנצען מעכאַניזם פון דעם אוניווערז. אויב אָבער מיר נעמען אַז, אַז ס'איז דאָ אַ פסיכישע סובסטאַנץ, וואָס אונטערשיידט זיך פון דעם קערפער און וואָס צווינגט די מוסקולען צונויפצוציהען זיך און צו מאַכען אַ באַוועגונג דורך איר אייגענער — און ניט דורך קיין מעכאַנישער איניציאַטיווע, וואָלט מען גענאָרפט אויך אָננעמען, אַז דער סכום פון דער עקזיסטירענדיגער ענערגיע פאַרגרעסערט זיך און דאָס וואָלט געמיינט, אַז נייע קראַפט ווערט געשאַפען. די דאָזיגע הנחה ווידערשפּרעכט דעם פּרינציפּ פון דערהאַלטונג פון דער ענערגיע, וואָס די וויסענשאַפט האָט אזוי אָפט באַשטעטיגט און דאַרף דעריבער אָפּגעוואָרפען ווערען אַלס אַ ניט־וויסענשאַפטליכע.

3. דער קאָסמאָלאָגישער אַרגומענט:

ס'איז געווען אַ צייט, ווען אונזער ערד איז געווען אַ גליענדיגע גאַזיגע נעבעלקייט. אין יענער צייט האָט אויף איר ניט געקאָנט עקזיסטירען קיין אָרגאַניש לעבען. האָבען דעמאָלט דעריבער ניט געקאָנט זיין קיין מענשען און, הייסט עס, אויך קיין גייסטיגע טעטיגקייט. ערשט נאָכדעם ווי די ערד האָט זיך גענוג אָפּגעקילט און ס'זיינען געשאַפען געוואָרען די אומשטענדען פאַר דער אַנטשטייאונג פון אָרגאַנישען לעבען האָבען זיך באַוויזען פלאַנצען און חיות, פון וועלכע ס'איז אויך אַרויסגעקומען דער מענש אויף אַ שפּעטערדיגער שטופע. הייסט עס, אַז דאָס גייסטיגע לעבען איז אַנטשטאַנען אינאיינעם מיט'ן אָרגאַנישען און עס איז דעריבער פאַרבונדען מיט דער עקזיסטענץ פון פיזיאָלאָגישע אומשטענדען. עס האָט דעריבער קיין זינען ניט אָנצונעמען, אַז דער גייסט איז עטוואָס, וואָס איז פאַרשיידען פון דעם אָרגאַניזם, ווייל זיין אַנטשטייאונג איז פאַרבונדען מיט דעם אָרגאַניזם און זיי וועלען געוויס מוזען אונטערגיין אינאיינעם.

אינאיינעם גענומען האָבען אַט די אַלע אַרגומענטען אַ באַדייטענדיגע קראַפט. זיי לעגען זיך אויפ'ן שכל. און עס איז דעריבער ניט קיין וואונדער, וואָס דער מאַטעריאַליזם ווערט אין גאַנץ ברייטע קרייזען באַטראַכט אַלס די איינציג מעגליכע וויסענשאַפטליכע וועלט־טעאָריע.

# ווילהעלם יערוזאַלעם

אַלזאָ קודם כל, וואָס איז שייך דעם מעטאַדאַלאָגישען אַרגומענט קעגען דער הנחה וועגען אַ פּסיכישער סובסטאַנץ מוז די מאָדערנע פּסיכאָלאָגיע איינשטימען מיט׳ן מאַטעריאַליזם, כאָטש אויף גאַנץ אַנ־דערע יסודות. די דערפאַרונג, יעדענפאַלס, האָט נאָך קיינמאָל ניט אַרויסגעבראַכט קיין פּסיכישע סובסטאַנץ, וואָס זאָל זיך אונטערשיידען פון די פּסיכישע פּראָצעסען, וואָס מוזען באַטראַכט ווערען אַלס די טרעגער פון אונזער דיינקען, פילען און ווילען. פאַר די פּסיכישע פּראָצעסען איז כאַראַקטעריסטיש, וואָס זיי ווייזען זיך פאַר אונז שטענ־דיג אַלס פּאַסירונגען, אַלס רעזולטאַטען צווישען וועלכע עס איז ניטאָ קיין פּלאַץ פאַר קיין טרעגער פון אַ וועלכער עס איז סובסטאַנץ. אויב אָבער מיר רעדען פונדעסטוועגען דאָך וועגען אַ נשמה אָדער גייסט ווערט אונזער רעכט אויף אזא אויסדרוק אין דער ווירקליכקייט באַ־גרינדעט אויף דעם, וואָס מיר האָבען פריער באַשריבען אַלס אַ פונ־דאַמענטאַלע אַפּערצעפּציע (גרונט טבע פון געדאַנק). קוים האָט זיך שוין די פונקציע פון אורטיילען איינמאָל אויסגעאַרבייט קאָן זי באַ־נעמען אַ געדאַנקען־אינהאַלט בלויז אין דער פאָרם פון אַ סוביעקט און זיין באַהויפּטונג. אזוי לאַנג ווי די פּסיכילאָגיע באַנוצט דעם דאָ־זיגען נשמה־באַגריף אויף דעמזעלביגען אופן, ווי דער פיזיקער רעדט וועגען מאַגנעטיזם און עלעקטריע, כאָטש ער ווייסט פאַקטיש בלויז וועגען מאַגנעטישע און עלעקטרישע דערשיינונגען; אזוי לאַנג ווי די נשמה ווערט באַטראַכט בלויז אַלס אַן אויסדרוק פון פּסיכישע פּראָצע־סען און ווערט ניט באַהאַנדעלט אַלס אַ באַזונדער־עקזיסטירענדיגע סוב־סטאַנץ, קאָן די דאָזיגע אויסדרוק־פאָרם ניט גערעכענט ווערען פאַר אַן אומוויסענשאַפטליכער. אָבער קוים נעמען מיר אָן אַז אויסער דעם קערפּער איז נאָך דאָ אַ באַזונדערע פּסיכישע סובסטאַנץ, וואָס פירט אַ זעלבשטענדיגע עקזיסטענץ און קאָן פאַרבלייבען אויך נאָכ׳ן טויט פון דעם קערפּער, אזוי גייען מיר שוין אַרויס פון די גרעניצען פון אונזער פּסיכישער דערפאַרונג.

פונדעסטוועגען איז עס אַ פאַקט, אַז יעדער סובסטאַנץ, — עס מאַכט ניט אויס ווי גרינדליך מיר זאָלען פון איר ניט באַזייטיגען אַלע מאַטעריעלע סמנים — איז פאָרט שטענדיג פאַרטראָטען אין אונזער געדאַנק דורך אַ מאַטעריעלער פאַרשטעלונג. אַלץ, וואָס ווערט באַגריי־פען מוז צוליב די אופנים פון אונזער דענקען, פאַרנעמען אַ געוויסען שטח און דעריבער באַטראַכט ווערען אַלס אַ מאַטעריעלע זאַך. די

הנחה וועגען דער נשמה־סובסטאַנץ, וואָס ווערט אַזוי שאַרף און מיט רעכט באַקעמפט מצד דעם מאַטעריאַליזם מוז דעריבער סוף כל סוף פירען ווידער טאַקע צום מאַטעריאַליזם. דער איינציגער אופן ווי צו האַלטען זיך אין הסכם מיט די פאַקטען איז צו באַגרעניצען אונזער אורטייל מיט פסיכישע פּאַסירונגען און קיינמאָל ניט אָנצונעמען, אַז ס'איז דאָ אַ באַזונדערע גייסטיגע „זאַך.“ אַזאַ פּאַסירונג, וואָס האָט אין דערזעלביגער צייט ניט קיין טרעגער איז אין דערווירקליכקייט גאָר אַן אַנדער זאַך, ווי די מאַטעריע.

דער שטרייגנער וויסענשאַפטליכער מעטאָד, וואָס וויל זיך באַגרעניצען בלויז מיט דער באַשרייבונג פון פאַקטען, לערענט אונז, אַז עפּעס אַזוינס איז דאָ סאַי אין אונזער געוויינליכער דערפאַרונג, סאַי אין אונזערע טיפּסטע געפילען, וואָס איז בעצם גאַנץ אַנדערש ווי אַלץ, וואָס מיר קאָנען באַנעמען מיט אונזערע חושים, פון אַלץ וואָס איז מאַטעריעל, — און איז פאַקטיש אויסערסט פאַרשיידען פון דעם. דער וויסענשאַפטליכער מעטאָד צו וועלכען דער מאַטעריאַליזם אַפּעלירט טראָגט אַלזאָ אַרויס זיין אורטייל קעגען אָט דער וועלט־טעאָריע.

דער געבילדעטער עולם און די מערהייט פון די געלערנטע באַטראַכטען דעם מעכאַנישען אַרגומענט אַלס דעם איבערצייגענדסטען. און מען קאָן ניט זאָגען, אַז ס'איז אַזוי גרינג אויפצודעקען זיין אומהאַלטבאַרקייט. כדי אָפּצושוואַכען די טענה האָט מען אָנגעוויזען אויף דעם פאַקט, אַז די פסיכישע צוזאַמענווירקונג מיט'ן קערפּער איז גאָר ניט פאַרבונדען מיט דער שאַפונג פון נייער קראַפט, נאָר אַז זי באַפרייט בלויז די פּאָטענציאַנעלע ענערגיע, וואָס איז שוין דאָ אויפ'ן אָרט. דער טערמין „אויסלאָדונג,“ ווי ער ווערט באַנוצט אין פיזיק מיינט, אַז אַ קליינער סכום פון ענערגיע ברייגנט צו דער באַפרייאונג פון אַ פיל גרעסערען סכום ענערגיע פון אַן אַנדער פאָרם, ווי למשל, ווען אַ פאַס מיט פולווער ווערט אויפגעריסען דורך אַן אָנגעצונדענער שוועבעלע. אַלע רייצונגען, וואָס ווירקען אויפ'ן קערפּער און רופען אַרויס באַשטימטע געפילען זיינען אויסלאָדונג־פּראָצעסען, ווייל דער פיזיאָלאָגישער רעזולטאַט איז שטענדיג גרעסער איידער די פיזישע אורזאַך. אָבער אויב אפילו עס איז נויטיג אַ מינימום פון ענערגיע כדי אַרויסצוברייגנען גרויסע רעזולטאַטען, קאָן מען פונדעסטוועגען דאָך ניט באַטראַכטען אָט דעם קליינעם סכום ענערגיע אַלס גאָרנישט. אפילו די קלענסטע צאָל קאָן ניט באַטראַכט ווערען אַלס אַ נול. און אויב

# ווילהעלם יערוזאלעם

די פסיכישע אריינמישונג מוז באטראכט ווערען אלס אן אנווענדונג פון פיזישער ענערגיע, איז דאך דער מאטעריאליזם אין דער אמת'ען גערעכט, און די פראגע וועגען דעם צי דער ענערגיע-עקוויוואלענט פון דעם פסיכישען פראצעס איז גרויס אדער קליין האט שוין ניט קיין שום באדייטונג. דעריבער ווערט דער מעכאנישער ארגומענט גיכער פארשטארקט איידער אפגעשוואכט דורך דעם מעטאד, וואס באטראכט די פסיכישע צוזאמענווירקונג אלס א פשוטע אויסלאדונג (פון ענער-גיע).

און פונדעסטוועגען איז דער מעכאנישער ארגומענט פארט דורכ-אויס אומהאלטבאר. די אנווענדונג און די גילטיגקייט פון דעם פרינ-ציפ פון דער איינהאלטונג פון ענערגיע איז באגרעניצט בלויז מיט די כעמישע און פיזישע פראצעסען. עס זיינען דא באקאנטע פיזיקער, וואס זאגען זיך אפ צו אנערקענען די אומבאגרעניצטע גילטיגקייט פון דעם דאזיגען פרינציפ אפילו אויף אט דעם געביט. אבער ווען עס קומט צו דער דערקלערונג פון לעבענס-פראצעסען קאן שוין דאס דא-זיגע געזעץ גאר אינגאנצען ניט אנגעווענדעט ווערען. די צענטרא-ליזירטע ארגאניזאציע פון אלע ארגאנישע וועזענס, די מערקווירדיגע צופאסונג פון אלע טיילען צו איין אלגעמיינעם צוועק, דאס אלץ קאן ניט דערקלערט ווערען אין פיזיש-כעמישע טערמינען. אפילו די ריין-ביאלאגישע עוואלוציע פון די ארגאניזמען אנטפלעקט א שטענדיגע שאפערישע אקטיוויקייט. און ווען מיר באטראכטען די ביזאהעריגע אנטוויקלונג פון דעם גייסטיגען פראצעס זיינען מיר איינאיינעם מיט וואונדט'ן געצוואונגען אנצונעמען אן אנוואוקס פון פסיכישער ענערגיע, ווייל די פראבע אנצואווענדען דעם פרינציפ פון דער באשטענדיגקייט (פון דער סומע) ענערגיע צו דער גייסטיגער אנטוויקלונג לאזט איבער ניט דערקלערט אייניגע פון די אנזעהעוו-דיגסטע פאקטען פון אונזער דערפארונג.

ווען מען באטראכט גענוי דעם מעכאנישען ארגומענט, וואס די מאטעריאליסטען שטעלען ארויס, באמערקט מען גלייך, אז דאס איז גאר ניט קיין ארגומענט, נאר א סברה. בלויז דעמאלט, ווען מיר נעמען לכתחילה אן, אז יעדער פראצעס, דאס הייסט סאי א לע-בענס-פראצעס, סאי א פיזישער קאן באשריבען און דערקלערט ווע-רען אין הסכם מיט די פיזיש-כעמישע געזעצען, קאן דער דאזיגער

פּראָטעסט פון די מאַטעריאַליסטען קעגען דער פאַרגוואַלטיגונג פון דעם פּרינציפּ פון דער איינהאַלטונג פון ענערגיע האָבען אַ וועלכען עס איז זינען. אָבער אויב מיר האַלטען פון פאַקטען מער ווי פון אַ באַשטימטער טעאָריע מוזען מיר צוגעבען, אַז דער פּרינציפּ פון באַשטענדיגקייט פון דער ענערגיע העלפט אבסאָליוט ניט דער פאַראייניפאַכונג און דערקלערונג פון דעם, וואָס עס קומט באמת פאָר אויס'ן געביט פון דעם אָרגאַנישען און פיזישען (לעבען). די פאַקטען וואָס זיינען וועגען דעם פעסטגעשטעלט געוואָרען, ווי אויך דער איצטיגער צושטאַנד פון דער גייסטיגער עוואָלוציע נויטיגען זיך ניכער אין גאָר אַן אַנדער פּרינציפּ פון דערקלערונג. באַקאַנטע געלערנטע גיבען עס טאַקע אָפּען צו. ווי וואונדט האָט באַוויזען מישט זיך דאָ אַריין אַ מין שאַפענדיגער סינטעז, וואָס זיין כאַראַקטער און גרונט-פּרינציפּ דאַרפען נאָך אויפמערקזאַם אויסגעפאָרשט ווערען. דער מעכאַנישער אַרגומענט פאַרלירט זיין באַדייטונג אין דעם מאָמענט, ווען מיר זאָגען זיך אָפּ פון דער מאַטעריאַליסטישער סברה און האַלטען זיך ביי די זיכערסטע פאַקטען פון אונזער אייגענער דערפאַרונג.

דער קאָסמאָלאָגישער אַרגומענט האָט צו טאָן מיט אַ השערה, וואָס באַלאַנגט צו אַזאַ געביט, וואו די באַשטעטיגונג איז אומגעהויער שווער. די אַנטשטייאונג און דער שיקזאַל פון דעם גייסטיגען לעבען שטייען אויסער אונזער דערפאַרונג. אפילו ווען מיר קאָנען דערווייזען אַז אונזער דערפאַרונג וועגען פּסיכישען לעבען איז פאַרבונדען מיט געוויסע פיזישע אומשטענדען מיינט עס נאָך ניט, אַז זיי זיינען די איינציגע אומשטענדען, אונטער וועלכע דאָס איז מעגליך. איין זאַך איז אָבער קלאָר, און דאָס איז דער פאַקט, אַז דאָס פּסיכישע לעבען, פּונקט ווי דאָס לעבען בכלל פאָלגט נאָך זיינע אייגענאַרטיגע געזעצען, וואָס קאָנען ניט אַרויסגעבראַכט ווערען פון די געזעצען פון דער אומאָרגאַנישער מאַטעריע. דאָס איז אַ חלוק, וועלכען מען קאָן ניט באַזייטיגען אַזוי לאַנג ווי דער אוניווערז, וואָס מיר קענען איצט, האַלט אָן אָדער וועט נאָך אָנהאַלטען ווייטער. צי עס וועט אַמאָל זיין אַ וועלט אָהן אַ פּסיכישען לעבען, אָדער צי אַזאַ וועלט איז איבערהויפּט מעגליך איז אַ פראַגע, וואָס שטייגט איבער די מאַכט פון אונזער ווי־סען.

דעריבער באַרירען די אַלע אַרגומענטען אין קיין שום פּרט ניט דעם פאַקט, וואָס די פּסיכישע פּראָצעסען, וועלכע מיר לעבען איבער,

זיינען אבסאליוט אנדערע, ווי די מאטעריעלע דערשיינונגען. הענ־ריבערגסאנ׳ס גרינדליכער אנאליז פון דער דאזיגער פראב־לעם האט זעהר מיטגעהאלפען בעסער צו פארשטיין און פולער אפצו־שאצען דעם ראדיקאלען חלוק צווישען דיביידע מינים דערשיינונ־גען אין זייער גאנצער טיפקייט. א מענש, וואס האט באמת פארזוכט דאס פסיכישע אין זיין אמת׳ער נאהענטקייט און גרויסקייט קאן זיך שוין קיינמאל ניט באנוגענען מיט׳ן מאטעריאליזם.

דער מאטעריאליזם האט אויפגעטאן אומגעהויער פיל פאר דער אנטוויקלונג פון דעם פארשטאנד און פאר דער אנצייכענונג פון טענ־דענצען. ער האט אונז געגעבען א בעסערע פארשטענדעניש פון דער אינטימער שייכות צווישען דעם מוח און דער נשמה און האט באוואוי־גען צו מאכען וויכטיגע אונטערזוכונגען וועגען די ספעציפישע פאק־טען פון אט דער שייכות. דער מאטעריאליזם פארבלייבט נאך אלץ א וויכטיגער מעטאדישער און עוריסטישער (אייגעפינענדיגער) פרינ־ציפ, — אבער אלס וועלט־טעאריע פארפעלט ער צו דערקלערען א גרוי־סען טייל פון דער דערפארונג. און פונקט ווי דער אידעאליסט איז הילפלאז אין דער אנוועזענקייט פון אן אנדערענס באוואוסטזיין, פונקט אזוי איז דער מאטעריאליסט אומבאהאלפען בנוגע צו זיין אייגענעם באוואוסטזיין, — און זיי ביידע זיינען ניט בכוח צו באזייטיגען די דערשיינונגען, וואס זיי זיינען אומפעהיג צו דערקלערען.

## 30. ספיריטואליזם.

ספיריטואליזם, אדער די לערע, אז די אמת׳ע נאטור פון אלע זאַ־כען, היגטער זייערע אויסערליכע דערשיינונגען, איז א גייסטיגע, איז אנטשטאנען א דאנק דעם עפיסטעמאלאגישען אינטעלעקטואליזם. אויב מיר זיינען ניט בכוח צו דערקענען די אמת׳ע נאטור פון זאכען דורך אונזערע חושים, נאר בלויז דורך דעם אבסטראקטען געדאנק, מוז מען דערפון דרינגען, אז די דאזיגע נאטור גופא איז א ספיריטועלע. פלאטאן איז געוועזען דער ערשטער, וואס האט באוואוסטזיניג גע־מאכט אט דעם אויספיר. ער האט געגלויבט, אז ער האט אנטדעקט די גרונט־ווירקליכקייט אין די פראטאטיפען אדער איִדיעס, וואס קאנען ניט באנומען ווערען דורך די חושים. פלאטאנ׳ס טעאריע האט געהאט פיל גרעסערע רעזולטאטען,

ווי מען גלויבט געוויינליך. איר ווירקונג פילט זיך נאָך ביז היינטי־גען טאָג. אויב מיר וואָלטען וועלען כאַראַקטעריזירען אונזער דור דורך די אידייעס, וואָס באַהערשען אים, וואָלטען מיר זיך געדאַרפט רופען „פּלאַטאָניסטען“. די נעאָ־פּלאַטאָנישע דענקער פון דער רוימישער צייט, און באַזונדערס פּלאָטין, האָבען די דאָזיגע לערע אַנטוויקעלט אין דער ריכטונג פון מיסטיציזם.

דער מיטעלאַלטער איז געווען דורכאַוים דואַליסטיש. אָבער אין אָנהויב פון דעם נייעם פּעריאָד, ווען דעקאַרט האָט געמאַכט דעם זעלבסטבאַוואוסטזיין פאַר אַ מאָס פון עקזיסטענץ איז דער ספּי־ריטואַליזם ווידער אויפגעלעבט געוואָרען און האָט אין לייב־ניצ׳ען געפונען איינעם פון זיינע וויכטיגסטע פאַרטיידיגער. לייבניצ׳ס מאָנאַדען זיינען גייסטיגע איינצעלען, וואָס לויט זיין טעאָריע שטעלען זיי צוזאַמען די וועלט. דער ענגלישער פילאָ־סאָף בוירקלי, וועלכער איז געווען דער גרינדער פון קריטישען אידעאַליזם איז בעצם אַ ספּיריטואַליסט ווען ער דערקלערט, אַז עס עקזיסטירען בלויז די גייסטער און אַז די וועלט מוז באַטראַכט ווערען אַלס דער אינהאַלט פון זייער באַוואוסטזיין.

אין אונזערע אייגענע צייטען האָט ווילהעלם וואונדט געשאַפען אַ ספּיריטואַליסטישע מעטאַפיזיק דערקלערענדיג דעם אינ־האַלט פון דער ווירקליכקייט אַלס אַ פאַרפילפאַכונג פון די אינדיווי־דועלע ווילענס־אויסערונגען, וואָס האָבען לויט זייער עצם אַ גייסטי־גען כאַראַקטער. הערמאַן לאָטצע און טעאָדאָר פעכנער האָבען אויך געגלויבט, אַז דער ספּיריטואַליזם גיט די באַפרידיגענדיגסטע לייזונג פון דער פּראָבלעם פון זיין. לאָטצע באַטראַכט די מאַטעריע און גייסט אַלץ די אויסדרוק־פאָרמען פון דעם אַבסאָליוט, וואָס איז הויפּטזאַכליך רוחניות׳דיג, בעת פעכנער נעמט אָן די עקזיסטענץ פון אַ וועלט־נשמה און דערקלערט אויף דעם סמך, אַז אפילו די מאַטעריעלע אַטאָמען האָבען אין לעצטען סך הכל אַ רוחניות׳דיגען צוזאַמענשטעל.

ענדליך דאַרפען אויך שאָפּענהויער און יאַקאָב פראָהשטאַמער באַטראַכט ווערען אַלס ספּיריטואַליסטען, ווייל דער ערשטער באַטראַכט דעם ווילען און דער צווייטער — די פאַרשטעלונג אַלס דעם לעצטען און ווירקליכען עצם פון אַלע זאַכען. ווען דער מאָדערנער ספּיריטיזם מיט זיינע געהיימניס־

פולע אופנים. וואס זיינען שוין פריער באַשריבען געוואָרען און מיט זיין מעטאָד, וואס באַשטייט גיכער פון שוואַרץ־קינסטלעריי איידער פון אַרגומענטען. — ווען אַט דער ספּיריטיזם פּרובט זיך אָנגעמען דעם בכבוד'יגען נאָמען פון ספּיריטואַליזם, מוז ער אָפּגעוואָרפען ווערען, אַלס אַ ניט דערלאַזליכע זאַך.

ר ו ד אָ ל ף  ע ו ק ע ן  אין דייטשלאַנד און  ד ז ש אַ ס י אַ  ר אָ י ס  אין אַמעריקע פאַרטיידיגען איצט זעהר שטאַרק אַ מין ספּי־ריטואַליזם, וואס האָט אַן אויסגעשפּראָכען רעליגיעזע נטיה.  ע ו ק ע ן  פאָדערט פעסט, אַז מיר זאָלען זיך דערהויבען צום באַנעמען פון אַ ווירקליך פּסיכישען לעבען דורך אַ שטריינגער זעלבסטבאַטראַכטונג, אין וועלכער ער זעהט דאַס אמת'ע לעבען, די „אַליין־חבר'שאַפט" פון לעבען.  ע ו ק ע ן  באַטראַכט דאָס דאָזיגע פּסיכישע לעבען ניט אַלס פּראָדוקט פון דער קאָמבינירטער פיזישער אָנשטריינגונג פון דער מענש־ליכער ראַסע, נאָר אַלס עטוואס, וואס הייננט פון קיין זאַך ניט אָפּ, עטוואס  ג ע ט ל י כ ע ס .  ד ז ש אַ ס י אַ  ר אָ י ס  איז אויך איבערצייגט, אַז די אמת'ע ווירקליכקייט איז רוחניות'דיג לויט איר נאַטור און אַז דער אמת'ער יסוד פון זאַכען איז אַן אייביגער, געטליכער וועלט־סדר.  ר אָ י ס '  פילאָסאָפיע באַקומט אַן אייגענאַרטיגע באַדייַ־טונג דורך דעם, וואס ער שטרייכט שטאַרק אונטער דעם סאָציאַלען פאַקטאָר אין לעבען פון דעם יחיד, און מאַכט אויפ'ן יסוד פון דער באַשטענדיגער צוזאַמענווירקונג פון די נשמות אַן אויספיר, אַז ס'איז דאָ אַן אייביגער געטליכער ווערען, וואס איז רוחניות'דיג לויט זיין נאַטור.

דער ספּיריטואַליזם איז אַ נאָהענטער קרוב מיט'ן קריטישען אי־דעאַליזם.ביידע ריכטונגען באַטראַכטען די אמת'ע נאַטור פון דער וועלט אַלס אַ רוחניות'דיגע. דעם עצם־חלוק צווישען זיי באַשטייט אין דעם, וואס דער קריטישער רעאַליזם וואַרפט אָפּ יעדען שריט, וואס איז אויסער דער דערפאַרונג, בעת דער ספּיריטואַליזם איז אויסדריקליך און בכונה מעטאַפיזיש און אַלס אַזעלכער שפּאַנט ער גרינג אַריבער איבער דער אוממיטעלבאַרער דערפאַרונג. פאַר'ן קריטישען אידעאַליזם איז די וועלט דער אינהאַלט פון באַוואוסטזיין, בעת פאַר'ן ספּירי־טואַליזם איז עס די אַבסאָלוטע רוחניות'דיגע ווירקליכקייט, אוממאָפּ־הייננגיג פון דעם, צי עמיצער ווייסט וועגען דעם.

ווען ריכטיג פאַרשטאַנען איז דער ספּיריטואַליזם פּשוט די פילאָ־

סאָפּישע אנטוויקלונג פון דעם אַנימיזם פון די נאַטור־פעלקער. דער פּרימיטיווער מענש באַטראַכט די בוימער, קוואַלן און אפילו די שטיי־נער אַלס באַזעלטע וועזענס, וואָס זיינען באַשאַנקען מיט אַ ווילן, וואָס קאַן אָדער דינען אים אָדער שאַטן. דער פילאָסאָפישער ספּי־ריטואַליזם אַנערקענט די איינאַרטיגע רעגולערקייט פון די נאַטור־דערשיינונגען און באַטראַכט די״אָביעקטיווע וועלט אַלס אַ צוזאַמענ־שטעל פון אַטאָמען, וואָס ציען צו און שטויסן אָפּ איינס דעם צוויי־טן אין הסכם מיט די מעכאַנישע און כעמישע געזעצן, און „וועבן אויף אַזאַ אופן אַ לעבעדיגן מאַנטל פאַר דער גאָטהייט". ער גלויבט אָבער, אַז אַט די גרונט־איינצעלן (די אַטאָמען) האָבן אַ נשמה און אַ באַוואוסטזיין, ווייל ער קאָן זיך ניט פאָרשטעלן, ווי עס קאָן באַזונדער עקזיסטירן אַ וועלכער עס איז אָביעקט, וואָס זאָל ניט האָבן קיין רוחניות'דיגע סוביעקטיווקייט. עס מאַכט ניט אויס ווי אַט די רוחניות'דיגקייט פון דער עצם־נאַטור פון זאַכן ווערט באַ־גריפן, — אַלס אידייע, ווילן, פאַנטאַזיע א. אַז. וו., — איז אַט דאָס אַנטיילן יעדע זאַך מיט דער נשמה פאָרט אומבאַגרייפליך פאַר אונזער שכל הישר. עס איז זיכער, אַז די פאָרם, אונטער וועלכער מיר זיינען געצוואונגען צו באַגרייפן די וועלט, צייגט אונז בלויז איין זייט פון איר אמת'ער נאַטור. אָבער מיר גלויבן פונדעסטוועגן, אַז אַרויס־געבן אַט די העלפט פאַר דאָס גאַנצע איז סיי אומנוצליך, סיי פּשוט אוממעגליך.

בלויז אין איין פּרט שטייט דער ספּיריטואַליזם העכער פון דעם מאַטעריאַליזם, און דאָס איז אין דעם, וואָס ער שליסט איין אין זיין וועלט־טעאָריע די פאַקטן, וואָס ווערן אונז דירעקט געגעבן אין פּסיכישן לעבן און וואַרפט זיי ניט אָפּ אַן אַ זייט אַלס אַן איבעריגען ביי־פּראָדוקט. אָבער דערפאַר ווישט ער אויך אָפּ דעם חלוק צווישן דעם פּסיכישן און דעם פיזישן. ס'איז אונז כמעט פונקט אַזוי שווער פאָרצושטעלן זיך, ווי אַזוי די נשמה — אָדער דער גייסט — קאָן פאַרנעמען אַ וועלכן עס איז שטח. די מאַטעריעלע פּראָצעסן, ווי מיר האָבן שוין פריער אָנגעוויזן, קאָנען באַנומען ווערן דורך די חושים, אָבער אין דעם פאַל מיט די רוחניות'דיגע פּראָצעסן איז אַזאַ זאַך אוממעגליך. די פראַגע ווי אַזוי צוויי אומפאַרגלייכליכע פּראָצעסן קאָנען אַנטשטיין אומאָפּהייננגיג און דערנאָך איבערגיין איינער אין דעם צווייטן, — די פראַגע פאַרבלייבט אַלץ ניט פאַר־

ענטפערט סיי אין דעם פאל, ווען מיר נעמען אן, אז דער גייסט קומט ארויס פון דער מאטעריע, סיי ווען מיר גלויבען, אז די מאטעריע קומט ארויס פון גייסט.

דער ספּיריטואליזם ליידט אויך פון נאך אן אנדערען, פיל טיפערען חסרון. ווען מען זאל אננעמען, אז די וועלט באשטייט פון רוחניות'דיגע איינצעלען, דאן הייסט עס, אז דער באגריף וועגען עטוואס, וואס איז באשטענדיג, דער באגריף וועגען דער סובסטאנץ, ווערט אריינגעפירט אין דעם פסיכישען פּראצעס. אבער פאר אונזער גייסטיגען לעבען, — אויף וויפיל מיר דערפארען וועגען אים אין אונזער באוואוסטזיין — איז כאראקטעריסטיש גראד דאס, וואס מיר באגרייפען אים שטענדיג אויסשליסליך ווי אלס געשעהעניש, אלס פּאסירונג. דער באגריף וועגען א בלייבענדיגער און באשטענדיגער סובסטאנץ איז אבער אבסאליוט ניט צוגעפּאסט אויסצודריקען די דאזיגע פּאסירונג. אלס א פארם פון געדאנק מאכט זי בעצם אן א פלאנטער. די מאדערנע פיזיקער וואלטען אפילו וועלען אינגאנצען באזייטיגען דעם דאזיגען באגריף פון דער נאטור־וויסענשאפט און ריידען בלויז וועגען געזעצען און פּאסירונגען, און קיינמאל ניט וועגען א טרעגער פון באשטענדיגקייט. אונז שיינט, אז דער דאזיגער פארלאנג איז אן איבעריגער, ווען עס האנדעלט זיך וועגען פיזישע פּראצעסען, אבער זיכער איז, אז אין דער דערקלערונג פון דעם פסיכישען לעבען איז געוויס נויטיג פולשטענדיג אויסצושליסען דעם באגריף וועגען סובסטאנץ. די מאדערנע פסיכאלאגיע שטעלט אויך ארויס דיזעלביגע פאדערונג, און האט זי שוין טיילווייז אויך דורכגעפירט. עס מוז באמת אויסזעהן ווי א אינוויינענגסטער ווידערשפּרוך צו ריידען וועגען ר ו ח נ י ו ת ־ ד י ג ע  ס ו ב ס ט א נ צ ע ן , אויב דער כאראקטער פון די פסיכישע דערשיינונגען ווערט באגריפען בהסכם מיט די פאקטען. צוליב דעם טאקע מוז די פסיכאלאגיע פּראטעסטירען קעגען א וועלט־טעאריע, וואס קאן זיך ניט געפינען אין א הסכם מיט דער אמת'ער נאטור און גאנג פון די רוחניות'דיגע פּראצעסען.

די לייזונג פון דער אנטאלאגישער פּראבלעם, וואס עס האבען פארגעלעגט אנדערע מאניסטישע סיסטעמען, וועגען וועלכע מיר האבען שוין פריער גערעדט, זיינען ניט אזוי איינזייטיג ווי דער מאטעריאליזם אדער ספּיריטואליזם. דורך א פּראצעס פון ווייטערדיגען אבסטראהירען שטרעבען זיי צו באקומען אן העכערען כלל־באגריף, וואס

זאל אין זיך איינשליסען סיי די מאטעריע און סיי דעם גייסט, סיי די פיזישע און סיי די פסיכישע פראצעסען. איין שול גלויבט, אז זי האט אנטדעקט אט דעם העכערען כלל־באגריף אין א באשטענדיגער אייביגער סובסטאנץ, אן אנדער שול — אז זי האט אים אנטפלעקט אין דעם געזעץ, וואס באהערשט די פראצעסען און וועלכען זי באצייכענט אלס אן „אומאויפהערליכען ווערען“. מיר אונטערשיידען דעריבער צוויי ווייטערדיגע פארמען פון דער מאניסטישער טעאריע, — דעם מאניזם פון סובסטאנץ און דעם מאניזם פון ווערען.

## 31. דער מאניזם פון סובסטאנץ.

די עלטסטע פארעם פון דער דאזיגער טעאריע איז די לערע פון די אזוי גערופענע עלעאטען, וואס האט זיך באוויזען ביי די גריכען אין דעם 6־טען און 5־טען יארהונדערט פ. קר. די דאזיגע שול האט באקומען איר נאמען פון דער שטאט עלעא אין דרום־איטאליע, וואו ס׳האבען געוואוינט ס׳רוב פון אירע נאכפאלגער. קסענאפאן, דער גרינדער פון דער שול, איז ארויסגעטראטען קעגען דער פארמענשליכונג פון די געטער, וואס ווייזט זיך ארויס ביי האמער׳ן און העזיאד׳ן, און האט געלערנט, אז די גאטהייט איז ניט ענליך אויפ׳ן מענשען ניט אין דער פארם און ניט אין דעם אופן פון דיינקען. אבער איר אנטאלאגישע אנטוויקלונג האט די דאזיגע לערע באקומען ערשט אונטער דער פירונג פון קסענאפאנ׳ס תלמיד, פארמענידעס פון עלעא. מיר האבען שוין פריער געזעהן, אז די עלעאטיקער זיינען געווען די באגרינדער פון א ריין־שכל׳דיגער טעאריע פון וויסען. דער געפיל־באגריף איז לויט פארמענידעס׳ מיינונג פשוט א פארבלענדעניש. *) די געטין, צו וועלכער ער ווענדעט זיך, ווארנט אים אנטקעגען „דאס ניט־זעהענדיגע אויג און דעם טומעלדיגען אויער“. בלויז דער ריינער געדאנק

*) פארמענידעס האט איבערגעגעבען זיינע געדאנקען אין באלערנדיגע פערזען אין דער צייט פון ארום 480 יאר פאר קר. ארום 150 שורות פון זיין פאעמע זיינען נאך פארבליבען ביז איצטער. די בעסטע אויסגאבע פון זיי געפינט זיך אין הערמאן דיעלס „פארמענידעס לעהר־געדיכט“, אויף גריכיש און דייטש, בערלין, 1897.

אליין פירט צום וויסען וועגען דעםווירקליכען יש. דער דאזיגער יש איז איין־און־איינציג און אייביג. ער איז ניט באשאפען געווארען און ווייסט ניט פון קיין עבר און פון קיין עתיד, נאר בלויז וועגען איין אייביגען „איצט". דער „יש" איז אויך אומצעטיילבליך, אומ־פארענדערליך און ווייסט דעריבער ניט וועגען קיין רבים און ניט וועגען קיין באוועגונג.

פ א ר מ ע נ י ד ע ס איז אבער ניט געווען בכוח צו דערפירען אט די דאזיגע שטרייגע אבסטראקציע ביז צו איר לאגי־שען אויספיר. זיין „אומבאגרייפליכער יש", וועלכער ווערט באגריפען בלויז אלס א ריינער געדאנק, ווי ער דריקט זיך אויס, איז ווי „א מאסע פון אן אפגערונדעטער קויל, אין וועלכער דער מרחק פון צענטער צו אלע זייטען איז גלייך". ער שטעלט אלזא פאר דאס אבסטראקטע, אלס א זאך, וואס האט א געפיל־באגרייפליכע פארם. ז ע נ א ן פון עלעא, פ א ר מ ע נ י ד ע ס ' תלמיד, האט זיך דורך א טיפען און זעהר איידעלען אנאליז באמיט צו באשטעטיגען די לערע פון זיין רבי'ן ער האט ארויסגעבראכט א רייע באווייזען קעגען דער פארטרויענס־ווערטיגקייט פון די חושים און אנטקעגען דער אמת'ער עקזיסטענץ פון א רבים און פון א באוועגונג. די לערע פון די ע ל ע א ט ע ן האט געהאט א באדייטענדיגען איינפלוס אויף פ ל א ט א נ ע ן, וועלכער האט באטראכט זיינע אידייעס, אין הסכם מיט דעם עלעאטישען אופן פון דענקען, אלס אייביגע און אומפארענדערליכע, אלס ריינע רוחניות'דיגע איינצעלען, וואס די חושים קאנען ניט בא־גרייפען און וואס זיינען פארשטענדליך בלויז פאר די, וואס דערלאזען ניט, אז זייער נשמה זאל געגארט ווערען דורך דער פארבלענדעניש פון די אויסערליכע דערשיינונגען.

דער גרונט־געדאנק פון די ע ל ע א ט ע ן האט איינגעהאלטען זיין באדייטונג אפילו אין אונזערע צייטען און וועט ווארשיינליך אזוי אנהאלטען אויך אין דער צוקונפט. אז דער חושים־באגריף האט ניט דאס לעצטע ווארט אפילו אין פראגען פון נאטור־וויסענשאפט איז שוין אויפ'ן קלארסטען און איבערצייגענדיגסטען אופן דערוויזען גע־ווארען פאר דער דענקענדיגער וועלט נאך פון ניקאלאס ק א פ ע ר ־נ י ק ו ס ' ן. אויב ס'איז נויטיג צו איבערצייגען מענשען, אז די זון, וועלכע גייט אויף און פארגייט יעדען טאג פאר אונזערע אויגען, בייט גאר באמת ניט איר פלאץ, מוז דער אבסטראקטער מאטעמאטישער

# פילאָסאָפיע

געדאַנק און פּאַקטיש יעדע קאָנסטרוקטיווע וויסענשאַפטליכע פאַר־שטעלונג פאַרמאָגען מער איבערצייגונג־קראַפט ווי „דאָס ניט זעהענ־דיגע אויג און דער טומעלדיגער אויער“. אָבער קאָפּערניקוס האָט אויסגעלערנט די פילאָסאָפען פיל מער ווי דאָס. די ערד, וועלכע איז ביז דעמאָלט באַטראַכט געוואָרען אַלס דער צענטער פון דעם אוניווערז, איז געוואָרען ניט מער ווי אַ קליינע, אומבאַדייטענדיגע פּלאַנעטע, וואָס דרייט זיך אַרום דער זון אינאיינעם מיט פיל אַנדערע. **דזשאָרדאַנאָ ברונאָ** (1548—1600) איז געווען דער ערשטער פילאָסאָף, וואָס האָט געמאַכט די אָנטאָלאָגישע אויספירען פון קאָפּערניקוס׳ אַס־טראָנאָמישע לערעס. ער האָט באַגייסטערט געפּריידיגט די לערע וועגען דער אייביגקייט פון דער וועלט און דער איינהייטליכקייט פון דעם אוניווערז. **דזשאָרדאַנאָ ברונאָ** איז אַלס אַפּיקורוס פאַר־ברענט געוואָרען אויפ׳ן פייערהויפן אין רוים דעם 17־טען פעברואַר 1600, ווייל זיין טעאָריע איז געגאַנגען להפוך פון די הערשענדיגע דאָגמעס און ווייל ער האָט זיך אָפּגעזאָגט צו קאָמפּראָמעטירען זיין איבערצייגונג דורך אַ חרטה־אויסדרוק. אָבער ברונאָ׳ס טעאָריע וועגען דער איינהייטליכקייט פון דעם אוניווערז, וואָס האָט, ווי מיר וועלען שפּעטער זעהן, פאַראיינהייטליכט גאָט און די וועלט, איז געבליבען ווירקען. **ברוך שפּינאָזאָ** (1632—1677), האָט זי ווידער אויפ־געלעבט, הגם אין אַ עטוואָס אַנדער פאָרם. כאָטש שפּינאָזאַ האָט ווייניגער אימפּעט ווי דזשאָרדזשאַנאָ ברונאָ איז ער אָבער לאָגיש מער אויסגעהאַלטען. און אין זיין סיסטעם געפינט דער מאָניזם פון סוב־סטאַנץ זיין ריינסטען אויסדרוק.

**שפּינאָזאָ**, אַ זון פון אידישע עלטערן, וואָס איז געבאָרען געוואָרען אין אַמסטערדאַם, איז נאָך אין זיין פריסטער יוגענט באַקאַנט געוואָרען מיט׳ן תלמוד און האָט זיך שפּעטער גוט באַקאַנט מיט די לערעס פון דער אידישער פילאָסאָפיע און טעאָלאָגיע. דערביי איז ער באַקאַנט געוואָרען מיט אַ באַגריף וועגען דער גאָטהייט, וואָס איז אויף אַזוי פיל, אויף וויפיל דאָס איז איבערהויפּט מעגליך פאַר דעם מענשליכען געדאַנק, פריי פון יעדער מענשענאַרטיגקייט. די גאָטהייט איז אונטער אַלע אומשטענדען אַ וועזען, וואָס איז גאָר אַנדערש, ווי אונזער וועלט. זי איז געווען „איידער די בערג זיינען אַרויסגעבראַכט געוואָרען (תהלים צ׳) און האָט באַשאַפען די וועלט דורך איר וואָרט.

אָבער נאָכדעם ווי **שפּינאָזאָ** האָט זיך באַקענט מיט דער

פילאסאפיע פון דעקארט (וואס האט געלעבט צווישען 1596 און 1650) און האט זיך אויסגעלערנט אפצושאצען די פינקטליכקייט פון מאטע־מאטישע באווייזען, האט דער דאזיגער דואליזם צווישען גאט און דער וועלט אים אויפגעהערט צו באפרידיגען. ער האט באנומען די מצוה „ליב צו האבען גאט", וואס ווערט אזוי אפט איבערגע'חזר'ט אין דער תורה, אין דעם טיפסטען און ברייטסטען זינען פון ווארט, און האט אנדערש ניט געקאנט פארשטיין די דאזיגע מצוה ווי אלס א פאדערונג, אז דער מענש זאל זיך אינגאנצען אריינטאן אין גאטס אומענדליכקייט. דערפון איז ער ביסלאכווייז דערגאנגען צו א באגריף וועגען גאט אלס די איינציגע סובסטאנץ, פון וועלכען יעדער יש, סאי א גשמיות'דיגער, סאי א רוחניות'דיגער מוז ארויסגעבראכט ווערען מיט א לאגישער אויסגעהאלטענקייט. און דערפאר איז פאר אים פונקט ווי פאר דעם פארפאלגטען ד ז ש א ר ד א נ א ב ר ו נ א גאט און די וועלט געווארען איין זאך.

די דאזיגע איינציגע סובסטאנץ, וואס שוין דער באגריף אליין וועגען איר ווייזט אן אויף איר עקזיסטענץ האט צוויי אנטריבוטען, — דעם געדאנק און דעם רוים. יעדער איינציגע זאך אין דעם גאנצען אוניווערז, — דאס הייסט אויך דער מענש — איז ניט מער ווי אן אויסערונג, א צושטאנד פון דער דאזיגער איינציגער סובסטאנץ. אויב מיר זאלען באטראכטען די זאכען פון שטאנדפונקט פון דער אייביגקייט (סוב ספעציע עטערניטאטיס) און ניט בלויז אלס אפגעזונדערטע פא־סירונגען, דאן בילדעט דאס זיין און דאס ווערען א פולשטענדיגע האר־מאניע. מיר האבען שטענדיג צו טאן בלויז מיט אט דער איינציגער סובסטאנץ, וואס אירע אטריבוטען דריקען זיך אויס אין א פארשיי־דענקייט פון די דערשיינונג־פארמען. דער געדאנקען־סדר פון דעם מענשליכען גייסט איז דערזעלביגער, ווי דער סדר פון די זאכען, ווייל ביידע קומען ארויס פון איין און דעמזעלביגען מקור, נעמליך פון דער איינציגער אייביגער, אומצעטיילבאליכער סובסטאנץ. דער העכסטער ציל פון דעם מענשליכען וויסען און דער שפיץ פון דעם מענשענס גליק באשטייט דעריבער אין א באדינגונגסלאזען אונטערגעבען זיך צו דער וועלט, אדער ווי שפינאזא האט עס פארמולירט, אין דער גייסטי־גער ליבע צו גאט.

ווען מען באטראכט ש פ י נ א ז א ' ס טעאריע פון דעם שטאנדפונקט פון איינארטיגקייט און שטריינגער אויסגעהאלטענקייט

שטעלט זי מיט זיך בלי ספק פאַר א פראַכטפולע סיסטעם. א גענויערע באַטראַכטונג אנטפלעקט אבער דעם פאַקט, אז אין אירע פונדאמענטאַלע פרינציפּען זיינען דורכגעלאָזען אייניגע זעהר וויכטיגע פונקטען. דער ערשטער טעות, אויף וועלכען אנדערע האָבען שוין פיל מאָל אָנגעוויזען איז נעמליך דער, וואָס שפּינאָזא אידענטיפיצירט די לאָגישע פאַרבינדונג צווישען דעם גרונט און שלוס מיט דער אַנטאָלאָגישער שייכות צווישען דער סבה און דעם רעזולטאַט. ער רעכענט, אז ס׳איז מעגליך ארויסצוברייננגען יעדער זיין און ווערען פון דעם כלל־באַגריף וועגען דער סובסטאַנץ דורך דעמזעלביגען מעטאָד, ווי די געאָמעטריע ברייננגט ארויס אירע אויספירען פון די דעפיניציעס פון פאָרם און שטח. דעריבער גלויבט ער, אז זיינע מעטאַפיזישע השערות, וועלכע ער ברייננגט ארויס אין זיין „ע ט י ק" לויט דער געאָמעטרישער מעטאָדע, האָבען דיזעלביגע קראַפט, ווי געאָמעטרישע אויספירען. ער פאַרגעסט דערביי אז די געאָמעטריע האָט צו טאָן מיט באַגריפען פון איר אייגענער שאפונג, בעת די באַגריפען, מיט וועלכע די פילאָסאָפיע האָט צו טאָן זיינען אַביעקטיוו געגעבענע. א צווייטע שוועריגקייט ביי ש פ י נ א ז ע ׳ ז באַשטייט אין דעם, וואָס ער שליסט אויס די צייט פון חשבון פון דעם וועלט־פּראָצעס. אין זיין באַגריפליכען אויספירען זעהט ש פ י נ א ז א בלויז דאָס וואָס באַשטייט אייביג, דאָס וואָס בלייבט באַשטענדיג אומפאַרענדערליך, — און ער באַמערקט ניט, אז אין דעם וועלט־פּראָצעס געפינען זיך די ענדערונג און די אנטוויקלונג אין אייביגען פּראָגרעס. און אַלס אויף דעם דריטען פעלער פון דער שפּינאָזישער וועלט־טעאָריע מוזען מיר אָנווייזען אויף זיין ריין שכל־דיגער דאָקטרינע פון פּסיכישען לעבען, וואָס האָט געהערשט צו יענער צייט. פּונקט ווי ד ע ק א ר ט באַטראַכט ער דעם דענקען אלס דעם סכום פון דעם גאַנצען פּסיכישען לעבען. אָבער די מאָדערנע פּסיכאָלאָגיע לערנט אונז, אז דער געפיל און דער ווילען זיינען די גרונט־פאָרמען פון דעם באַוואוסטזיינס אקטיווקייט און די טעטיגקייט פון שכל איז בלויז א שפּעטערדיגע דערשיינונג פון דעם גייסטיגען לעבען.

ש פ י נ א ז א ׳ ס מאָניזם פון דער סובסטאַנץ איז אין זיין שטייפער פאָרם דעריבער ניט צופרידענשטעלענדיג. ג ע ט ה ע, אויף וועלכען ש פ י נ א ז א האָט געהאַט א טיפע ווירקונג האָט אָט דעם שטייפען באַגריף וועגען סובסטאַנץ לעבעדיגער געמאַכט. די אידענטישקייט פון גאָט מיט דער נאַטור האָט זעהר שטאַרק אפּע־

לירט צו אים. אבער ער פארשטייט די נאטור אלס לעבעז, אנטוויק־לונג און באשטענדיגע פארענדערונג. ג ע ט ה ע האט דעריבער מיט גרויס פרייד באגריסט די דערשיינונג פון ש ע ל י נ ג ס „פ י־ל א ס א פ י ע פ ו ן ד ע ר נ א ט ו ר" (1797). — א ווערק, וואס האט איינגעהאלטען ש פ י נ א ז א ' ס צענטראלען געדאנק, די אידענטישקייט פון דער נאטור און פון גייסט, און האט זיי אבער פארבונדען מיט דער אידייע וועגען אנטוויקלונג.

שעלינג (1776—1848) האט אנגענומען שפינאזא'ס טעאריע אהן שום פרושים. שוין אין איינעם פון זיינע פריסטע ווערק דריקט ער אויס די האפענונג, אז אים וועט געלינגען צו דערווייזען די רעאל־קייט פון „דער אידייע" אלס א צוגאב צו ש פ י נ א ז א ' ס „עטיק". ער שרייבט צו העגעל'ן: „איך בין געווארען א שפינאזיסט, איהר וועט גאר אין גיכען זעהן אויף וואס פאר אן אופן". שעלינג באטראכט אויך די נאטור און דעם גייסט אלס אויסערונגען פון דעם אבסאלוט; די גאנצע וועלט איז אויך בא אים איינארטיג דורך און דורך. אבער להפוך צו ש פ י נ א ז א ' ן האט ש ע ל י נ ג באטראכט די נאטור און דעם גייסט ניט אלס אטריבוטען, נאר אלס די צוויי פאליוסען פון דעם אבסאלוט. ש ע ל י נ ג האט באטראכט דאס געזעץ פון קע־גענזאצען, ווי ער ווערט אנטפלעקט אין די דערשיינונגען פון מאגנע־טיזם און עלעקטריע אלס אן אוניווערסאלען געזעץ. פונקט ווי דער מאגנעט צייגט ניט ארויס אין זיין צענטער קיין צוציהונג ניט צו צפון און ניט צו דרום, נאר בלויז א מין גלייכגילטיגקייט צוביידע עקס־טרעמען, פונקט אזוי טיילט זיך דער אבסאלוט אויף נאטור און גייסט, אבער די אמת'ע ווירקליכקייט פון דעם אבסאלוט פארבלייבט פארט אין זיין רוחניות'דיגער איינהייטליכקייט. נאטור איז לויט ש ע ל י נ ג ' ס מיינונג „דער אנטפלעקטער גייסט." אויף אזא אופן איז ש ע ל י נ ג ' ס אזוי גערופענע פילאסאפיע פון אידענטיש־קייט ווידער געגייגט צום ספיריטואליזם. דער אבסאלוט איז לויט ש ע ל י נ ג ' ן בעצם אומפארענדערליך און פארבלייבט שטענדיג דערזעלביגער; אבער ער אנטפלעקט זיך אין דער זאכליכער וועלט אין א פארשיידענקייט פון פארמען, וועלכע שעלינג פארשטייט אלס אן עוואלוציאנערען פראצעס. ש ע ל י נ ג האט זעהר בפרטיות'דיג באשריבען די נאטור פון דעם שטאנדפונקט פון צוויי קעגענזעצליכע פאליוסען, און זיין „פילאסאפיע פון דער נאטור" האט א געוויסע

צייט געהאט א גרויסען איינפלוס, כאָטש זי האָט אין זיך בעצם ניט געהאט קיין שום נייעס. די מאָדערנע וויסענשאַפט איז געווען געצוואונגען איינגאנצען אָפּצוּוואַרפען שעלינג׳ס מעטאָד פון ארויסברייגנען נאַטור־געזעצען פון פילאָסאָפישע כללים און צו צעשטערען אים ביז׳ן גרונט. אין דער לעצטער צייט אָבער הויבען מיר אָן צו באַגרייפען, אז שעלינג׳ס טעאָריע, וועלכע דערקלערט אַלע נאַטור־קרעפטען פון איין אַלגעמיינעם פּרינציפּ אנטהאַלט אין זיך אַ סך אמת. די מאָדערנע וויסענשאַפט איז ביסלאכווייז דערגאַנגען צו דער טעאָריע, וואָס באַטראַכט אַלע נאַטור־פּראָצעסען אלס די פאַרענדערונג פון פלאַץ און פאַרוואַנדלונג פון איין איינציגער איינאַרטינגער ענערגיע.

דער מאָניזם פון סובסטאַנץ איז אויפ׳ן לאָגישסטען און אויסגעהאַלטענסטען אופן באַטראַכט געוואָרען פון העגעל׳ן (1770־1831). העגעל באַגרייפט די איינהייטליכקייט פון גייסט און פון דער ווירקליכקייט אויף אַזאַ אופן, אז די לאָגישע, — אָדער ווי העגעל דריקט זיך אויס, די דיאַלעקטישע — אנטוויקלונג פון דעם באַגריף איז אידענטיש מיט דער עוואָלוציע פון דעם וועלט־פּראָצעס. העגעל באַטראַכט שעלינג׳ס געזעץ פון קעגענזאַצען אלס דעם ריין־לאָגישען אנטיטעזעס פון די פאָרשטעלונגען. יעדער פאָרשטעלונג, לערנט ער אונז, צווינגט אונז צו דיינקען וועגען איר אנטיטעזיס. יעדער „א“ פאָדערט באַלד נאָך זיך א ניט—„א“, כדי צו פאַרענדיגען דעם געדאַנק. אָבער גראָד אין דעמזעלביגען מאָמענט, ווי די פאָרשטעלונג האָט ארויסגעבראַכט דעם געדאַנק וועגען דעם אנטיטעזיס, ווייזט זיך גלייך אַרויס די לאָגישע נויטיגקייט צו קאָמבינירען ביידע פאָרשטעלונגען אונטער איין אַלגעמיינערען כלל, — אָדער ווי העגעל דריקט זיך אויס, — צו „פאַרניכטען“ דעם אנטיטעזיס. דאָס מיינט, אז מיר קאָנען אנטדעקען דעם אבסאָליוטען אמת בלויז ווען מיר פאָלגען אבסטראַקט נאָך די זעלבסטעוואָלוציע פון די פאָרשטעלונגען. אויף אַזאַ אופן פירט אונז העגעל ארויס פון דער ריין־אַבסטראַקטער פאָרשטעלונג וועגען זיין, צו דער אידייע „וועלכע לאָזט זיך אויס פונקט ווי די נאַטור פון סוביעקטיווקייט צו אָביעקטיווקייט“, כדי ווידער אַמאָל אומצוקערען זיך צו זיך אליין אלס גייסט. די עוואָלוציע דערגרייכט איר פאַרענדיגונג אין די דריי מדרגות פון דער עוואָלוציע פון גייסט, אין דעם סוביעק־

טיווען, אביעקטיווען און אין דעם אבסאָליוטען געדאַנק, פון וועלכע דער לעצטער אנטפּלעקט זיך אין קונסט, רעליגיע און פילאָסאָפיע, בלויז כדי ווידער אומצוקערען זיך צו זיין אויסגאַנג־פּונקט, צום אבסטראַקטען זיין. בעת שעלינג האָט אָפּגעגעבען זיין אויפמערקזאַמקייט הויפּטזאַכליך צו דער נאַטור ליגט העגעל'ס קראַפט אין דער פילאָסאָפיע פון געדאַנק. אויף דעם געביט האָט ער פיל פאַרבעסערט דעם היסטאָרישען מעטאָד פון אויספאָרשונג הויפּטזאַכליך דורך דעם באַגריף וועגען דעם „אביעקטיווען" געדאַנק, אויף וויפיל ער דריקט זיך אויס אין געזעץ, מאָראַל, מנהגים און אויף וויפיל ער ווייזט זיך אַקטיוו אַרויס אין לעבען פון דער פאַמיליע און פון שטאַט. מיר האָבען פון אים געלערנט, אז יעדער מענשליכע פערזאָן געפינט זיך אונטער דער ווירקונג פון דעם אביעקטיווען געדאַנק און אַז מען קאָן ניט פאַרשטיין קיין איין מדרגה פון דער גייסטיגער אנטוויקלונג, סיידען מען פאַרשטעט פריער ניט אויס איר גאַנצע פריערדיגע געשיכטע. אָבער העגעל האָט געגלויבט, אז זיין דיאַלעקטישער מעטאָד שפּאָרט איין די טרחה פון פּינקטליכע אויספאָרשונגען אויפ'ן געביט פון נאַטור־וויסענשאַפט און געשיכטע. און אז ער גיט אונז די מעגליכקייט פשוט על פי שכל אַרויסצוברייננגען די געזעצען פון זיין און ווערען. צוליב אָט דער סבה איז די געניע וויסענשאַפט געצוואונגען שטאַרק צו באַקעמפען זיין איינפלוס, און דעריבער טאקע האָט העגעל געפונען אַזוי פיל שאַרפע געגנער צווישען די וויסענשאַפטלייט. אין דער איצטיגער צייט, ווען דאָס נאָכפאָרשען פון פאקטען איז שוין לאַנג דער אָנגענומענער מיטעל פון אויספאָרשונג, האָבען מיר ווידער באַקומען דעם פאַראורטייל־פרייען צושטאַנד פון געדאַנק, וואָס גיט אונז די מעגליכקייט צו שאַפען זיך א מער אומפּאַרטייאישען באַגריף וועגען העגעל'ס פאַרדינסטען פאַר דעם פאָרשריט פון דעם מענשליכען וויסען. העגעל'ס פילאָסאָפיע פאַרדינט אונזער אכטונג און באַוואונדערונג פריער פאַר אַלץ אלס אַן איינדרוקספולער אין דורך־און־דורך לאָגישער אינטעלעקטועלער בנין. אָבער דאָס היסטאָרישע מעטאָד פון אויסטייטשען אַלצדינג, וואָס האָט א שייכות צום געדאַנקען־פּראָצעס איז אויך א ווערטפולע ירושה פון דעם פּאָזיטיווען אינהאַלט פון זיין לערע.

דער מאָניזם פון סובסטאַנץ איז אויסגעהאַלטען דורכגעפירט געוואָרען בלויז דורך די עלעאַטען און דורך שפּינאָזאַ'ן. שעלינג און העגעל קאָמבינירען עס שוין מיט דער ווייד־

טערדיגער אידייע פון אנטוויקלונג: ש ע ל י נ ג — אין דעם זינען פון א ווירקליכער ענדערונג און ה ע ג ע ל — גיכער אלס אן ארויסוויקלען זיך פון דער פארשטעלונג פון זיך אליין. ביי ש ע ל י נ ג ׳ ן און ה ע ג ע ל ׳ ן, ווי מיר האָבען שוין פריער באמערקט, שמעקט דער מאניזם אויך זעהר שטארק מיט ספיריטואליזם, ווייל לויט זייער ביידענס מיינונג איז די טבע פון אבסאָליוט אין לעצטען סך הכל א רוחניות׳דיגע.

די נייע נאַטוראליסטען, ספּעציעל ע ר נ ס ט ה ע ק ע ל האָבען ווידער אוועקגעשטעלט אַט דעם מין מאניזם אויף א מער מאַטעריאַליסטישען יסוד. ע ר נ ס ט ה ע ק ע ל האט אין זיין וויט־פאַרשפּרייטען בוך „די רעטעניש פון דעם אוניווערז" געפּרובט באשרייבען דעם קאסמישען פּראָצעס אלס אן איינאַרטיגע עוואָלוציע. ער הויבט אַן מיט דעם באגריף פון מאטעריע, וועלכע ער באטראכט אלס א זאך, וואס איז פאַרויס געגעבען געוואָרען מיט אלע אירע מעגליכקייטען און טענדענצען. בעת דער דאָזיגער עוואָלוציע קומען די קאָמפּליצירטסטע פאָרמען פון יחידים׳שען און געזעלשאפטליכען לעבען ביסלאכוויין ארויס פון פשוטע מאטעריעלע עלעמענטען, וועלכע אנטהאלטען שוין אבער אין זיך די זוימען פון פסיכישען לעבען.

אַן אנדער שול פון דענקער האט אויפ׳ן יסוד פון פיזיאָלאָגישע און פיזישע טעאָריעס זיך אונטערגענומען צו באזייטיגען פון דער פילאסאפישער וועלט דעם באגריף וועגען סובסטאנץ, אויף וויפיל זי ווערט באנומען אלס א באשטענדיגע ווירקליכקייט, וואָס האלט שטענדיג איין איר אידענטישקייט, — און צו באטראכטען די ע נ ד ע ר ו נ ג, וואס האלט אַן אייביג און אומאויפהערליך אלס די איינציגע זאך, וואָס האט א ממשות. מיר וועלען איצט אריבער צו דער באַשרייבונג פון אַט דער טעאָריע, וואס מיר האָבען באצייכענט אלס „מאניזם פון ווערען". — א טעאָריע, וואָס שטויסט זיך אַן אויף א סך גרויסע שוועריגקייטען, אבער וואס איז פונדעסטוועגען אויסגעארבייט געוואָרען מיט א מערקווירדיגער אויסגעהאלטענקייט.

### 32. ד ע ר מ א נ י ז ם פ ו ן ו ו ע ר ע ן.

דער מאניזם פון ווערען איז פונקט ווי דער מאניזם פון סובסטאנץ אנטשטאנען אין פאַרצייטיגען גריכענלאנד. ה ע ר א ק ל י ט פון

עפעז (200 פאר קר.) האט להפוך צו די עלעאטען אנגענומען דאס ווערען און די ענדערונג אלס דעם פרינציפ פון דעם וועלט־פראצעס. „יעדער זאך פארגייט און קיין זאך שטייט ניט אויף אן ארט" — איז איינע פון זיינע כאראקטעריסטישע באהויפּ־טונגען. פארגלייכענדיג דעם קאסמישען פראצעס מיט א פליסענדי־גער טייך האט ער באמערקט: „מיר קאנען ניט אריינטרעטען אין דעמזעלביגען טייך צוויי מאל נאכאנאנד, ווייל דעם צווייטען מאל איז עס שוין ניט ווי דאס ערשטע."*)

העראקליט האט אויך אנערקענט דעם פאקט, אז איבער דער שטענדיגער ענדערונג הערשט א געזעץ, א מין וועלט־שכל, וועל־כען ער האט אַנגערופען „לאגאס". ער זאגט: „דער דאזיגער וועלט־סדר, וועלכער איז דערזעלביגער פאר אלע באשעפענישען איז ניט געשאפען געווארען ניט דורך גאט און ניט דורך דעם מענשען, ער איז שטענדיג געוועזען און איז דא און וועט שטענדיג זיין ווי אן אייביגער פייער". דער פייער, וועלכער שטעלט מיט זיך פאר, לויט העראקליט'ס מיינונג, דעם גרונט־שטאף, די ערשטע מאטעריע, שיינט צו זיין בלויז א סימ־באל פון אייביגער באוועגונג. העראקליט איז שוין אויך באקאנט מיט דער פארשטעלונג וועגען א שטענדיגער עוואלוציע צו העכערע פארמען. דעריבער זאגט ער, אז דער קאמף איז דער פאטער פון אלע זאכען. לויט זיין מיינונג קומט אלצדינג ארויס פון אט דעם קאמף, סיי די מענשען און סיי די געטער, סיי די פרייע און סיי די פארשקלאפטע.

די סטאיקער האבען ביז א געוויסען גראד אויפגעלעבט די לערע פון העראקליט'ען, אבער זיי האבען דערביי ניט גענוג אפגעשאצט די טיפע באדייטונג פון זיין פונדאמענטאלען פרינציפ. און ביי דזשארדזשאנא ברונא, וועמענס פייערדיגער גייסט עס איז פשוט פארכאפט געווארען פון דעם גע־דאנק וועגען אייביגען וואקסען, געפינען מיר אויך שפורען פון העראק־

*) פון העראַקליט'ס ווערק זיינען פארבליבען אַ הונדערט ברוכשטי־קער, וועלכע זיינען אַמבעסטען צוגענגליך אין הערמאַן דיעלז'עס אַרבייט „העראַקלעטאס פון עפעזאס", אין גריכיש און דויטש, בערלין 1901. מען קאָן זיי אויך געפינען אין דער זאַמלונג פון „די פראַגמענטען פון די פאָרסאָקראַטיקער". אויף ענגליש קאָן מען עס געפינען אין „בעקוועל'ס סאורס בוק אָוו אנשענט פילאָזאָפי", 1907, אָדער אין בוירנעט'ס „אוירלי גריק פילאָסאָפי", 2טע אויסג. 1908.

ליט'ס ווירקונג. העגעל איז שטענדיג נוטה געווען צוצושרייבען הערַאקליט'ען די גרונט־אידייעס פון זיין אייגענער סיסטעם. לאַסאַל, העגעל'ס אַ שילער, האָט שפּעטער אין דעמזעלביגען גייסט אָנגעשריבען אַ צוויי־באַנדיגען פּירוש אויף הערַאקליט'ען. ס'איז קיין ספק ניט, אַז סיי העגעל און סיי לאַסאַל האָבען אָפּט אַריינגעטייטשט אין הערַאקליט'ס ווערטער אַזעלכע געדאַנקען, וואָס זיינען געווען פולשטענדיג פרעמד דעם גריכישען פילאָסאָף. אָבער אין עצם זיינען זיי פּאָרט גערעכט. הערַאקליט האָט באַטראַכט די וועלט ניט אַלס אַ באַשטענדיגע סובסטאַנץ, נאָר אַלס אַ קאָסמישען פּראָצעס.

די מאָדערנע געלערנטע האָבען אויפ'ן יסוד פון דער לערע וועגען עוואָלוציע מיט התפּעלות אָנגענומען אָט דעם געדאַנק און האָבען אים מיט אַ זעלטענער אויסגעהאַלטענקייט דערפירט צו זיינע לאָגישע קאָנסעקווענצען. איידער מיר גייען איבער צו דער דערקלערונג פון דעם דאָזיגען מאָדערנסטען טיפּ פון מאָניזם ווילען מיר זיך אַ ווײַלע אָפּשטעלען אויף דער לערע פון עוואָלוציע, וועלכע מיר האָבען ערשט דערמאָנט.

קאַנט האָט אין זיין „אַלגעמיינער נאַטור־געשיכטע און הימעל־טעאָריע“ (געדרוקט אין 1755) מיט אַ שטרייגער לאָגישער אויסגע־האַלטענקייט אָנגעווענדעט די אידייע פון עוואָלוציע אין הסכם מיט די מעכאַנישע געזעצען צו דער דערקלערונג פון דער אומאָרגאַנישער וועלט. זיין השערה וועגען די פייערדיגע נעבעלקייטען, פון וועלכע אונזער זונען־סיסטעם איז אַרויסגעקומען, איז שפּעטער כמעט אין דיזעלביגע ווערטער פאָרמולירט געוואָרען פון דעם פראַנצויזישען מאַטעמאַטיקער און אַסטראָנאָם לאַפּלאַס, וועלכער איז אומאָפּהיינגיג פון קאַנט'ן געקומען צו די זעלביגע שלוסען. די דאָזיגע השערה איז איצט באַקאַנט אַלס די קאַנט־לאַפּלאַסישע טעאָריע. *)

---

*) לאַפּלאַס האָט אויסגעאַרבייט זיין טעאָריע ניט אַזוי בפרטיות'דיג, ווי קאַנט. ער האָט זי פאַרעפענטליכט אין אַ לענגערער באַמערקונג אין דעם צוגאָב צו זיין ווערק „עקספּאָזיסיאָן דיו סיסטעם דיו מאָנד“ („די פעסטשטעלונג פון דער וועלט־סיסטעם“) ז. 498—509, באַנד 4, פון דער גרויסער פאַריזער אויסגאַבע פון זיינע געזאַמעלטע ווערק. אָבער בעת קאַנט זשופּט אויס אין זיין פולשטענדיגער זיכערקייט: „גיב מיר מאַטעריע און

# ווילהעלם יערוזאלעם

העלמהאלץ האט אין א גלענצענדער עסעי באוויזען, אז די דאזיגע טעאריע שטימט אמבעסטען מיט דעם איצטיגען צושטאנד פון דער וויסענשאפט. *)

קאנט שטעלט זיך אין זיין טעאריע אומיסטען אפ ביי דער גרעניץ פון דער ארגאנישער וועלט. כאטש ער האט אזא פולשטענדיגען צוטרוי צו זיין השערה, אז ער רעכענט זיך בארעכטיגט צו זאגען: „גיב מיר מאטעריע און איך וועל אויסבויען א וועלט; דאס הייסט, גיב מיר די מאטעריע און איך וועל אנצייגען אויף א וועלט, וואס וועט פון איר ארויסקומען“,—פונדעסטוועגען וויל ער אויף זיך אפילו ניט נעמען צו פרובען געבען א דערקלערונג וועגען דער אנטשטייאונג פון איין איינציגען געוויקס אדער פוס־ווארים.

די אויספארשונגען, וואס געטע, לאמארק, זשאפרואַ־סענט־איללער, ספענסער און דארווין האבען געמאכט, האבען שטארק פארגרעסערט אונזערע באגריפען וועגען דער עוואלוציע פון דער ארגאנישער וועלט. מיר ווייסען איצט, אז די קאמפליצירטסטע ארגאנישע געביידען קומען ארויס פון די פשוט'סטע עלעמענטען און מיר האבען ווייניגסטענס אן אנצוהערעניש וועגען די געזעצען, וואס באהערשען די עוואלוציע. מיר מוזען, נאטירליך, אננעמען, אז די גרונט־אייגענשאפטען פון לעבען, ווי דער וואוקס, די דערנערונג, די צופאסונג פון פונקציעס צו דער סביבה א. א. וו. זיינען שוין פון אנהויב אן פאראן אין די עלעמענטען, — אין די קאמערלאך, נעווראנען, פלאזמען, אדער ווי מען זאל זיי ניט אנרופען. אבער אויף אזוי פיל, ווייניגסטענס, זיינען מיר זיכער, אז אלע ארגאנען און אלע פונקציעס אנטוויקלען זיך בהסכם מיט באשטימטע טענדענצען, וואס באצוועקען צו דערהאלטען ביים לעבען דעם יחיד און דעם

איך וועל אויסבויען א וועלט“, איז דער מאטעמאטיקער און אסטראנאם פיל מער איינגעהאלטען. ער מעלדעט וועגען זיין טעאריע אויף אזא אופן: „איך וועל פארשלאגען א השערה אין א באמערקונג ביים סוף פון דעם ווערק וואס קאן, ווי מיר דאכט זיך, ארויסגעבראכט ווערען מיט א גרויסער מאס וואַרשיינליכקייט, פון די דערשיינונגען, וואס זיינען דא באשריבען געווארען; אבער איך ליג זי פונדעסטוועגען פאר מיט דער טיפער אומזיכערקייט, מיט וועלכער אונז דארף אנפילען אלץ, וואס איז ניט דער פועל יוצא פון באאבאכטונג און (מאטעמאטישער) אויסרעכענונג“. ז. 447.

*) העלמהאלץ: „וועגען דער אפשטאמונג פון דער פלאנעטסיסטעם“, אין זיינע „עסעים און מעלדונגען“, באנד 2, זייט 53.

מין. די ביאָלאָגיע, די וויסענשאַפט וועגען די געזעצען פון דער לעבע־דיגער נאַטור, וועלכע שטאַמט פון אַ דעם מעטאַד פון דערקלערען, האָט אַ דאַנק דער גרינדליכער און זאָרגפעליגער אונטערזוכונג פון פרטים געמאַכט אַ וואונדערליכען פאָרשריט. איצט איז שוין אומ־פאַרמיידליך, אַז די עוואָלוציע פון דעם מענשליכען געדאַנק זאָל אויך אויסגעפאָרשט ווערען פון דעם שטאַנדפונקט פון לעבענס־דערהאַלטונג, אָדער — באַנוצענדיג אַ וויסענשאַפטליכען טערמין — לויט די ביאָ־לאָגישע פרינציפען. הערבערט ספענסער האָט אין זיינע „פרינציפען פון פסיכאָלאָגיע“ געמאַכט דעם ערשטען שריט אין אַ דער ריכטונג. ער האָט זעהר פיל באַרייכערט אונזער ידיעה וועגען די פסיכישע פראָצעסען, ניט קוקענדיג דערויף, וואָס זיין דעפיניציע פון לעבען איז נאָך געווען ניט גענוג ברייט.

אויב מיר באַטראַכטען אַלצדינג, וואָס קומט פאָר אין דעם מענש־ליכען אָרגאַניזם אַלס אַ לעבענס־פראָצעס, שיינט עס, אַז מיר קאָנען דערפון ארויסברייננגען אַ קאָמבינירענדיגען פרינציפ פאַר די פיזישע און גייסטיגע דערשיינונגען און שאַפען אַ באַגריף, וואָס זאָל אַריינגעמען אין זיך די ביידע דערשיינונגען פון לעבען. אַזאַ מין באַ־גריף וואָלט אַ חוץ אַלעמען גלייך געגעבען אונז די מעגליכקייט צו פאַרברייטערן אונזער באַאָבאַכטונג איבער אַלע מינים דערשיינונגען און צו פאָרמולירען אַ מאָניסטישע טעאָריע, וואָס איז פיל ברייטער און אין דערזעלביגער צייט פיל פעסטער און גענויער, ווי אַלע באַגרי־פען, וואָס מיר האָבען ביז איצט געפרובט שאַפען. ריכאַרד אווענאַריוס און ערנסט מאַך האָבען אויף זיך גענומען די אויפגאַבע אויסצואַרבייטען אַזאַ מין באַגריף. אווענאַריוס' „עמפיריאָקריטיציזם“ איז דערוויילע די לאָגישסטע מאָניסטישע סיסטעם, וואָס איז ביז איצט פאָרגעשלאָגען געוואָרען.

אווענאַריוס און מאַך זיינען געקומען צו זייערע אויספירען אומאָפהייננגיג איינער פון דעם אַנדערען און אויף פאַר־שיידענע וועגען. אווענאַריוס, וועלכער האָט זיך תחילת זעהר פיל פאַרנומען מיט שפינאָזאַ'ן און האָט אפשר דורך דעם באַקומען אַ גרעסערען אַנשטויס אויסצואַרבייטען אַ שטרייננג־מאָניסטישע טעאָריע פון דעם אוניווערז, הויבט אָן זיין טעאָריע פון דעם מאַטעריאַליסטישען שטאַנדפונקט, — בעת מאַך שטייט פון אָנהויב אָן נאָהענטער צום אידעאַליזם. מאַך אַליין דערציילט, אַז שוין

# ווילהעלם יערוזאַלעם

אין זיין פריסטער יוגענט איז ער, לייענענדיג קאַנט׳ס „פּראָלעגאָמענאַ צו יעדער קומענדיגער מעטאַפיזיק״, באאיינפלוסט געוואָרען פון דעם געדאַנק, אַז דאָס אָננעמען פון אַ „זאַך אין זיך״ איז אַ פילשטענדיג איבעריגע זאַך.

דער צענטראַלער געדאַנק פון דעם אַוועגאַריוס מאַכ׳ישען מאָניזם באַשטייט אין דער אָפּשאַפונג פון דעם חלוק צווישען די פיזישע און פסיכישע דערשיינונגען. זיי שאַפען אָבער אָפּ דעם דאָזיגען חלוק ניט דורך אַ וועלכער עס איז מאַטעריאַליסטישער אָדער ספּיריטואַליסטישער השערה, נאָר דורך אַ גרינדליכען אַנאַליז פון דעם זעלבסט-באַוואוסטזיין. פּונקט ווי קאָפּערניקוס האָט אונז געצוואונגען אָפּצוזאָגען זיך פון דעם געאָצענטרישען שטאַנדפּונקט און צו באַטראַכטען די ערד אַלס אַ פּשוט׳ע פּלאַנעטע צווישען אַ גרויסער צאָל אַנדערע (פּלאַנעטעס און שטערן) אין אונזער אוניווערז, אַזוי שטרעבען אויך אונזערע פאַרשער צו באַווייזען, אַז דאָס וואָס מיר רופען אין אונזער „איך״ איז ניט מער ווי אַ סכום פון באַזונדערע עלעמענטאַרע פּראָצעסען, וואָס זייער פאַראייניגונג איז אמת גאַנץ פעסט, אָבער בשום אופן ניט אומאויפלייזבאַר. דייוויד יוהם, פון וועמענס עפּיסטעמאָלאָגישער טעאָריע ערנסט מאַך האָלט אין זעהר פיל פּרטים, איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט געגעבען אַן אַנצוהערעניש אויף דער מעגליכקייט פון אַט דער אויפלייזונג פון דעם „איך״. די שייכות׳ן, וואָס עקזיסטירען צווישען די גרונט-פּראָצעסען, וואָס שטעלען צוזאַמען מיין „איך״, מיט די פּראָצעסען פון מיין סביבה זיינען פּונקט דיזעלביגע, ווי די שייכות׳ן, וואָס עקזיסטירען צווישען אַנדערע פּראָצעסען פון אוניווערז. די מאַטעמאַטיק האָט אויסגעאַרבייט דעם באַגריף וועגען דער פונקציע, כדי צו פאַראַלגעמיינערען די פאַרשיידענע צווישען-שייכות׳ן פון די גרויסען. די פאָרמולע א = פ(ב) — ביי וועלכער „א״ איז די פונקציע פון „ב״ — באַדייט, אַז ביי יעדער ענדערונג אין דער גרויס פון „א״ קומט פאָר אַ געהעריגע ענדערונג אין דעם „ב״. אויב מיר זאָלען פאַרברייטערן דעם דאָזיגען באַגריף וועגען פונקציע אויף אַזאַ אופן, אַז ער זאָל אין זיך איינשליסען ניט נאָר די כמות׳דיגע נאָר אויך די איכות׳דיגע שייכות׳ן, וועלען מיר קענען זאָגען: עלעמענטען, וואָס האָבען אַ פונקציע-שייכות איינע צו די אַנדערע, זיינען די איינציגע פאַקטאָרען, וואָס מיר קאָנען אַנטדעקען אין דעם אוניווערז. אויב

דאס איז אמת, דאן האט די וויסענשאפט ניט קיין אנדער אויפגאבע אויסער ווי צו באשרייבן די דאזיגע עלעמענטען און זייערע שייכות'ן אזוי פשוט ווי מעגליך. דערביי דארף די דאזיגע באשרייבונג באגלייט ווערען דורך אן איינשפארענדיגען סדר פון דער דערפארונג, כדי מען זאל דורך איין איינציגען געדאנק קאנען באנעמען דעם בשותפות'דיגען עלעמענט פון א גאנצער רייע דערפארונגען און אויף אזא אופן קאמבינירען און אויסנוצען די מעגליך־גרעסטע צאל פון פונקציאנעלע שייכות'ן מיט דעם קלענסטען פארברויך פון גייסטיגער ענערגיע. אזוי, למשל, זיינען די צאל־באגריפען פשוט זעהר באקוועמע אינסטרומענטען פון געדאנק, וואס גיבען אונז די מעגליכקייט איינצושליסען די פארשיידענסטע שייכות'ן אין קורצע גענויע פארמולעס.

דער אוניווערז ווערט אויף אזא אופן, לויט דעם אויסדרוק פון דעם מאדערנעם געלערנטען (היינריך גאמפערץ), באנומען אלס א גוט־איינגעארדענטע פאסירונג. דעריבער איז שוין דערביי גאר ניט נויטיג צו ריידען וועגען סובסטאנצען און אורזאכען. יעדער סובסטאנץ לייזט זיך תיכף אויף אין א רייע אויסערונגען, און אלץ וואס מען קאן וועגען אט די אויסערונגען זאגען איז, אז צווישען זיי עקזיסטירט א רעגולערע נאכפאלגערשאפט און שייכות, אבער ניט קיין אורזאכליכע פארבינדונג. דער איינציגער זיכערער פאקט דערביי איז די צוועקמעסיגקייט פון דער ביאלאגישער פונקציע, וואס דריקט זיך אויס אין לעבען פון די ארגאניזמען. אבער דאס איז אייגענטליך בלויז א כאראקטעריסטישער וועג־צייכען, א לייטפאדים צו דער קומענדיגער גענויער באשרייבונג פון דעם, וואס איז נוצליך פאר דעם ארגאניזם.

לויט אווענאריוס'ן האבען די עלעמענטען, צווישען וועלכע עס עקזיסטירען פונקציאנעלע שייכות'ן, א מאטעריעלע נאטור. ער באטראכט יעדען מענשען, אינאיינעם מיט דער סביבה, מיט וועלכער ער איז פארבונדען אלס א „גרונט־קאארדינאציע", דאס הייסט אלס א צוזאמענגעפאסטע סיסטעם, וואס האט שוין עקזיסטירט פון אנהויב אן. *דער זעלבסטבאוואוסטזיניגער „איך" שטעלט צוזאמען אינאיינעם מיט זיין סביבה איין גאנצקייט.* די סיסטעם „צ", — אונטער וועלכער אווענאריום באצייכענט דעם מוח — איז דער צענטראלער גליד פון אט דער גרונט־קאארדינאציע. אין דער וועלט־טעאריע, וואס יעדער מענש שאפט פון זיך אליין, ווערען די עמפפינדונגען, געדאנקען און

# ווילהעלם יערוזאַלעם

געפילען פון זיינע מיטמענשען איינגעוועבט אין די געדאַנקען, געפילען און עמפפינדונגען פון יעדען באַזונדער. מיר אונטערשיידען דעם בוים פון אונזער סביבה, „דעם אמת'ען בוים" אַזוי צו זאָגען, פון דעם בילד פון אַ בוים, וואָס אונזערע מיטמענשען האָבען אין זייער „נשמה". דאָס „אריינוועבען" דעם געדאַנק איז לויט אווענאריוס' מיינונג אַ פאַרטאַפּעלונג פון דער וועלט להיפוך צו דעם פאַקט, ווייל מיר פאַרבינדען אויף אַזאַ אופן אונזערע „געדאַנקען" מיט די „זאַכען" פון אונזער סביבה אויף אַ היפוכ'דיגען אופן. און דאַן פאַררעכענען מיר ענדליך אונזער קערפּער אויך צווישען די „זאַכען". אָבער אין דעם קערפּער געפינט זיך אַ מערקווירדיגער וועזען, אַ חד במינו, די נשמה, דער טרעגער פון אונזערע געדאַנקען און געפילען. אווענאריוס באַטראַכט די דאָזיגע פאַרטאַפּעלונג פון די פאַקטען אַלס אַ פעלשונג פון דער אמת'ער דערפאַרונג. יעדער מענש איז ניט מער ווי אַ צענטראַלער מיטגליד פון אַ גרונט־קאָאָרדינאַציע און זיין סביבה איז, אויף וויפיל ער באַנעמט זי, פונקט דאָסזעלביגע, וואָס זיינע געדאַנקען און געפילען, דאָס הייסט, זיי אַלע הייגען אָפּ פון דער סיסטעם „צ" (פון דעם מוח).

אווענאריוס גלויבט, אַז אים איז געלונגען צו לייזען די סתירה צווישען דער פיזישער און פּסיכישער נאַטור דורך דעם אריינפיר פון דעם פּרינציפּ פון גרונט־קאָאָרדינאַציע און דורך דעם באַגרייפען פון די פּסיכישע דערשיינונגען פּשוט אַלס „אָפּהייגיגקייטען פון דער סיסטעם „צ". ער רעכענט, אַז ער האָט אויף אַזאַ אופן אויפגעשטעלט אַ נאַטירליכען באַגריף וועגען דעם אוניווערז, וועלכער דערלאָזט, לויט זיין מיינונג, די עקזיסטענץ פון בלויז איין מין דערשיינונגען (וואָס דאָס פּסיכישע און דאָס פיזישע זיינען בלויז צוויי פאַרשיידענע זייטען אָדער פונקציעס אירע). אָבער אַזוי ווי ער מאַכט דעם מאַרך, דאָס הייסט אַ מאַטעריעלען אָרגאַן, פאַר דעם יסוד פון אַ מאָניסטישער טעאָריע, מוז שוין זיין מאָניזם שטאַרק שמעקען מיט מאַטעריאַליזם. די זאַכען, וואָס ער באַשרייבט אַלס „אָפּהייגיגקייטען פון דער סיסטעם „צ", ווי אויך די סיסטעם „צ" גופא און אַלץ וואָס קומט אין איר פאָר, זיינען דאָך אָבער מאַטעריעלע פּראָצעסען, וואָס באַנוגענען זיך מיט אַ מאַטעריעלען טרעגער. ווען מען זאָל אַלזאָ נאָכפאָלגען זיינע אויספירען ביז צו זייערע לאָגישע קאָנסעקווענצען מוז מען ענדליך קומען צו אַ מאַטעריאַליסטישען מאָניזם.

# פילאָסאָפיע

מיט מאכ׳ען איז די געשיכטע אנדערש. ווי שוין פריער באמערקט, שטייט מאד אויפ׳ן אידעאליסטישען שטאנדפונקט. ער זאגט אויסדריקליך, אז ער וויל בשום אופן ניט באהאלטען די אידעאליסטישע אפשטאמונג פון זיינע מיינונגען. דעריבער שיינט ער צו אנטוויקלען דעם מאניזם פון ווערען פיל שטרייגגער און מער אויסגעהאלטען, ווי אווענאריוס. לויט מאכ׳ס מיינונג זיינען די איינדרוקען די עלעמענטען, וואס שטעלען צוזאמען דעם אוני־ווערז. זייענדיג פסיכישע דערשיינונגען טראגען זיי אין זיך די אפבילדונג פון די פאסירונגען, פון די ריינע און פשוט׳ע פראצעסען, אהן א ספעציעלען (מאטעריעלען) טרעגער. מאד גלויבט, אז אפילו פיזישע דערשייגונגען, ווען מען זאל זיי גוט אנאליזירען, זיינען ניט קיין באשטענדיגע סובסטאנצען, נאר בלויז פאסירונגען, צווישען וועלכע עס עקזיסטירען איינארטיגע שייכות׳ן, פונקט ווי צווישען פסיכישע דערשיינונגען. אויף אזא אופן קומט ער צו אן אמת׳ער מאניסטישער טעאריע, וואס איז פריי פון מאטעריאליזם. דער פאראייניגענדיגער פרינציפ, אויף וועלכען דער דאזיגער געדאנקען־גאנג ווערט געבויט, איז דער באגריף ווענען ווערען. די עלעמענטען זיינען ניט קיין באשטענדיגע, אומפארענדערליכע אטאמען, נאר גרונט־פראצעסען, וואס ווערען רעגולירט דורך פונקציע־שייכות׳ן. דערמיט דערקלערט זיך אויך מאכ׳ס באהויפטונג, אז ער וויל ניט באהאלטען די אידעאליסטישע אפשטאמונג פון זיין טעאריע, ווייל דער איינציגער וועג צו דערגרייכען צום באגריף פון ריינעם „ווערען" און פון זיין לאגישער אנווענדונג איז דאך פאקטיש בלויז די אינזיכיגע באאבאכטונג פון אונזער איינענעם פסיכישען לעבען. כדי פולשטענדיג צו פארשטיין די דאזיגע טעאריע מוזען מיר זיך, פארשטייט זיך, אויפהויבען איבער אלע פערזענליכע פאראורטיילען, וואס האבען א שייכות צום „איך". מיר מוזען, אזוי צו זאגען, אנטדעקען דעם ארכימעדען־פונקט, וואס געפינט זיך אויסער דעם איך, פון וואנען מיר זאלען קאנען באטראכטען דעם גאנג פון דער ארומיגער וועלט. און דעמאלט, ווען מיר אידענטיפיצירען זיך מיט דעם אוניווערז און קומען צום שלום, אז „מיר זיינען א טייל פון דעם גאנצען און דאס גאנצע איז א טייל פון אונז" (דאס הייסט: אונזער עקזיסטענץ, אונזער איך אינאיינעם מיט די עלעמענטען, וואס שטעלען אים צוזאמען, איז א טייל פון דער גאנצער וועלט, און די גאנצע וועלט, וואס מיר באנעמען אלס א באגריף,

איז א טייל פון אונז, פון אונזער איך, וואס ווערט צוזאמענגעשטעלט פון אונזערע באגריפען). — דעמאלט אלזא הויבען מיר אן צו זען, אז דאס וואס מיר רופען אונזער „איך" איז נאך אלעמען בלויז א פארבייגייענדיגע אנזאמלונג פון קאסמישע געשעהענישען, וואס ווערט רעגולירט דורך דיזעלביגע געזעצען, וואס הערשען איבער דער גאנצער נאטור. דער אוניווערז וועט שוין דעמאלט דערשיינען פאר דעם קלאר־געמאכטען בליק פון דעם פילאסאף אלס א סדרה פון איינארטיגע געשעהענישען, און דער חלוק צווישען די עלעמענטען, וואס ווערען רעגולירט דורך די דאזיגע פונקציע־שייכות'ן וועט אינגאנצען פארשווינדען.

מ א ך האט געגויער באשריבען. זיין מאניסטישע טעאריע איז איינעם פון זיינע לעצטע ווערק, וואס איז דערשינען אונטער'ן נאמען „וויסען און טעות". אין דעם דאזיגען ווערק באשטעטיגט ער, אז דער ריכטיגער נאמען פאר זיין טעאריע איז „דער מאניזם פון ווערען". דעם חלוק צווישען די פיזישע און פסיכישע פאקטען דערקלערט ער אויף אזא אופן: „דער סכום פון דעם, וואס אלע קאנען אויף א גלייכען אופן באנעמען אין שטח, איז פיזיש לויט זיין נאטור", און „פון דער אנדער זייט, איז אלץ וואס ווערט געגעבען בלויז צו איינעם נאר קאן באנומען ווערען על־פי אנאלאגיע דורך אלע איבעריגע, דארף באצייכענט ווערען אלס א פסיכישער פראצעס". דער דאזיגער חלוק ווערט אבער געמאכט ניט ביים אנפאנג פון דער דערפארונג, נאר ער קומט אלס פועל יוצא פון דער סאציאלער דערפארונג אין מענשליכען צוזאמענלעבען. „אויב עמיצער זאל על־פי צופאל אויסוואקסען אויסער יעדער מענטשישער געזעלשאפט וואלט ער קוים געקאנט מאכען דעם אנאליז, ביי וועלכען דער מאגערער אוצר פון זיינע פארשטעלונגען ווערט געשטעלט אין קאנטראסט מיט זיינע איינדרוקען. ער וואלט ניט געקענט קומען צו דער פארשטעלונג וועגען א באזונדערען „איך", וואס איז עטוואס באזונדערעס פון דעם ארומיגען אוניווערז. אין זיינע אויגען וואלט דאס שטענדיגע ווערען זיך צונויפגעגאסען אין איין איינציגער גרויסער דערשיינונג". (ז. 460). „ווען דער מענש מאכט על פי אנאלאגיע די אנטדעקונג, אז א חוץ אים זיינען דא נאך לעבעדיגע וועזענס, סיי מענשען, סיי חיות, וואס זיינען ענליך צו אים לויט זייער נאטור און אויפפירונג, און ווען ער איז געצוואונגען צו אנערקענען, אז די דאזיגע וועזענס מוזען באטראכט ווערען אין

שייכות מיט אומשטענדען, וואָס קאָנען באַנומען ווערען ניט דורך דירעקטע חוש־איינדרוקען, נאָר דורך אַנאַלאָגיעס, מיט וועלכע ער איז שוין באַקאַנט פון פערזענליכער דערפאַרונג, בלייבט פאַר אים אָפען בלויז איין וועג: ער מוז איינטיילען די פּראָצעסען אין צוויי קלאַסען, נעמליך, אין אַזעלכע וואָס קאָנען באַנומען ווערען פון יעדען איינעם, און אַזעלכע, וואָס קאָנען באַנומען ווערען נאָר פון איין באַאבאַכטער. אויף דער דאָזיגער מדרגה באַקומט ער די פאָרשטעלונג וועגען זיין „איך", צו אונטערשיידען פון דעם „איך" פון די אַרומיגע. די דאָזיגע צוויי פאָרשטעלונגען קאָנען ניט אָפּגעטיילט ווערען איינע פון דער צווייטער" (ז. 459).

סיי **מאַד**, סיי **אַווענאַריוס** באַטראַכטען דעם חלוק צווישען פיזישע און פּסיכישע פאַקטען אַלס אַ ווילקירליכע און, הייסט עס, אומבאַרעכטיגטע זאַך. ביידע ווילען צוריקקערען די „ריינע דערפאַרונגען" צו דעם צושטאַנד, ווען דער חלוק (צווישען פיזישען און פּסיכישען) איז נאָך ניט געמאַכט געוואָרען. זיי ווילען בשום אופן ניט קאָמבינירען דאָס פיזישע און דאָס פּסיכישע מיט דער הילף פון אַן אומבאַקאַנטען דריטען פּרינציפּ, ווי דאָס טוט **שפּינאָזאַ**, ביי וועמען די „געטליכע סובסטאַנץ" פאַראייניגט אין זיך די מאַטעריע און דעם גייסט. דער פונקט, צו וועלכען סיי **מאַד** און סיי **אַווענאַריוס** שטרעבען, איז עטוואָס אַזוינס, וואָס איז מער עלעמענטאַר, ווי דאָס פיזישע און דאָס פּסיכישע. *)

ס'איז פאַראַן בלויז איין אוניווערז, בלויז איין איינצעלנער קאָסמישער פּראָצעס און ס'איז ניטאָ קיין שום גרונט פאַרוואָס מען זאָל אָט די דאָזיגע איין וועלט דאַרפען איינטיילען אין צוויי געגענזאַצען. ביים באַטראַכטען פון דער דאָזיגער פּראָבלעם האַלט זיך **אַווענאַריוס** מער אָן דעם סיסטעמאַטישען און **מאַד** — אָן דעם מעטאָדאָלאָגישען שטאַנדפּונקט. אַווענאַריוס זוכט אַ „נאַטירליכע טעאָריע פון אוניווערז", דאָס הייסט, אַ סיסטעם אָדער אַ טעאָריע פון דער

*) שפּינאָזאַ קאָמבינירט די מאַטעריע און דעם גייסט דורך אַ דריטען פּרינציפּ, דורך דער **סובסטאַנץ**, וועלכע איז לויט זיין מיינונג אַ רעאַלקייט, וואָס געפינט זיך הינטער אָט די צוויי **אויסדרוקען**. אָבער **מאַד** און **אַווענאַריוס** מאַכען אָט די קאָמבינאַציע אין דעם באַגריף פון **דערפאַרונג**, וועלכע ווערט געמאַכט אויף **דער** זייט, דאָס הייסט אויף דער סוביעקטיווער זייט פון די פיזישע און פּסיכישע דערשיינונגען.

וועלט און פון דעם לעבען. מ א ך, פארקערט, זוכט אַ שטאַנדפּונקט, וואָס טויג גלייכצייטיג סיי פאַר דער פיזיק, סיי פאַר דער פסיכאָלאָ־גיע. מ א כ ׳ ס טעאָריע איז דעריבער ניט קיין מעטאַפיזישער, נאָר בלויז אַ מעטאָדאָלאָגישער מאַכיזם. אַלס אַזעלכער האָט ער פונדעסט־וועגען אַ גרויסע באַדייטונג פאַר דעם פאָרשריט פון וויסענשאַפט, און ספּעציעל פאַר דער באַזייטיגונג פון איבעריגע פּראָבלעמען. אָבער מען קאָן ניט לייקענען, אַז מ א כ ׳ ס מעטאָדאָלאָגישע פּרינציפּען אַנטהאַלטען אין זיך די עלעמענטען פון אַ וועלט־טעאָריע, וואָס מוז באַצייכענט ווערען אַלס „מאַניזם פון ווערען.“

די דאָזיגע טעאָריע איז בלי ספק פּינקטליכער און אויסגעהאַלטע־נער, ווי יעדער אַנדער פּראָבע פון אַ מאָניסטישער דערקלערונג פון דער וועלט. אָבער דער קריטיציזם מוז זיך פונדעסטוועגען שטעלען די פראַגע, צי וועט אויך די טעאָריע אויסהאַלטען די פּראָבע. קאָנען מיר זיך פאָרשטעלען אַ וועלכע עס איז דערפאַרונג איידער מיר אָנער־קענען די עקזיסטענץ פון פיזישע און פּסיכישע פאַקטען? קאָנען מיר אויף אַזאַ מדרגה ערנסט ריידען וועגען אַ וועלט־טעאָריע? די דער־פאַרונג באַשטייט דאָך ניט בלויז אין דער באַנעמונג פון בלויזע פאַק־טען. זי פאַרלאַנגט פריער, ביי יעדען פאַל, כאָטש אַ וועלכע עס איז פאָרמולירונג און אַנאַליז פון די פאַקטען. יעדער איינדרוק, וואָס האָט אַן אָביעקטיווע אָפּשטאַמונג מוז, אַזוי צו זאָגען, פריער דורכגיין די גאַנ־צע צענטראַליזירטע אָרגאַניזאַציע פון דעם מענשען, — לויט א ו ו ע־נ א ר י ו ס ׳ ע ס פאָרמולע, דורך די סיסטעם „צ“, — כדי ער זאָל פאַרוואַנדעלט ווערען אין אַ דערפאַרונג. דאָס מענשליכע צוזאַמענ־לעבען און צוזאַמענאַרבייטען זיינען אויך אַבסאָליוט נויטיג פאַר דער שאַפונג פון אַ ביאָלאָגיש־נוצליכער דערפאַרונג. אָבער אַזעלכע דער־פאַרונגען זיינען, ווי שוין פריער אָנגעוויזען, אוממעגליך אָהן דער פונדאַמענטאַלער אַפּערצעפּציע, און צוליב דעם איז נויטיג אַז ס׳זאָל שוין עקזיסטירען די אַנטקעגענשטעלונג פון דעם „איך“ און פון דער „וועלט“. ס׳איז דעריבער שווער צו גלויבען אַז אַ וועלכע עס איז דערפאַרונג קאָן מעגליך זיין איידער אָט דער חלוק איז געמאַכט גע־וואָרען אָדער ווען דער חלוק עקזיסטירט נאָך ניט. מיר שיינט דערי־בער, אַז כאָטש די דאָזיגע פּראָבע צו שאַפען אַ מאָניסטישע וועלט־טעאָריע האָט אַ גרויסע באַדייטונג, איז זי פונדעסטוועגען ניט אינ־גאַנצען פריי פון אַ מין דואַליזם.

די מאניסטישע פארזוכען צו לייזען די אָנטאָלאָגישע פּראָבלעם האָבען שטארק פארגרעסערט די מאכט פון דעם מענשליכען געדאנק און האָבען אונז אויסגעלערנט צו באטראכטען זאכען פון שטאנדפונקט פון זייער אלגעמיינעם סך הכל. פאקטיש שיינט עס, אז אונז איז נאָך ביז איצט ניט געלונגען צו דערקלערען די פארשיידענארטיגקייט פון דער וועלט פון דערשיינונגען דורך איין איינציגען, איינארטיגען גרונט־פּרינציפּ. ווען מיר באגרעניצען זיך מיט'ן פארמעלען באגריף וועגען ווערען און באטראכטען די אוניווערזאלע הערשאפט פון געזעץ אלס דעם פאראייניגענדיגען פּרינציפּ, געפינען מיר אויס, ווי מיר האָבען שוין פריער באמערקט, אז דער דואליזם פארבלייבט אלץ אין אונזער געדאנק. אט דעריבער טאקע האט זיך פאר דער לעצטער צייט באוויזען א וואקסענדיגע שטרעבונג אומצוקערען זיך צום דואליזם, וועלכער איז אפשר אפילו ווייניגער וויסענשאפטליך, אבער ער שטימט דערפאר יעדענפאלס בעסער מיט אונזער פאקטישער דערפארונג. מיר וועלען זיך איצט אפשטעלען אויף די פּראָבלעמען, וואס וואקסען ארויס פון די דאָזיגע אונטערזוכונגען.

## 33. ד ו א ל י ז ם.

דער ד ו א ל י ז ם איז, ווי מיר האָבען שוין פריער באמערקט, א וועלט־טעאָריע, וואס הערשט געוויינליך צווישען ניט געשולטע מוחות. אויף דער דאָזיגער מדרגה ווערען דער גוף און די נשמה באטראכט אלס צוויי באזונדערע רעאלקייטען, וואס לעבען צוזאמען און ארבייטען אינאיינעם א באשטימטע שטיקעל צייט. אבער לויט אט דער פארשטעלונג איז די נשמה ניט אינגאנצען אוממאטעריאל. די נשמה איז א באשטענדיגער וועזען, וואס פארמאגט אירע אן אייגענע און באזונדערע עקזיסטענץ, און איז דעריבער לויט איר עצם מאטעריעל, ווי פיין און דין איר מאטעריע זאל ניט זיין.

דער פילאָסאָפישער דואליזם מוז זיך סטארען צו באזייטיגען יעדען מין מאטעריעלישקייט פון דעם באגריף וועגען דער נשמה. דער איינציגער אופן אויף וועלכען דאס קאן מיט ערפאלג געטאן ווערען פארלאנגט פון אונז, אז מיר זאלען פריער אויפגעבען דעם פאסטולאט (די גרונט־הנחה) וועגען אן אייביגער פסיכישער סובסטאנץ, און באטראכטען די פסיכישע דערשיינונגען בלויז אלס פּראָצעס, וועלכער

# ווילהעלם יערוזאַלעם

פאַרנעמט ניט קיין שטח און ווייזט דעריבער ניט אַרויס קיין שום אייגענשאַפט, אויסער די אַנטוויקלונג אין צייט. דער דאָזיגער שטרייַנגער באַגריף, וועלכער איז דער איינציגער וואָס קאָן דעקן אַלע פאַקטען, איז געשאַפען געוואָרען ערשט ניט לאַנג און האָט נאָך ניט געוואונען די אַלגעמיינע אָנערקענונג אין דער פילאָסאָפישער וועלט. די טעאָריע וועגען אַ סובסטאַנציעלער נשמה האַלט נאָך אָן ביז איצט. די דאָזיגע טעאָריע רופט אַרויס די שווערע פּראָבלעם וועגען דער קעגנזייטיגער באַציהונג צווישען דעם גוף און דער נשמה, — אַ פּראָבלעם, וועגען וועלכער מען האָט זיך אָנגעהויבען אַמפּערען שוין ביי די ערשטע טריט פון דער פילאָסאָפיע.

שוין ביים סאַמע אָנפאַנג פון זיינע אונטערזוכונגען שטויסט זיך דער דואַליזם אָן אויף דער דאָזיגער פּראָבלעם וועגען דער שייכות צווישען גוף און נשמה, וועלכע איז אין דער אמת'ען דער צענטער פון יעדער דואַליסטישער טעאָריע.

א ר י ס ט א ט ע ל איז געווען דער אויסגעשפּראָכענסטער דואַליסט צווישען אַלע פּאַרצייטיגע פילאָסאָפען. ער באַטראַכט, נאַטירליך, די נשמה אַלס די אידעאַלע פ א ר ם, — די פאָלקאָמענקייט (ענטעלעכיע) פון דעם אָרגאַנישען וועזען, — וואָס גייט אונטער אינאיינעם מיט'ן קערפּער. אָבער אויסער דער נשמה איז נאָך דאָ אַ גייסט, וואָס קאָן זיך שוין יאָ אָפּטיילען פון דעם קערפּער. דער דאָזיגער גייסט וואוינט אין גוף אַזוי לאַנג, ווי דער גוף לעבט, פאַרלאָזט אים נאָך זיין טויט און עקזיסטירט זיך שוין דערנאָך אומאָפּהייננגיג פון קערפּער. די אַריסטאָטעלישע טעאָריע איז זעהר גרינג געשטעלט געוואָרען אין הסכם מיט די עקרים פון דער קריסטליכער אמונה און האָט צוליב דעם טאַקע, כאַטש, אמת, מיט אַ קליינע ענדערונג, איינגעהאַלטען איר איינפלוס דורך דעם גאַנצען מיטעלאַלטער. דער דואַליזם איז אָבער פיל גענויער פאָרמולירט געוואָרען דורך ד ע ק א ר ט ' ע ן, וועלכער האָט איינגאַנצען פונאַנדערגעטיילט דעם גוף און די נשמה אַלס צוויי באַזונדערע סכום'ען. דאָס שטח'דיגע מאַטעריעלע וועזען (רעס עקסטענזאַ) און דאָס דענקענדיגע זיינען צוויי סובסטאַנצען, וואָס זיינען לויט זייער עצם בטבע ראַדיקאַל פונאַנדערגעשיידט.

ד ע ק א ר ט לייזט די פּראָבלעמע פון צווישען-ווירקונג (פון גוף און דער נשמה) דורך דעם, וואָס ער באַזעצט די נשמה אין מוח, וואו

זי קאן ווירקען אויפ'ן גוף און פון איר זייט באווירקט ווערען פון אים צוריק. אבער די שפעטערדיגע דיינקער האבען איינגעזען, אז ס'איז לאגיש אוממעגליך פארצושטעלען זיך, ווי אזוי אט די צוויי סובסטאנצען, וואס זיינען אזוי גרינדליך פארשיידען, קאנען ווירקען איינע אויף דער אנדערער. מען האט דעריבער פרובירט צו דערקלערען אויף א וועלכען עס איז אנדער אופן די אומצווייפעלהאפטע שייכות, וואס עקזיסטירט דאך פארט צווישען די פיזישע און פסיכישע פאקטען. די אזוי גערופענע אקאזיאנאליסטען, „געלעגענהייטלער“ (ווי געלינקס, 1624—1669, און מאלעבראנש, 1638—1715) האבען אנגענומען, אז גאט שאפט ביי דער געלעגענהייט פון יעדען פיזישען פראצעס א געהעריגען פסיכישען פראצעס, און פארקערט. דאס מיינט, אז יעדער פראצעס גיט גאט א געלעגענהייט אריינצומישען זיך. לייבניץ האט שפעטער געפרובט פעסטשטעלען אנשטאט אט דעם שטענדיגען געלעגענהייט־אריינמישען זיך א פארויסבאשטימטע שייכות און פארויסגעשטעלטע הארמאניע. פונקט ווי א גוטער זייגערמאכער קאן מאכען צוויי זייגערס, וואס כאטש זיי זיינען ניט פארבונדען צווישען זיך, קאנען זיי פונדעסטוועגען ביידע אנווייזען א גלייכע צייט, פונקט אזוי האט גאט, אין זיין אלמעכטיגקייט, איינגעארדענט, אז דער גוף און די נשמה פארבלייבען אין א שטענדיגער הארמאניע, אזוי אז יעדער אנשטויס פון דרויסען ווערט באגלייט דורך א געהעריגען אינערליכען איינדרוק, און יעדער ווילענס־אקט דורך א געהעריגער באוועגונג, כאטש דער גוף און די נשמה ווירקען קיינמאל ניט איינער אויפ'ן צווייטען.

זינט דעקארט'ס צייטען האט דער דואליזם אין דער אמת'ען קיינמאל ניט געהאט קיין גרעסערע און אויסגעהאלטענערע פארטיידיגער. ס'האט שטענדיג געהערשט דער געדאנק, אז ער קאן צעשטערט ווערען דורך א העכערען מין מאניזם. אבער די פראבלעם וועגען דער קעגענזייטיגער באציהונג צווישען די פיזישע און פסיכישע פראצעסען איז אבער ביז איצט פארבליבען א פראגע איבער וועלכער מען האלט נאך אין ארומשטרייטען.

לעצטענס איז צוליב דער דערקלערונג פון אט דער קעגענזייטיגער שייכות פארגעלייגט געווארען די טעאריע וועגען פסיכא־פיזישען פאראלעליזם. לויט דער דאזיגער טעאריע זיינען די פיזיאלאגישע פראצעסען, וואס קומען פאר אין די נערוועז און ספעציעל אין דעם מארך,

און פון וועלכע אלע פסיכישע פראצעסן הייגגען סוף כל סוף אפ, ניט מער ווי פסיכא־פיזישע פראצעסן. פאקטיש קומט פאר בלויז איין פראצעס, אבער ווען מיר באאבאכטען אים זעהען מיר אים פון צוויי זייטען. אביעקטיוו באטראכט איז ער א פיזישער פראצעס און גע־הערט צום אורזאכליכען סדר פון די נאטור־פראצעסן. אבער ווען מיר גייען צו אים צו פון סוביעקטיווען שטאנדפונקט איז שוין דער־זעלביגער פראצעס א פסיכישער, איז ער שוין אן איינדרוק, אן עמפפינ־דונג, א געפיל אדער א ווילען.

דער פסיכא־פיזישער פאראלעליזם איז אבער בלויז א שיינבארע און ניט קיין ווירקליכע לייזונג פון דער פראבלעם, וואס קומט ארויס פון דעם אומפארמיידליכען פאקט פון דער קעגענזייטיגער שייכות צווישען די פיזישע און פסיכישע דערשיינונגען. ווען מען רעדט וועגען דעם „אינערליכען עצם" באנוצט מען זיך דערביי בלויז מיט א גאר־נישט זאגענדיגען משל. מיר באשרייבען ניט די פסיכישע פראצעסן אלס אינערליכע פראצעסן דערפאר, וואס זיי שיינען פארצוקומען אינ־וויינינג אין ארגאניזם. אין דעם זינען וואלטען דאך אפילו די ריין־פיזיאלאגישע דערשיינונגען, ווי למשל, דאס איבערקאכען פון שפייז, דאס פארצערען, די בלוט צירקולאציע און בכלל אלץ, וואס קומט פאר אין קערפער גופא, אויך געדארפט פארעכענט ווערען אלס „אינערליכע דערשיינונגען". די „אינערליכע דערשיינונג" פון א פסי־כא־פיזישען פראצעס איז דעריבער בלויז איר פסיכישע נאטור, וואס ווערט באנומען אלס פראצעס פון באוואוסטזיין. אבער ווי נאר מיר באנעמען דעם פראצעס פון באוואוסטזיין אינאיינעם מיט די קאארדי־נירטע מארך־פראצעסן אלס אן איינהייטליכע און איינארטיגע דער־שיינונג, פאלען מיר תיכף אריין אין א מאטעריאליסטישע אויסטיי־טשונג. מען מוז שוין דעמאלט אומפארמיידליך קומען צום אויספיר, אז ווען דער פיזיאלאגישער פראצעס דערגרייכט א באשטימטען גראד ווערט ער פארביטען אדער פארבונדען מיט א פסיכישער דערפארונג. אבער וויבאלד אזוי וואלט דאך די פסיכישע דערפארונג געווען ניט מער, ווי א פונקציע פון דעם פיזיאלאגישען פראצעס. אויב מען זאל אים אזוי באנעמען איז שוין דער גאנצער איינהייטליכער פראצעס א מאטעריעלער, און דער פסיכישער עלעמענט איז, ווי דער פראנצויזישער פילאסאף ריבא דריקט זיך אויס, א פשוט'ע צוגעגעבענע זאך און האט אין דער אמת'ן קיין שום שייכות ניט מיט דעם עצם פון

דעם פּראָצעס. און אויף אַזאַ אופן ווערט דער פּסיכאָ־פיזישער פּאַראַ־
לעליזם פאַרוואַנדעלט אין אַ ריינעם מאַטעריאַליזם, און אַלע טענות
וועלכע ווערן אַרויסגעשטעלט קעגן דעם מאַטעריאַליזם זיינען גילטיג
אויך קעגן דעם פּאַראַלעליזם. מ אַ כ ׳ ס שטאַנדפּונקט איז דער
איינציגער מעטאָד, וואָס מיידט אינגאַנצן אויס די פּראָבלעם וועגן
דער קעגנזייטיגער שייכות צווישן די פיזישע און פּסיכישע דער־
שיינונגען. אָבער מיר האָבן שוין פריער באַוויזן, אַז אַפילו
מ אַ כ ׳ ן איז אויך ניט געלונגען אינגאַנצן אַרויסצודרייען זיך פון
דואַליזם.

לויט אונזער מיינונג איז נאָך ביז איצט קיינעם ניט געלונגען
פולשטענדיג אָפּצואָווענדן דעם דואַליזם. אין דעם באַגריף וועגן
אורזאַכליכקייט איז ניטאָ קיין שום עלעמענט, וואָס זאָל באַרעכטיגן
אַט די באַהויפּטונג, אַז זאַכן, וואָס זיינען ניט ענליך צווישן זיך קאָנען
ניט צוזאַמענווירקען. נאָכמער, די מער קעגנזייטיגע ווירקונג פון די
פיזישע און פּסיכישע פאַקטאָרן איז איינער פון די פּשוט'סטע פאַק־
טען, וועלכע מיר דערוויסן זיך פון אונזער דערפאַרונג. יעדעס מאָל,
ווען מיר מאַכן אַ וועלכע עס איז באַוועגונג, וואָס איז אַרויסגערופן
געוואָרן דורך אונזער ווילן פילן מיר פאַקטיש ווי די אורזאַך און
דער רעזולטאַט גייען איבער איינער אין דעם צווייטן. די דאָזיגע
קאָמבינאַציע גופא איז, ווי פּראָפעסאָר י אַ ד ל האָט זיך אויסגע־
דריקט, ד ע ר פּ ר אָ ט אָ ט י פּ פ ו ן י ע ד ע ר א ו ר ז אַ כ־
ל י כ ק י י ט. אָבער ווען מיר דערמאָנען זיך אַז אונזער דערקלערונג
וועגן דער פונקציע פון אורטייל, פילן מיר, אַז מיר קאָנען באַהויפּטען
פיל מער. די דאָזיגע קאָמבינאַציע פון דעם ווילענס־אַקט פון דער
באַוועגונג איז די איינציגע אורזאַכליכע פאַרבינדונג, וועלכע מיר לעבן
ווירקליך דורך אין אונזער דערפאַרונג. אָבער צוליב דער פונדאַמענ־
טאַלער אַפּערצעפּציע, וועלכע קומט פון איר אַרויס, ווערט די דאָזיגע
קאָמבינאַציע אויך דער מקור פון אַלע אונזערע אורטיילן איז, הייסט
עס, אויך פון אונזער גאַנצן וויסן.

ס'איז קוים מעגליך צו כאַראַקטעריזירן אַזאַ מין פאַקט אַלס
אַן אומפאַרשטענדליכע זאַך. ער שיינט צו זיין אומפאַרשטענדליך
בלויז ווען מיר באַטראַכטן די אורזאַכליכע שייכות איינזייטיג, דאָס
הייסט פון שטאַנדפּונקט פון נאַטור־וויסענשאַפט. און וואַרפן אונטער
יעדע קעגנזייטיגע שייכות אונטער דעם געזעץ וועגן דער אויפהאַל־

טונג פון ענערגיע. דער דאָזיגער פּרינציפּ איז, ספּעציעל זינט זיין אמת׳ע באַדייטונג איז באַקאַנט געוואָרען אַ דאַנק די אונטערזוכונגען פון ראָבערט מאַיער, זשול, העלמהאָלץ, מאַך און לעצטענס פון אָסוואַלד׳ן, גלענצענד באַשטעטיגט געוואָרען, ווען ער איז אַנגעווענדעט געוואָרען אין אַלע כעמישע און פיזישע פּראָצעסען. ס׳איז דעריבער דאָ אַ שטאַרקע מעטאַדאָלאָגישע באַרעכטיגונג צו האַלטען זיך אין דעם דאָזיגען פעסטגעשטעלטען פּרינציפּ אַזוי לאַנג ווי עס איז מעגליך און אפילו אַנצואווענדען אים בנוגע צו די ניי־אַנטדעקטע פאָרמען פון ענערגיע, וואָס מיר באַמערקען, למשל, אין די ראַדיאָ־אַקטיווע שטאָפען. אַבער דער פּרינציפּ פון אויפהאַלטונג פון ענערגיע איז בשום אופן ניט דער איינציגער אופן אין וועלכען די אורזאַכליכקייט דריקט זיך אויס. מיר באַמערקען די אורזאַכליכע שייכות׳ן אויך אויפ׳ן געביט פון פּסיכישע דערשיינונגען, ווי למשל אויפ׳ן געביט פון דיינקען, וואו ס׳קאָן גאָר קיין פראַגע ניט זיין וועגען דער באַשטענדיגקייט פון ענערגיע. מיר קאָנען אפילו ביי יעדען מענשען באַזונדער באַמערקען, אַז זיין גייסטיגע אַנטוויקלונג ברייינגט מיט זיך אַ באַשטענדיגען אַנוואַקס פון זיין פּסיכישען פאַרנעם. און דער דאָזיגער אַנוואַקס ווערט נאָך וויכטיגער און איינדרוקספולער, ווען מיר באַטראַכטען די היסטאָרישע אַנטוויקלונג פון דעם גאַנצען מענשליכען מין. די דערפינדונג פון דער דרוקערקונסט האָט פאַרגרעסערט די גייסטיגע מעגליכקייטען פון דער מענשהייט אין אַ מאָס, וואָס שטייגט איבער אַלץ, וואָס מען קאָן זיך נאָר פאָרשטעלען. מיר באַנוצען זיך איצט כמעט שפּילעוודיג מיט באַגריפען, וואָס זיינען מיט דער שווערסטער מיה אויסגעאַרבייט און אַנגעווענדעט געוואָרען פון אַזאַ ריז, ווי אַריסטאָטעל. מיר זעהען אַלזאָ, אַז דאָס געזעץ וועגען דער אויפהאַלטונג פון ענערגיע פּאַסט זיך ניט צו דערקלערען דורך אים די עוואָלוציע פון דעם גייסט. אונז שיינט דעריבער, אַז דאָס געזעץ וועגען דעם אַנוואַקס פון דער פּסיכישער ענערגיע, וואָס איז אַרויסגעשטעלט געוואָרען פון וואונדט׳ן (וואונדט, עטיק, 3־טע אויסגאַבע, באַנד 2, ז. 72) פּאַסט זיך פיל בעסער פאַר דעם גייסטיגען געביט. אין דער פּסיכישער וועלט איז די אורזאַכליכקייט אַ מין געשלאָסענער סדר, וועלכער שטיצט זיך אויפ׳ן פּרינציפּ פון גלייכגעוויכט צווישען דער אורזאַך און דעם רעזולטאַט. אויף געביט פון געדאַנק אָדער פון

געדאנקען ווערט יעדער פראצעס טאקע ארויסגערופען דורך א פריערדיגען פראצעס, אבער די רעזולטאטען שטייגען ווייט איבער די אורזאכען, פון וועלכע זיי באקומען זייער באשלוס. די פיזישע פראצעסען רופען ארויס גייסטיגע פראצעסען און די לעצטע ווערען דערנאד צוליב דעם וואס זיי בארירען א גרויסע צאל פון אונזערע מיטמענשען פארשטארקט און פאנאנדערגעגלידערט אהן א סוף און אהן א גרעניץ. די אורזאכליכקייט האט אלזא א שייכות ניט נאר צו דעם געביט, וואו עס ליגט דער געזעץ וועגען דער אויפהאלטונג פון ענערגיע. די קעגענזייטיגע שייכות'ן, וואס עקזיסטירען אין דער ווירקליכקייט צווישען די פיזישע און פסיכישע פראצעסען, שייכות'ן וועלכע מיר באמערקען שטענדיג אין אונזערע דערפארונגען, קאנען ניט אויסגעטייטשט ווערען אנדערש ווי דורך דעם פרינציפ פון קעגענזייטיגער ווירקונג און אפרוף. די דאזיגע אויסטייטשונג איז בשום אופן ניט קיין סתירה צו א וועלכען עס איז וויסענשאפטליכען געזעץ פון דיינקען, ווי מען האט אפט גע'טענה'ט. דער באגריף וועגען אורזאכליכקייט פארלאנגט בשום אופן ניט, אז די רעזולטאטען זאלען פונקט צוזאמענפאלען מיט דער אורזאך אדער כאטש זיין ענליך צו איר לויט זייער עצם. אפילו אין דער פיזישער וועלט זיינען די אזוי גערופענע „אנשטויסענדיגע סבות" בשום אופן ניט גלייכגעוויכטיג מיט די „ארויסגעשטויסענע" רעזולטאטען. אבער אלע פסיכישע פראצעסען זיינען בעצם „אויסלאדונגען" און ברייגען פון זייער זייט אויסלאדונג־רעזולטאטען. די טעאריע וועגען דער קעגענזייטיגער ווירקונג צווישען פיזישע און פסיכישע פאקטארען איז דעריבער וויסענשאפטליך דערלאזבאר, ניט קוקענדיג אויף אלע טענות קעגען איר.

עס זיינען אלזא דא פיזישע פראצעסען, דאס הייסט פראצעסען וואס מען באנעמט אדער מען קאן באנעמען מיט די חושים און וואס שיינען אין דערזעלביגער צייט צו זיין ענג פארבונדען מיט א סובסטאנציעלען מקור. אבער עס זיינען אויך דא פסיכישע פראצעסען, וואס קאנען מיט די חושים קיינמאל ניט באנומען ווערען און וואס פאר זיך אליין גיבען זיי אונז ניט קיין געלעגענהייט אנצונעמען, אז זיי זיינען פארבונדען מיט'ן סובסטאנציעלען מקור. זייער פארבינדונג אין דעם מענשליכען ארגאניזם שטיצט זיך אויף דער קעגענזייטיגער ווירקונג, — א זאך, וואס מען קאן זיך גרינג פארשטעלען.

אויף אזוי פיל אלזא, אויף וויפיל די דאזיגע טעאריע איז וויסענ־

שאפטליך מעגליך, פארדינט דער דואליזם, אז מען זאל אים דערמאנען צווישען די אנערקענטע טעאריעס וועגען דעם אוניווערז און וועגען לעבען.

אלס צוגאב צום דואליזם האבען איניגע מאדערנע אמעריקאנער פילאסאפען ווידער אמאל אויפגעלעבט די זעהר פרימיטיווע טעאריע פון פלוראליזם. דאס איז א גאנץ באוואוסטזיניגער און ראדיקאלער צוריקקער צום שטאנדפונקט פון געוויינליכען שכל הישר. די דאזיגע באוועגונג איז איינג פארבונדען מיט'ן פראגמאטיזם. זי ווערט אויך פארטיידיגט פון ווילי אם דזשיימס'ען, דעם שטארקסטען פארטרעטער פון פראגמאטיזם. לויט זיין טעאריע ווערט דעם מענשענס איינגעבארענע נטיה צו איינארטיגקייט געצילט בלויז בנוגע צו דער צוקונפט און קיינמאל ניט בנוגע צו דעם עבר. ווען מען זאל באטראכטען די וועלט פון שטאנדפונקט פון איר אפשטאמונג, איז זי פונקט דער היפוך פון איינארטיגקייט. די אויפגאבע פון דעם מענשען איז צו ברייגען צו אזא פאראייניהייטליכטער ארגאניזאציע כאטש אין דער צוקונפט. לויט דער מיינונג פון אט די דיינקער האט די פילאסאפיע גאר נישט צו טאן מיט דעם אוניווערז אלס גאנצען. איר איינציגע אויפגאבע איז צו פארנעמען זיך מיט דער ערד און מיט אירע באוואוינער. דער פלוראליזם איז פון איין זייט א ראדיקאלער עמפיריציזם (א טעאריע וואס האט אין זינען בלויז דעם פראקטישען צוועק), און פון דער אנדער זייט א דורך־און־דורכ'יגער אקטיוויזם (א טעאריע וואס אינטערעסירט זיך מיט דער וועלט נאר אויף אזוי פיל, אויף וויפיל ס'איז נויטיג צוצולעגען א האנט צו איר). כאטש די דאזיגע לעצטע טענדענץ, וואס ווערט כאראקטעריזירט דורך איר פראגרעסיווען גייסט, ווייל זי שטרייבט שטענדיג אונטער די נויטיגקייט צו באקומען רעזולטאטען, קאן אין דער פראקטיק זיין זעהר נוצליך, שיינט עס אבער, אז זי האט אין אירע טעארעטישע פרינציפען שטארק פארנאכלעסיגט די פאראייניהייטליכונג, וואס אונזער וויסענשאפט האט ביז איצט דערגרייכט. די פיזיש־כעמישע פראצעסען האבען אזוי פיל געמיינזאמעס צווישען זיך, אז זייער פאראייניגונג אין אן איינצעלנעם אלגעמיינעם באגריף איז ניט נאר בארעכטיגט, נאר פשוט נויטווענדיג. אלע פסיכישע דערשיינונגען ציינגען אויך ארויס געמיינזאמע סמנים אין דעם, וואס זיי ווערען ניט באנומען דורך די חושים און האבען דעם כאראקטער פון א פראצעס. אזוי לאנג ווי מיר לאזען איבער

אומבארירט דיביידע גרופּעס דערשיינונגען, מוזען מיר אנערקענען דעם געהעריגען ווערט פון יעדער ווירקליכער דערפארונג.

## 34. די קאָסמאָלאָגיש־טעאָלאָגישע פּראָבלעם. גאָט און די וועלט.

די סתירה צווישען דער באַלעבטער און טויטער נאַטור, צווישען גוף און נשמה, וועלכע ציט די אויפמערקזאמקייט אפילו פון דעם פּרימיטיווען געדאַנק און וועלכע די פילאָסאָפיע פּרובט אָדער איינגאַנצען אָנערקענען (אין דואַליזם), אָדער פאַרבינדען (דורכ'ן מאָניזם) באקומט אַ טיפע באַדייטונג, ווען דער מענש הויבט זיך אָן אָריינטראַכטען אין איר. אָבער מיט דעם אוניווערז, מיט דעם וואוינפּלאַץ פון דעם מענשען האָט זיך די פילאָסאָפיע גענומען פאַרנעמען נאָך פיל פריער, ווי מיט דעם מענשען.

די פאַרבינדונג צווישען די קאָסמישע פּראָצעסען, וואָס איז באַמערקט געוואָרען שוין אין פּריסטע צייטען, די איינאַרטיגע רעגולערקייט, וואָס מען באמערקט אפילו אין דעם בייטען פון די יאָרעסצייטען, האָט געמוזט וועקען דעם פאַרלאַנג צו געפינען אַ דערקלערונג פון די דאָזיגע דערשיינונגען. די נאַטור פון דעם וועלט־אַל, זיין אַנטשטייאונג, זיין געשיכטע און זיין צוקונפט בילדען פאַר אונז אַ קאָסמאָלאָגישע פּראָבלעם. די לייזונג פון דער פּראָבלעם געהערט שוין צו דער פילאָסאָפיע פון דער נאַטור, וועלכע איז אַן אונטעראָפּטיילונג פון מעטאַפיזיק.

די עלטסטע גריכישע פילאָסאָפען האָבען געגלויבט, אַז די פאַרבינדונג און די איינאַרטיגקייט פון דעם קאָסמישען פּראָצעס קאָן דערקלערט ווערען, ווען מען נעמט אָן, אַז איין איינצעלנע גרונט־סובסטאַנץ איז געווען דער מקור פון אַלע זאַכען. פאַרשיידענע דיינקער האָבען אָנגענומען, אַז וואַסער, לופט אָדער פייער זיינען אַט די גרונט־סובסטאַנץ. עמפּעדאָקלעס האָט שפּעטער אָנגענומען, אַז דאָס זיינען די פיר גוט באַקאַנטע „עלעמענטען“ (וואַסער, פייער, לופט און ערד), בעת לייסיפּ און זיין תלמיד דעמאָקריט, די באַגרינדער פון דעם אַטאָמיזם, האָבען געגלויבט, אַז די וועלט איז צוזאַמענגעשטעלט פון קליינינקע קערפּערלאַך, וועלכע זיינען אַלע גלייך

לויט זייער איכות און אונטערשיידען זיך בלויז אין כמות און פארם. די דאזיגע טיילאכלאך, וואס ווערען באטראכט אלס אומצעטיילבאר, שאפען עם די פארשיידענע קערפער דורך פילפאכיגע קאמבינאציעס.

די דאזיגע טעאריע, וועלכע איז פיל גענויער אויסגעארבייט גע־ווארען דורך די פארבעסערטע מעטאדען פון דער מאדערנער וויסענ־שאפט, בילדעט נאך ביז איצט דעם יסוד פון דער מעכאנישער טעאריע פון אוניווערז ביי די מערהייט פון די פיזיקער. די היינטיגע אטאמישע טעאריע האט, פארשטייט זיך, א דאנק דער פינקטליכערער פארמולי־רונג פון די געזעצען פון באוועגונג און אונזער בעסערען פארשטיין פון די כעמישע אייגענשאפטען פון דער מאטעריע, א גאנץ אנדער אינהאלט און איז פיל מער קאמפליצירט, ווי די טעאריע פון ל ע ו ק י פ ' ן און ד ע מ א ק ר י ט ' ן. אבער דער גרונט־געדאנק איז פונדעסט־וועגען פארבליבען דערזעלביגער.

די מעכאנישע טעאריע איז אבער ניט פון אלעמען אנגענומען גע־ווארען און האט ניט געקאנט אויף שטענדיג צופרידענשטעלען. די שיינבארע צוועקמעסיגקייט פון אזוי פיל נאטור־פראצעסען האט געמוזט ארויסרופען די אידייע וועגען א בויענדיגען געטליכען פארשטאנד, וואס האט ארגאניזירט יעדע זאך אין הסכם מיט זיינע פלענער. א נ א ק ס א ג א ר א ס איז געווען דער ערשטער גריכישער פילאסאף, וועלכער האט אנגענומען, אז ס'איז דא א מין געטליכער פארשטאנד, כדי צו דערקלערען דעם קאסמישען סדר. זיין „נאוס", אדער פאר־שטאנד פירט אריין א סדר אין דעם כאאטישען וועלטאל. זינט יענער צייט איז די קאסמאלאגישע סיסטעם שטענדיג געווען ענג פארבונדען מיט דער אונטערזוכונג וועגען דעם באוואוסטזיניגען בורא און געטלי־כען פירער פון דעם אוניווערז. דער באגריף וועגען גאטהייט, וועגען וועלכען ס'האבען שוין פריער עקזיסטירט רעליגיעזע פארשטעלונגען, טרעט אריין אין געביט פון דער פילאסאפישער חקירה. פון דעם וואקסט ארויס די טעאלאגישע פראבלעם, וועלכע שטעלט מיט זיך פאר אן ענין פאר א צווייטער אונטעראפטיילונג פון מעטאפיזיק, נעמליך די פילאסאפיע פון רעליגיע.

דער באגריף וועגען גאט האט ניט נאר א שייכות צו מעטאפיזיק און עפיסטעמאלאגיע, נאר ער האט אויך א טיפע עטישע באדייטונג. אמאל ווערט ארויסגערוקט אין פאדערגרונד די ערשטע זייט זיינע,

אמאל די צווייטע, אבער ס'רוב זיינען זיי איינג פארבונדען צווישען זיך.

יעדער פארזוך צו לייזען די קאסמאלאגישע פראבלעם מוז זיך רעכענען מיט דעם באגריף ווענען גאטהייט, אפילו ווען ער וויל אט דעם באגריף אפלייקענען. אזוי ווי דער דאזיגער באגריף איז דורך א משך פון טויזענטער יארען געווארען אן אנערקענטער טייל פון אונזערע פילאָסאָפישע באגריפען, קאן מען אים דעריבער בשום אופן ניט אוועקמאכען מיט דער האנט.

צוויי דיאמעטראל־קעגענזאצליכע תשובות, זיינען פארגעלייגט געווארען אלס ענטפער אויף דער קאסמאלאגיש־טעאלאגישער פראבלעם. לויט די פרינציפען, אויף וועלכע זיי זיינען געבויט, ווערען זיי אנגערופען מעכאניזם און טעלעאלאגיע.

די מעכאנישע טעאריע באטראכט דעם גאנצען קאסמישען פראצעס אלס א פונאנדערוויקלונג פון ענערגיעס, וואס געהערען צו דער מאטעריע גופא. דער צוזאמענשטעל און די באוועגונג פון די קערפערס ווערען באשטימט דורך די פארשיידענסטע פארמען פון צוציהונג און אפשטויסונג, דורך דער אינצענטרישער און פונצענטרישער קראפט. די דאזיגע טעאריע קאן אויך אנגעווענדעט ווערען צו דער דערקלערונג פון די כעמישע פראצעסען, וועלכע האבען אזא גרויסע באדייטונג, כאטש ס'איז נאך ביז איצט ניט געלונגען צו ברייננען אלע איכות'דיגע אונטערשיידען צו דעם חלוק אין כמות. ווייל די כעמישע אייגענשאפטען געפינען זיך אויך אין די סובסטאנצען גופא און ווערען ניט אריינגעגעבען פון דרויסען.

די פארצייטיגע פיזישע וויסענשאפט שטיצט זיך כמעט אויסשליסליך אויף דער מעכאנישער טעאריע. אויך אין די מאדערנע צייטען ווערט די דאזיגע טעאריע שטארק פארטיידיגט דורך די אנהייגער פון מאטעריאליזם. מען מאכט אפילו א פארזוך ארויסצוברייננען די פראצעסען, וואס קומען פאר אין די לעבעדיגע ארגאניזמען פון כעמישע און מעכאנישע פרינציפען, און א גרויסע צאל וויסענשאפטליכע לייקענען אנטשיידען אפ יעדען געדאנק ווענען א ספעציעלער לעבענס־קראפט.

דער באגריף ווענען גאטהייט קאן אבער געבראכט ווערען אין א הסכם מיט דער מעכאנישער טעאריע. אפט פלעגט ער פאקטיש אפילו קאמבינירט ווערען מיט איר. אין אזא פאל ווערט גאט באטראכט אלס דער אקטיווער פרינציפ, וואס שאפט דעם וועלט־סדר (אנאק־

סאַגאַראַס) אַדער אַלס דער ערשטער באַוועגער (אַריס־טאַטעל), וואָס ווירקט אויף דער מאַטעריע, וואָס האָט עקזיסטירט נאָך פאַר אים. בלויז דער באַגריף וועגן גאָט אַלס ערשטער באַשעפער פון אַלץ אין דער וועלט לאָזט זיך ניט איינשליסען אין די ראַמען פון דער מעכאַנישער טעאָריע.

די מעכאַנישע טעאָריע, ספּעציעל אין אונזערע צייטען, שטרעבט איינגאַנצען צו באַזייטיגען פון דער דערקלערונג פון דער נאַטור דעם באַגריף וועגן אַ באַוואוסטזיניגער צוועקמעסיגקייט. און אין דעם פּרט קומט זי אין אַ שאַרפען סכסוך מיט דער טעלעאָלאָגישער טעאָריע.

די טעלעאָלאָגיע איז אַ טעאָריע, וואָס נעמט אָן, אַז די וועלט איז געשאַפען געוואָרען דורך אַ העכערען גייסט בהסכם מיט באַשטימ־טע פּלענער און צילען, און זי שטיצט זיך דערביי אויף דער צוזאַמענ־פּאַסונג פון די פאַרשיידענע קאָסמישע פּראָצעסען און ספּעציעל אויף דער צוועקמעסיגקייט, וואָס מיר באַמערקען אין די פאַרשיידענע אָרגאַ־נען פון דעם לעבעדיגען קערפּער. פּלאַטאָן וואַרפט אויף אַנאַקסאַגאָראַס'ן, אַז זיין „נאָוס" (דער אַלוויסענדיגער געטליכער שכל) צייכענט בלויז אָן אַ שטרעבונג צו ברייננגען אַלץ אין אַ סדר, אָבער ער דערקלערט גאָר נישט וועגן דעם צוועק, וואָס די פאַרשיידענע שאַפונגען און איינאָרדענונגען האָבען. דער טעלעאָלאָגי־שער באַגריף באַטראַכט די גאָטהייט אַלס דעם באַשאַפער און דעם באַשטענדיגען פירער און הערשער פון דעם גאַנצען אוניווערז.

דער דאָזיגער בליק באַקומט זיין קלאָרסטען אויסדרוק אין דער ביבלישער דערציילונג וועגן דער מעשה בראשית. פון דעם מקור זיינען אַרויסגעוואַקסען אַלע מאָנאָטעאיסטישע רעליגיעס פון מערב, און פון דאַנען שטאַמען די וויכטיגסטע רעליגיעזע סיסטעמען. לערנענ־דיג דעם חומש זיינען מיר פון קינדהייט אָן באַקאַנט און דורכגעדרונ־גען געוואָרען מיט אָט דער טעאָריע.

די דאָזיגע פאָרם פון טעלעאָלאָגיע נעמט אָן, אַז ס'עקזיסטירט אַ פּערזענליכער איבערנאַטירליכער גאָט. ווייל די דאָזיגע טעאָריע שטייגט איבער די גרעניצען פון אונזער דערפאַרונג קאָן זי אויך גערופען ווערען די טראַנסצענדענטאַלע טעלעאָלאָגיע.

אין די מאָדערנע צייטען איז געשאַפען געוואָרען אַן אַנדער פאָרם פון טעלעאָלאָגיע, וואָס באַטראַכט די צוועקמעסיגקייט אַלס אַן איינ־געבאָרענע נטיה פון די זאַכען גופא, ספּעציעל פון די לעבעדיגע אָרגאַ־

ניזמען. די דאָזיגע אימאַנענטע (איינגעבאָרענע) טעלעאלאגיע איז א באגריף, וועלכער איז כאראקטעריסטיש פאר דער אזוי גערופענער טעאָריע פון עוואָלוציע.

נאטירליך ווערט די דאָזיגע טעאָריע באזונדערס אנגעווענדעט בנוגע צו דער אָרגאנישער נאטור. זי נעמט אָן, אַז אַלע אָרגאניזמען זיינען בטבע באשאנקען מיט'ן אינסטינקט פון זעלבסט־דערהאַלטונג סיי ביים יחיד און סיי ביים מין. אין הסכם מיט דעם דאָזיגען אינ־סטינקט אַרבייטען די אָרגאניזמען אויס אַ מין הארמאָניע מיט די לעבענס־אומשטענדען, צו וועלכע זיי האַלטען זיך אין איין צופאסען אַלץ מער אין מער אין זייער קאַמף פאר דער עקזיסטענץ.

די דאָזיגע טעאָריע, וואָס איז צום ערשטען פאָרגעשלאָגען געוואָרען פון לאַמאַרק'ן און איז אין איינציגע פּרטים פאַרטיידיגט געוואָרען אויך דורך געטהע'ן, איז שפּעטער פילאָסאָפיש פאָרמולירט געוואָרען דורך הערבערט ספּענסער'ן און האָט געוואונען די אַלגעמיינע אנערקענונג צווישען די געבילדעטע מענשען אַ דאנק די אַרבייטען פון טשאַרלז דאַרווין (ספּעציעל דורך זיין „אנטשטייאונג פון די מינים“, פון יאָר 1859). דאַרווין האָט פאַרברייטערט די אַלגעמיינע טעאָריע דורך זיין השערה, אַז די אָרגאניזמען גיבען איבער צו זייערע שטאַמקינדער דורך דעם פּראָצעס פון נאַטור־אויסוואַל די סמנים און אייגענשאַפטען, וואָס זיי האָבען באַקומען אין קאַמף פאר דער עקזיסטענץ, און דאָס גיט זיי די מעג־ליכקייט אומענדליך צו פאַרגרעסערען זייער צופּאַסונג צו דער אַרומיגער סביבה. די טעאָריעס וועגען דעם איבערלעבען פון די מער־צוגעפּאַסטע און וועגען דער נאַטור־אויסוואַל זיינען דער עצם פון דעם אזוי גערופע־נעם דאַרוויניזם, וועלכער איז אָבער ניט אינגאַנצען דאַסזעלביגע, וואָס די אידייע וועגען עוואָלוציע בכלל. און דערפון קומט עס, וואָס כאָטש די לעצטע אַנטדעקונגען האָבען באוויזען, אַז אַ סך פּרטים פון דאַרווינס טעאָריעס זיינען וויסענשאַפטליך ניט באַגרינדעט, האָט אָבער דער גרונט־געדאַנק, וועלכען ער האָט אַזוי גלענצענד און ערפאָלגרייך פאַר־טיידיגט, אויף שטענדיג איינגעהאַלטען זיין ווערט און באַדייטונג.

דער פּרינציפּ פון דער אימאַנענטער טעלעאָלאָגיע האָט אויך אַ זעהר גרויסען ווערט פאַר דער דערקלערונג פון פּסיכישען לעבען און בכלל פאַר די וויסענשאַפטען וועגען גייסטיגען לעבען.

ווי דער ביישפּיל פון דאַרווינ'ען נופא באַווייזט קאָן דער באַגריף

װעגן גאָטהײט אײנלעבען זיך אויך מיט דער אימאַנענטער טעלע־אָלאָגיע. ס'איז דערביי בלויז נויטיג אָנצונעמען, אַז גאָט האָט באַשאַפֿען די פּשוט'סטע לעבענס־פֿאָרמען, װאָרשײנליך די פּראָטאָפּלאָזמע, און אַז יעדער מין פֿון די אָרגאַניזמען איז בהדרגה אַרויסגעוואַקסען פֿון איר בהסכם מיט די געזעצען פֿון עוואָלוציע, וואָס דער באַשעפֿער האָט אין זיי אײנגעפּלאַנצט.

דער באַגריף װעגן גאָט אַלס װעגן אַן איבערנאַטירליכען גײסט, וואָס ווייסט אַלץ און קאָן אַלץ, איז באַקאַנט אַלס דער אַנטראָפּאָמאָרפֿישער טעאיזם. יעדע טעאיסטישע פֿאָרשטעלונג מוז נויטיגערווייז פֿאַרבונדען זײן מיט אַנטראָפּאָמאָרפֿיזם פּשוט דערפֿאַר, ווייל מיר קאָנען זיך פֿאָרשטעלען אַ באַוואוּסטזיניגען וועזען בלויז לויט אַ מענשליכער אַנאַלאָגיע. מיר קאָנען זיך פֿאָרשטעלען, אַז אונזערע פּסיכישע קרעפֿטען זײנען אומענדליך פֿאַרגרעסערט געוואָרען, אָבער זיי בלייבען אַלץ מענשליכע קרעפֿטען. דער טעאיזם אין זײנע פּשוט'סטע פֿאָרמען איז די וועלט־טעאָריע פֿון דער פּרימיטיווער מענשהייט. אין זײנע העכערע פֿאָרמען איז ער, ווי זײן נאָמען גופֿא ווייזט, דער באַגריף וואָס הערשט אין אַלע מאָנאָטעאיסטישע סיסטעמען פֿון רעליגיע.

דער פּאַנטעאיזם אונטערשיידעט זיך פֿון טעאיזם דערמיט, וואָס בעת גאָט און דער אוניווערז זײנען לויט דעם טעאיזם באַזונדערע זאַכען (פֿריער איז געווען גאָט, און דערנאָך האָט ער באַשאַפֿען די וועלט), איז ער לויט'ן פּאַנטעאיזם אײנע און דיזעלביגע זאַך מיט דער וועלט. דער געטליכער עלעמענט דרינגט דורך די גאַנצע וועלט און יעדען טייל אירען באַזונדער, אונטערשיידעט זיך ניט פֿון די זאַכען און איז פֿון אָנהויב אַן פֿאַראַן אין יעדערער פֿון זיי.

אַנצוהערענישען אויפֿ'ן פּאַנטעאיזם געפֿינען מיר שוין ביי קסענאָפֿאַנעס'ן, אַ קלאָרע פֿאָרמולירונג זײנע האָט אַרויסגעשטעלט דזשאָרדאַנאָ ברונאָ און ברוך שפּינאָזאַ איז געווען דער ענטוזיאַסטישער און אומערמידליכסטער פּאַרטיידיגער פֿון אָט דער אידייע. לויט שפּינאָזאַ'ס מײנונג איז די וועלט בלויז אײן סובסטאַנץ, און די סובסטאַנץ איז גאָט. די דאָזיגע סובסטאַנץ האָט צוויי אופֿנים, אין וועלכע זי דריקט זיך אויס, צוויי אַטריבוטען, דעם געדאַנק און דעם שטח. יעדע אײנציגע זאַך איז אַן אויסדרוק

# פילאָסאָפיע

פון אַט דער איינצעלנער סובסטאַנץ און איז אַלזאָ אַ טייל פון דער גאָטהייט. דער שפּיץ פון חכמה באַשטייט אין אַ פּריווויליגיען אונטער־געבען זיך צו אַט דער אַלגעמיינקייט, וואָס מיר זיינען אַ טייל אירער. דעם דאָזיגען אַבסאָליוטען אונטערגעבען זיך באַצייכענט שפּינאָזאַ אַלס די געטליכע ליבע. די דאָזיגע פּראַכטפולע פילאָסאָפישע סיסטעם האָט געהאַט אַ טיפען איינפלוס אויף געטהע'ן, וועלכער האָט שוין יונגערהייט, אין פאַוסט'ס רעליגיעזען דיאַלאָג מיט גרעטכען און אויך שפּעטער, ווען זיין זשעניע איז רייף געוואָרען פיל מאָל אויסגע־דריקט די דאָזיגע פאַרשטעלונג אויף אַ פּאָעטישען אופן:

„וואָס וואָלט דען געווען אַ גאָט, וואָס שטויסט אַלצדינג פון דרויסען,
וואָס מאַכט אין קרייז אַלץ לויפען דורך אַ באַוועגונג פון זיין פינגער?
אים פּאַסט עס צו באַוועגען די וועלט פון אינווייניג,
איינשליסען די נאַטור אין זיך און זיך אין דער נאַטור
אַזוי אַז אַלץ, וואָס לעבט אין אים און וועבט זיך און עקזיסטירט
זאָל קיינמאָל ניט שטיין אויסער זיין קראַפט און אויסער זיין גייסט“.

אַ חוץ דעם פּאַנטעאיזם איז אין ענגלאַנד אין 17־טען און 18־טען יאָרהונדערט אַנטשטאַנען נאָך אַן אַנדער באַגריף וועגען גאָטהייט, וועלכער איז באַצייכענט געוואָרען מיט'ן נאָמען דעאיזם. די פאַרטרעטער פון אַט דער שול (שערבורי, געשט. 1648, טאָלאַנד — געשט. 1722, קאָללינז — געשט. 1729) פאַר־לאַנגען, אַז דער פאַרשטאַנד זאָל אויך האָבען אַ חלק אין די רעליגיעזע ענינים. זיי וואַרפען אָפּ די איראַציאָנעלע (איבער־שכל'דיגע) דאָגמען אין דעם אויטאָריטעט פון דער מסורה. זיי דערקלערען זיך שטאַלץ פאַר פרייַדיינקער און פרייַדיגען אַ נאַטור־רעליגיע, מיינענדיג דערמיט די רעליגיע פון ריינעם פאַרשטאַנד. זיי באַטראַכטען גאָט אַלס דעם באַשאַפער און פירער פון דעם אוניווערז, און נאָכמער, אַלס דעם קוואַל פון דעם מאָראַלישען געזעץ. זיי האַלטען, אַז דער דאָזיגער באַגריף וועגען גאָט קאָן אַרויסגעבראַכט ווערען על־פי שכל. דער גלויבען אין גאָט נויטיגט זיך ניט אין נסים אָדער אַנטפּלעקונגען. דער ווערט פון רעליגיע ליגט אין די מאָראַלישע געפילען, וואָס זי רופט אַרויס. „גלויב אין גאָט און טו דיין פליכט“, איז דער הויפּט־עיקר פון דעם דעאיזם.

# ווילהעלם יערוזאַלעם

דער פאַרלאַנג פילאָסאָפיש צו באַארבייטען דעם טראַדיציאָנעלען רעליגיעזען באַגריף האָט זיך באַזונדערס שטאַרק געלאָזט פילען אין מיטעלאַלטער. קודם כל איז געמאַכט געוואָרען אַ פּאַרזוך לאָגיש צו דערוויזען די עקזיסטענץ פון דער גאָטהייט אויפ'ן גרונט פון באַגריף גופא (מיר האָבען אַ באַגריף וועגען גאָט, הייסט עס, אַז גאָט איז דאָ), פון דער צוועקמעסיגקייט פון דעם וועלט־געבייי און פון אַנדערע לאָגישע אַרגומענטען. אָבער פיל פון די קריסטליכע דיינקער (ווי, למשל, דאָנס סקאָטוס, 1265—1308) האָבען שוין דעמאָלט אָנערקענט די לאָגישע שוואַכקייט פון די דאָזיגע אַרגומענטען און האָבען פאַררעכענט די עקזיסטענץ פון גאָט צווישען די „אַנטפּלעקטע אמת'ען", דאָס הייסט אַלס אַ זאַך, וואָס קאָן על־פּי שכל ניט דערוויזען ווערען. די מאָדערנע פילאָסאָפיע האָט זיך אויך אַ סך אָפּגעגעבען מיט אָט דעם מין ראיות ביז קאַנט האָט ניט דערוויזען, אַז די עקזיסטענץ פון גאָט איז אַ פאָדערונג פון דעם פּראַקטישען פאַרשטאַנד, דאָס הייסט פון דעם מאָראַלישען געזעץ, כאָטש זי קאָן טעאָרעטיש ניט דערוויזען ווערען. זינט דעמאָלט האָט מען שוין געבויט די עקזיסטענץ פון גאָט הויפּט־זאַכליך אויף עטישע יסודות.

לויט אונזער מיינונג אָבער איז די וויכטיגקייט פון דעם באַגריף וועגען דער גאָטהייט אַ עניין, וואָס איז נוגע ניט אַזוי דעם מאָראַלישען געזעץ, ווי אונזער טעאָרעטישען בליק אויף דער וועלט. כדי צו מאַכען דאָס קלאָרער, וועלען מיר זיך נאָכאַמאָל אומקערען צו דער פונקציע פון אורטייל אויף וויפיל זי איז נוגע די פונדאַמענטאַלע אָפּערצעפּציע. אַזוי ווי דער איינציגער מעטאָד, דורך וועלכען מיר קאָנען גייסטיג באַנעמען דעם אינהאַלט פון די זאַכען, וועגען וועלכע מיר דערוויסען זיך דורך אונזערע חושים איז, ווען מיר גיבען זיי צו אַ פאָרם, וואָס אַנט־שפּרעכט אונזער אָרגאַניזם,—און אַזוי ווי מיר זיינען געצוואונגען צו באַטראַכטען דעם באַקומענעם אינהאַלט אַלס אַ פּאָטענציעלען צענטער און אַן אויסדרוק פון זיין איינגעבאָרענער ענערגיע; נאָכמער, אַזוי ווי די דאָזיגע פאָרם איז באַשטעטיגט געוואָרען דורך טויזענטער יאָרען פון גייסטיגער אַנווענדונג און האָט די גאַנצע צייט געהאָלפען דעם מענשען ערפאָלגרייך צו באַצווינגען די נאַטור, איז עס דעריבער ניט מער ווי רעכט, אַז מיר זאָלען פּרובירען אַנווענדען די דאָזיגע פאָרם אויך בנוגע צום אַלגעמיינעם סך־הכל פון דעם אוניווערז.

אָבער ווי נאָר מיר פאַרזוכען עס צו טאָן דערשיינט פאַר אונז

# פילאָסאָפיע

דער דאָזיגער וועלט סדר־הכל אַלס דאָס ווערק פון אַן אומבאַגרעניצטער מאַכט, וואָס באַזיצט אַ ווילען און אַ באַשטענדיגען פּאָטענציעלען אויסדרוק פון אירע קרעפטען. אָהן איר קאָנען מיר ניט דערגרייכען די נויטיגע פולשטענדיגקייט פון אונזער פאָרשטעלונג פון דעם אוניווערז. דער דאָזיגער מעכטיגער ווילען איז דער יסוד פון מאַטעריע און גייסט. די נאַטור־געזעצען זיינען די געזעצען פון זיין ווילען. און לויט די ווערטער פון תהילים „וועל איך ניט ברעכען מיין אָפּמאַך און וועל ניט ענדערען דאָס וואָרט, וואָס איז אַראָפּ פון מיינע ליפּצען".

אַנווענדענדיג אויף אַזאַ אופן די פונקציע פון אונזער אורטייל, וואָס איז גערעכטפאַרטיגט געוואָרען דורך אונזער דערפאַרונג, צו דעם אַלגעמיינעם סדר־הכל פון דעם אוניווערז, דערגרייכען מיר אַלזאָ צו אַן אַלץ־אַרומנעמענדיגער פילאָסאָפיע פון דעם אוניווערז און פון לעבען, וואָס באַפרידיגט אונזער פאַרלאַנג נאָך וויסען און גיט גלייכצייטיג אָפּ דעם געהעריגען פּלאַץ פאַר דעם באַגריף וועגען גאָטהייט.

פינפטע אָפּטיילונג.

# די מעטאָדען און צוועקען פון עסטעטיק.

## 35. דער באַגריף און די פּראָבלעם פון עסטעטיק.

די עסטעטישע נאַטור פון דעם מענשען באַרוהט אויף אַן אייגענ־אַרטיגען פּרינציפּ, וועלכער איז שטאַרק דיפערענצירט און איז גע־וואָרען זעהר פאַרוויקעלט אין פאַרלויף פון דער עוואָלוציע פון אונזער ציוויליזאַציע. זיין אייגענאַרטיגע כאַראַקטעריסטיק באַשטייט אין דעם, וואָס דאָס בלויזע באַטראַכטען פון געוויסע אָביעקטען און פּראָ־צעסען פון אונזער סביבה, סיי פון נאַטור־ווערק, סיי פון מענשליכע ווערק, רופט ביי אונז אַרויס דעם געפיל פון פאַרגעניגען אָדער פּיין, ניט אויפרייצענדיג דערביי אונזערע תאוות. קאַנט, וועלכער האָט דער ערשטער דערקענט אָט די אייגענשאַפט פון דעם עסטעטישען פילען האָט דעריבער באַצייכענט די עסטעטיק אַלס אַ „באַפרידיגונג לשמה“.

די עסטעטישע געפילען צווינגען אונז אָבער כמעט שטענדיג אויס־צובילדען ביי זיך אורטיילען וועגען עסטעטישע אָביעקטען. די פאָר־מען פון אונזער אורטייל, ווי, למשל, שיין, אַנציהענדיג, אינטערעסאַנט, אָדער מאוס, אָפּשטויסענדיג, מאָנאָטאָן א. א. וו. שרייבען מיר צו די אָביעקטען גופא, פּונקט ווי די דאָזיגע פאָרמען וואָלטען אָביעקטיוו געהערט צו זיי. נאָכמער, מיר מאַכען אונזערע אורטיילען אין אַן אוניווערזאַלער פאָרם (דאָס הייסט, פּונקט ווי די דאָזיגע באַגריפען וועגען שיינקייט, מאוס'קייט א. א. וו. וואָלטען געווען אָביעקטיווע באַשטימטע זאַכען) און פאַרטיידיגען אפילו אָפט מיט גרויס היץ אונ־זערע אורטיילען, געגען די מיינונגען פון אַנדערע.

די דאָזיגע פּראָבלעם נויטיגט זיך אין אַ וויסענשאַפטליכער אונ־

טערזוכונג, ערשטענס ווייל די עסטעטיק האָט אַ באַדייטענדיגען איינפלוס אויף דעם לעבען פון דעם יחיד און אויף דער אַלגעמיינער אַנטוויקלונג פון דער ציוויליזאַציע, און צווייטענס ווייל מיר באַקומען דורך דעם אַ פאַרשטעלונג וועגען אַן אַנדער זייט פון דער נשמה און פון אירע אויסערונגען. מען מוז דעריבער זעהר אויפמערקזאַם אַנאַליזירען די סוביעקטיווע און אָביעקטיווע אומשטענדען פון דער עסטעטישער אויפפירונג. דאָס איז די פּראָבלעם פון עסטעטיק.

די סוביעקטיווע אומשטענדען געהערען איינגאַנצען צום געביט פון פסיכאָלאָגיע. די עסטעטישע לערעס פון די לעצטע עטליכע צענדליג יאָר האָבען זיך הויפּטזאַכליך באַגרעניצט מיט פּסיכאָלאָגישע אונטערזוכונגען. דורך די דאָזיגע אונטערזוכונגען איז עס געלונגען צו דערגרייכען אַ גאַנץ באַדייטענדיגע באַרייכערונג פון אונזער באַגריף וועגען דעם עצם פון דעם עסטעטישען גענוס.

היינט צוטאָג, למשל, פאַרשטייען מיר פיל בעסער ווי מיט אַ דרייסיג יאָר צוריק וואָס מיר לעבען באמת דורך, ווען מיר זיינען באַגייסטערט און אָנגעפילט מיט פרייד, בעת מיר באַטראַכטען אַ בילד, הערען אַ סימפאָניע אָדער לייענען אַ פּאָעמע. די פּסיכאָלאָגישע עסטעטיק אונטערזוכט סיי דעם עסטעטישען פאַרגעניגען, סיי די שאַפענדיגע קונסט, — די לעצטע, אַזוי צו זאָגען, פון שטאַנדפּונקט פון דעם באַגייסטערנדיגען אָנשטויס צום שאַפען.

די וויסענשאַפט איז נאָך ביז איצט בשום אופן ניט געקומען צו קיין פולען הסכם וועגען די צוועקען, און נאָך וויניגער וועגען די מעטאָדען פון דער אונטערזוכונג פון די אָביעקטיווע תנאים פון דעם עסטעטישען גענוס. די פילאָסאָפישע חקירות וועגען דעם עצם פון שיינקייט און וועגען איר וועלט־באַדייטונג, וואָס זיינען אַרויסגעשטעלט געוואָרען פון פלאַטאָנ'ען און פ ל אָ ט י נ ו ס אין די פאַרצייטיגע יאָרען און פון ש ע ל י נ ג, ה ע ג ע ל און ש אָ פּ ע נ ה ו י ע ר אין די מאָדערנע צייטען האָבען נאָך אַלץ אַ געוויסען איינפלוס אויף אונזערע עסטעטיקער. פיל גרעסער איז אָבער די באַדייטונג פון די היסטאָרישע אונטערזוכונגען וועגען די אַנטשטייאונג און אַנטוויקלונג פון די פאַרשיידענע קונסטען, און די פאָרשונגען פון דער קולטור־געשיכטע, וואָס ווייזען אונז ווי דער עסטעטישער געשמאַק איז פאַרשפּרייט און באַרייכערט געוואָרען און ווי עס האָבען פּראָגרעסירט די אָפּשאַצונג פון קונסט און די וואַקסענדיגע פעהיגקייט צו באַטראַכטען אויך די נאַטור פון עס־

טעטישען שטאנדפונקט. די סוביעקטיווע תנאים פון עסטעטישען גענוס דארפען שטודירט ווערען פסיכאלאגיש, און זייערע אביעקטיווע תנאים — היסטאריש און סאציאלאגיש. עס קאן זיין, אז ווען מען וועט אויף אזא אופן אנזאמלען גענוג פאזיטיווע רעזולטאטען וועט א וועלכער עס איז געניאלער מוח אנטפלעקען די גרונט־פרינציפען פון עסטעטיק, וואס ליגען אין יסוד פון דעם גאנצען אוניווערז און וועט אויף אזא אופן שאפען א פילאסאפיע פון שיינקייט און פון קונסט.

אבער מיר דארפען קיינמאל ניט פארגעסען וועגען דעם פונדאמענ־טאלען פרינציפ פון עסטעטישען גענוס. ער באשטייט, ווי שוין אנגע־וויזען, אין דעם, וואס מיר לעבען איבער ריינע פארגעניגען־געפילען, וואס זיינען פולשטענדיג פריי פון וועלכע עס איז חשבונות. דער פאקט, וואס מיר באקומען אן עסטעטישען גענוס איז אין דערזעלביגער צייט א באווייז, אז דאס פילען איז א קלארע פונדאמענטאלע פונקציע פון באוואוסטזיין, וואס אונטערשיידט זיך פון איין זייט פון די געדאנ־קען־פראצעסען, און פון דער אנדער זייט — פון דעם ווילען און פאר־לאנגען פון די ארומיגע. אויף וויפיל אלזא דאס דאזיגע ריינע פילען דריקט זיך אויס אין דער פולער מאס בלויז אין דעם עסטעטישען גענוס, גיט דאס אונז דעם איינציגען מיטעל צו פארשטיין דעם עצם און דעם געביט פון דעם ריינעם פילען. דער קלארסטער און קירצסטער אופן צו באשטימען וואס עס איז אזוינס עסטעטיק וועט דעריבער זיין, ווען מיר וועלען נאכפאלגענדיג הײנריך פאן שטיינס ביישפיל באטראכטען זי אלס פילאסאפיע פון געפיל.

די דאזיגע דעפיניציע פון דעם באגריף פון עסטעטיק באצייכענט איר ארט אין דער סיסטעם פון פילאסאפיע און עפענט פאר אונז גלייכצייטיג א פעלד פאר פסיכאלאגישע, היסטארישע און סאציאלאגי־שען אונטערזוכונגען פון דעם עסטעטישען געפיל פון באפרידיגונג. מיר מוזען קומען צו א קלארער פארשטענדעניש וועגען דעם, וואס מיר לעבען באמת איבער מיט דער הילף פון דעם עסטעטישען געשמאק, ווען מיר באטראכטען די קונסט אדער די נאטור. מיר מוזען ספעציעל אונטער־שיידען דעם עסטעטישען פארגעניגען פון אנדערע געפילען פון באפרי־דיגונג און פרובען זיך אויסגעפינען דעם יסוד פון אט דעם חלוק. און מיר מוזען ווידער פארזוכען אריינצודרינגען אין דער נשמה פון דעם שאפענדיגען קינסטלער, כדי אפצושאצען די אידייעס און מאטיווען, וואס קאנטראלירען און באגייסטערען אים. דערביי, פארשטייט זיך,

קאַנען מיר זיך ניט אָפּשטעלן אין אונזערע אונטערזוכונגען בלויז אויף אַ וועלכן עס איז איין יחיד.

דער סאָציאַלער פאַקטאָר שפּילט אין דער עסטעטיק אַ פיל גרעסערע ראָליע, ווי מען מיינט עס געוויינליך. אונזער אייגענער עסטעטישער געשמאַק ווערט שטאַרק באַאיינפלוסט פון דעם געשמאַק און אין די מהנגים פון אונזער צייט, און דער שאַפענדיגער קינסטלער איז אויף זיין באַזונדערן געביט פיליכט פיל מער אַ פּראָדוקט פון דעם אָנגענומענעם געשמאַק, וועלכן ער זוכט צו באַפרידיגן אָדער ארויסרופן, איידער ער אָדער אַנדערע זיינען עס גרייט צוצוגעבן. די סאָציאָלאָגישע באַדייטונג פון קונסט, וואָס אַפילו פּ ל אַ ט אָ ן און אַ ר י ס ט אָ ט ע ל האָבן שוין אָנערקענט, מוז דעריבער אונטערגעזוכט ווערן מיט אַ באַזונדערער אויפמערקזאַמקייט. דאָס ברענגט אונז צו דער שייכות צווישן עסטעטיק און עטיק, וואָס גיט אונז אַ מעגליכקייט פעסטצושטעלן געוויסע כללים און אַ געוויסע מאָס פאַר עסטעטישע ווערטן ניט באַגרעניצענדיג דערביי דעם זשעני פון דעם קינסטלער אָדער געזעץ פון דעם אינדיווידועלן געשמאַק.

די עסטעטיק איז אַלזאָ די פילאָסאָפיע פון פילען און איר אויפגאַבע איז צו אונטערזוכן די פּסיכאָלאָגישע, סאָציאָלאָגישע, היסטאָרישע און, ענדליך, אויך די קאָסמישע און מעטאַפיזישע תנאים פון דעם עסטעטישן געשמאַק.

### 36. די שולען פון עסטעטיק און זייער אַנטוויקלונג.

דער ערשטער וואָס האָט באַנוצט דעם טערמין „עסטעטיק“ אין דעם זינען פון אַ פילאָסאָפיע פון שיינקייט איז געווען ב ו י מ ג אַ ר ט ע ן (1714—1762). זיין ווערק וועגן עסטעטיק, וואָס איז דערשינען צווישן די יאָרן 1750—1758 און וואָס האָט געזאָלט דערגאַנצן די פילאָסאָפיע פון װ ו אָ ל פ ׳ ן האָט געבראַכט דערצו, אַז די עסטעטיק זאָל זיך אַנטוויקלען אין אַ באַזונדערער פילאָסאָפישער לערע.

דאָס וואָרט גופא (וואָס קומט פון דעם גריכישן וואָרט ע י ס ט ה א נ ע ס ט ה א י — צ ו ב אַ נ ע מ ע ן) מיינט אין דער אמת׳ן אַ טעאָריע וועגן דעם חוש־איינדרוק. און ק אַ נ ט באַנוצט עס

## ווילהעלם יערוזאלעם

נאך אלץ אין אט דעם זינען. ער באצייכענט אפילו דעם טייל פון זיין „קריטיק פון ריינעם פארשטאנד", וואס פאר־נעמט זיך מיט דער טעאריע פון פילען, אלס „טראנסצענדענטאלע עסטעטיק". בוימגארטען האלט זיך נאך אויך ביים בוכ־שטאבליכען זינען פון דעםווארט ביים באשטימען פון דעם אינהאלט פון עסטעטיק, און באנוצט זיך דערמיט צו באשרייבען די שיינקייט אלס די פארפולקומונג פון דער געפיל־עמפפינדונג. אין זיין „קרי־טיק פון אורטייל" האט זיך קאנט שפעטער שוין באנוצט מיט אט דעם אויסדרוק, וואס בוימגארטען האט אריינגעבראכט, אין דעם זינען, אין וועלכען מיר באנוצען אים ביי היינטיגען טאג. דאס ווארט „עסטעטיק" האט אלזא ביי קאנט'ן צוויי גאנץ פארשיידענע באדייטונגען. אין זיין טעאריע פון וויסען ווערט מיט דעם ווארט „עסטעטיק" באצייכענט די לערע וועגען חושים־איינדרוקען, בעת אין זיין ארבייט וועגען אורטייל באצייכענט עס ביי אים די לערע וועגען פארגעניגען, וואס נעמט זיך פון דעם באטראכטען פון שיינקייט.

הערבארט (1841—1776) באנוצט דאס ווארט נאך אין אן אנדערן, עטוואס ברייטערען זינען. ער שליסט איין אין דעם טערמין די גאנצע פראקטישע פילאסאפיע, דאס הייסט אלץ וואס האט צו טאן מיט'ן אפשאצונג־אורטייל. אויף אזא אופן קאמבינירט ער די לערע וועגען מאראל און וועגען דער שיינקייט אונטער איין אלגעמיינעם טערמין, וואס רופט זיך ביי אים עסטעטיק. אבער די דאזיגע שאטירו־נגען אין באנוצען דעם טערמין זיינען שפעטער אפגעווארפען געווארען און ביי היינטיגען טאג פארשטייט מען אונטער עסטעטיק די פילא־סאפיע פון שיינקייט און קונסט.

מיר זעהען אלזא, אז כאטש דער נאמען פון עסטעטיק איז פאר־העלטניסמעסיג ניט לאנג געשאפען געווארען, האט אבער דער עצם עניין זיינער, די קונסט און די שיינקייט שוין גאנץ לאנג צוגעצויגען די אויפמערקזאמקייט פון די פילאסאפען. פלאטאן האט געווידמעט א גאנצען דיאלאג זיינעם („היפיאס דער גרעסע־רער") דער דיסקוסיע פון דעם באגריף וועגען שיינקייט. אין זיינע אנדערע שריפטען שטעלט ער זיך אפט אפ אויף דער אידייע וועגען שיינקייט, וועלכע ער פארבינדט גאנץ נאהענט מיט דער ליבע.

# פילאָסאָפיע

א ר י ס ט אָ ט ע ל  האָט אין זיין באַרימטען ווערק וועגען פּאָעטיקע אנגעצייכענט אַ גאַנצע טעאָריע פון פּאָעטישער קונסט און ספּעציעל פון דער טראַגעדיע. ה אָ ר אַ צ י ו ס  האָט אין זיין „ארס פּאָעטיקאַ“ („פּאָעטישע קונסט“) זיך זעהר אָפט באַנוצט מיט  א ר י ס ט אָ ט ע ל ׳ ס  געדאַנקען. פּ ל אָ ט י ן,  דער נעאָפּלאַטאָניקער האָט אָנגעשריבען צוויי טיפע פילאָסאָפישע אָפּהאַנדלונגען וועגען שיינקייט, וואָס פאַרדינען נאָך אפילו איצט אַן ערענסטע באַטראַכטונג. פון צייט צו צייט טרעפען מיר מיינונגען וועגען עסטעטיק אפילו אין דער סכאָלאָסטישער פילאָסאָפיע, אָבער ערשט אין 18־טען יאָרהונדערט מיט זיין רייכער אַנטוויקלונג פון דעם געפיל־לעבען דערגרייכט די וויסענשאַפטליכע אונטערזוכונג פון דעם חוש פאַר שיינקייט זיין פולע רייפקייט.

ש ע פ ט ס ב ו ר י  אין ענגלאַנד (1713—1671), און  ב ו י ר ק  אין שאָטלאַנד (1797—1728), דער ערשטער — מיט זיין פילאָסאָפיע פון מאָראַל און דער לעצטער — מיט זיין פּסיכאָלאָגישער עסטעטיק — האָבען זעהר פיל בייגעטראָגען צו אונזערע קענטעניסען וועגען די געהעריגע פּסיכישע פּראָצעסען און האָבען געהאַט אַ שטאַרקען איינפלוס אויף די דייטשע פילאָסאָפען און פּאָעטען. צווישען די פראַנצויזישע שרייבער וועגען עסטעטיק אין 17־טען און 18־טען יאָרהונדערט איז  ד י ו ב אָ  געוועזען דעריעניגער, וואָס האָט אין זיינע „רעפלעקסיאָן קריטיק“ (קריטישע באַטראַכטונגען, 1791) געמאַכט ווערטפולע באַמערקונגען, וואָס זיינען ערשט לעצטענס ווי געהעריג אָפּגעשאַצט געוואָרען. ד י ו ב אָ  גלויבט, אַז דער פאַרגעניגען פון דעם עסטעטישען גענוס נעמט זיך פון דעם, וואָס ער גיט דעם געדאַנק אַן אַנגענעמע איבונג. שפּעטער, ווען מיר וועלען איבערגעבען אונזערע אייגענע השערות וועגען דעם עסטעטישען גענוס וועלען מיר זיך נאָך אומקערען צו דער דאָזיגער זעהר וויכטיגער באַמערקונג.

שפּעטער אַ ביסעל, נאָכדעם ווי  ו ו י נ ק ע ל מ אַ ן  האָט פאַרזוכט צו אַנטדעקען דעם אידעאַל פון שיינקייט אין דער פאַרצייטיגער קונסט, ל ע ס י נ ג  האָט פּרובירט צו אונטערשיידען די ספּעציפישע אויפגאַבע פון דער פּאָעזיע פון די אויפגאַבען וואָס די מאָלעריי און סקולפּטור האָבען פאַר זיך און  ה ע ר ד ע ר  האָט באַהויפּטעט, אַז ער האָט אויסגעפונען דעם אמת׳ען מקור פון דער פּאָעזיע אין דער טיפעניש פון דעם פאָלקס־געפיל. — האָט  ק אַ נ ט  זיך ענדליך

אונטערגענומען אין זיין „קריטיק פון אורטייל“ צו שאפען א וויסענשאפטליכען יסוד פאר דער עסטעטיק.

דער גליקליכער איינפאל, וואס האט געבראכט קאנט'ן דערצו, אז ער זאל בעסער אונטערזוכען דעם געשמאק־אורטייל איידער דעם באגריף וועגען שיינקייט, און זיין גאנץ ריכטיגע און זעהר וויכטיגע באהויפטונג, אז דער פארגעניגען וואס מיר באקומען פון שיינקייט ווערט ניט באגלייט דורך קיין שום פניות און חשבונות באשטימט נאך ביז איצט דעם אינהאלט און דעם וועג פון דער פילאסאפישער עסטעטיק.

קאנט'ס עסטעטיק איז גרינדליך אויסגעארבייט געווארען פון שילער'ן. שילער'ס באליבטע טעאריע איז געווען, אז בלויז דער מענש איז פעהיג אפצושאצען די שיינקייט, און אז זי איז דער קוואל פון וויסען און פון מאראל און בכלל פון דער מאדערנער קולטור. דער דאזיגער געדאנק איז שוין אויסגעדריקט געווארען אין דער פאעמע „די קינסטלער“, וואס שילער האט אנגעשריבען נאך איידער ער איז באקאנט געווארען מיט קאנט'ס ווערק. אבער דער געדאנק איז פונדעסטוועגען אן אומבאגרינדעטער און מוז אפגעווארפען ווערען, ווען מיר נעמען אין אכט די פאקטען פון דער עוואלוציע. פונדעסטוועגען איז דער פאקט, אז קונסט שטאמט פון דעם שפיל־אינסטינקט, — ווי עס ווערט אנגעוויזען אין זיינע בריף „וועגען דער עסטעטישער דערציהונג פון דעם מענשען“ — איינער פון די וויכטיגסטע און פרוכטבארסטע געדאנקען אין דער מאדערנער עסטעטיק. ערשט גאר די לעצטע צייט האט מען אנגעהויבען ווי געהעריג אפצושאצען די באדייטונג פון אט דער טעאריע און טיפער אריינטראכטען זיך אין אט דעם פונדאמענטאלען געדאנק פון שילער'ן.

העגעל, שעלינג און שאפענהויער האבען זיך זעהר פיל פארנומען מיט דער פראגע וועגען עסטעטיק פון שטאנדפונקט פון דער מעטאפיזיק פון שיינקייט און קונסט. העגעל באטראכט די קונסט אלס די נידעריגסטע מדרגה פון דער אביעקטיווירונג פון דעם אבסאליוטען געדאנק; די העכערע מדרגות זיינען די רעליגיע און די פילאסאפיע. לויט זיין מיינונג שטעלען מיט זיך פאר די דאזיגע דריי מדרגות א וואקסענדיגען סדר פון נאכפאלגערשאפט און פונאנדערגלידערונג, פארצייטענס — די קונסט, רעליגיע אין מיטעלאלטער

# פילאָסאָפיע

און פילאָסאָפיע אין די מאָדערנע צייטען. העגעל באַטראַכט די שיינקייט, באַזונדערס די קינסטלערישע שיינקייט, אַלס די אויסשטראַלונג פון דער אידייע, וואָס איז פאַרקערפּערט אין דער מאַטעריע. די דאָזיגע סברה איז שפּעטער נאָך גענויער אויסגעאַרבייט געוואָרען אין פאַרשיידענע ריכטונגען. קאַררייער'ס און פר. ווישער'ס עסטעטישע אָפּהאַנדלונגען זיינען געשריבען געוואָרען אין דעם העגעלישען גייסט. ווישער'ס ווערק איז נאָך ביז איצט די פולסטע און אַלזייטיגסטע אָפּהאַנדלונג, וואָס מיר האָבען וועגען אָט דער פראַגע. שעלינג באַטראַכט די גאַנצע יצירה אַלס אַ קונסט־ווערק און לויט שאָפּענהויער'ס מיינונג איז די קונסט דער שפּיץ פון אַלע גייסטיגע דערגרייכונגען, ווייל זי איז דער אויסדרוק פון דעם ריינעם, ניט־אויסגעמישטען געדאַנק, וואָס פאַרבייט פולשטענדיג דעם בלינדען און אומבאַוואוסטזיניגען ווילען־צום־לעבען. שאָפּענהויער באַטראַכט די מוזיק אַלס די העכסטע פון אַלע קונסטען. דאָס איז די קונסט, וואָס גיט אונז די העכסטע אַנטפּלעקונגען וועגען די זאַכען, וואָס קאָנען באַנומען ווערען בלויז דורך דער קונסט.

להיפּוך צו דער טעאָריע, וואָס באַטראַכט דעם אידעאַלען אינהאַלט פון דעם וואָס ווערט פאַרגעשטעלט אַלס דעם קוואַל פון עסטעטישער באַפרידיגונג, דיינקט הערבאַרט אַז דער עצם פון שיינקייט ליגט בלויז אין געוויסע פאָרמען און שייכות'ן. דער דאָזיגער מין עסטעטיק, די וויסענשאַפט וועגען פאָרם, איז גענויער באַאַרבייט געוואָרען פון ראָבערט צימערמאַנ'ען, הערבאַרט'ס אַ תלמיד, וועלכען מיר האָבען צו פאַרדאַנקען אונזער ערשטע געשיכטע פון עסטעטיק.

די טעאָריעס, וואָס מיר האָבען ביז איצט באַטראַכט, האָבען זיך אַלע געהאַלטען אין דעם מעטאָד פון חקירה. אָבער ג. ט ה. פעכנער האָט אין זיינע „איינפיר־אונטערזוכונגען איבער עסטעטיק", וואָס זיינען אַרויס אין יאָר 1876, פאָרגעשלאָגען אַ גאַנץ נייעם מעטאָד ווי צו באַהאַנדלען די פראַגע. אַנשטאָט דעם אַלטען מעטאָד, וואָס פירט אַרויס זיינע באַהויפּטונגען פון די אַלגעמיינע פּרינציפּען, האָט ער פאָרגעשלאָגען צו פאָרמולירען די פּרינציפּען אויפ'ן גרונט פון די באָאַבאַכטעטע פאַקטען און אַזוי אַרום פעסטצושטעלען די געזעצען וועגען עסטעטישען פאַרגעניגען אויפ'ן גרונט פון דערפאַרונג און דורך ריין עקספּערימענטאַלישע מעטאָדען. פעכנער'ס ברייט־דורכ־

געפּירטע עקספּערימענטען און זיין דורכדרינגענדיגער פּסיכאָלאָגישער אַנאַליז האָבען געבראַכט צו פיל וויכטיגע אַנטדעקונגען און האָבען אַ חוץ דעם געגעבען אַ שטאַרקען אַנשטויס דעם גייסט פון גענויע אונ־טערזוכונגען. אַ זעהר וויכטיגע אַנטדעקונג איז דער חלוק, וואָס פ ע כ נ ע ר מאַכט צווישען די דירעקטע און שייכות'דיגע פאַקטאָרען פון דעם עסטעטישען אורטייל. געוויסע חוש־איינדרוקען, ווי למשל, געוויינליכע קאָליר־עפעקטען אָדער אַ געמיש פון קאָלירען, קלאַנגען אָדער טענער און באַשטימטע פאָרמען אָדער דערשיינונגען רופען אַרויס אַ דירעקטען אָדער עלעמענטאַרען פאַרגעניגען. פון דער אַנדער זייט מאַכען גרויסע מאָלערייען, שטיינבילדער און ספּעציעל פּאָעזיע אַן עסטעטישען איינדרוק בלויז אויף אַן אינדירעקטען אופן, ווייל זיי רופען אַרויס דורך דער אַסאָציאַציע געוויסע געפילען און פאָרשטע־לונגען.

די אונטערזוכונג וועגען די געזעצען פון קינסטלערישען שאַפען און פון עסטעטישען געשמאַק ווערט וואָס ווייטער אַלץ מער ענערגיש דורכגעפירט מיט דער הילף פון דעם עקספּערימענט און אַנאַליז אין גייסט פון פ ע כ נ ע ר ס מעטאָדען.

אַ ס ו ו אַ ל ד ק י ו ל פּ ע האָט אויף דעם פּסיכאָלאָגישען קאָנגרעס, וואָס איז פאָרגעקומען אין ווירצבורג (1905) געהאַלטען אַ גלענצענדען פאָרטראָג וועגען די רעזולטאַטען און פּראָבלעמען פון עקספּערימענטאַלער עסטעטיק. אין די לעצטע יאָרען האָט דער אַנאַליז פון דעם עסטעטישען געשמאַק געמאַכט גרויסע ערפאָלגען, ספּעציעל אַ דאַנק די אַרבייטען פון ט ע אָ ד אָ ר ל י פּ פּ ס, ק אָ נ ר אַ ד לאַנגע, יאָהאַנעס פאָלקעלט און הוגאָ שיפּער. מ אַ ק ס ד ע ס אָ י ר האָט געגרינדעט אַ זשורנאַל, וואָס איז גע־וואָרען דער צענטראַלער אָרגאַן פאַר עסטעטישע אונטערזוכונגען און אַנטהאַלט אין זיך אַ סך ווערטפולע ביישטייערען. צווישען די נייע שטאַנדפּונקטען ,וואָס זיינען באַזונדערס פרוכטבאַר איז ווערט צו פאַרצייכענען דעם באַגריף וועגען דער אַריינפילונג, *) וואָס ל י פּ פּ ס

*) אַריינפילונג (אין דייטש: „איינפיהלונג") — מיינט אַ פּראָצעס פון אינדיווידואַליזירען אַן אָביעקט און באַהערש ווערען פון איִם, ווען איך גיב צו מיינעם אַ זין די פּערזאָנען, וועגען וועלכע איך לייען און לעב זיך איינגאַנצען צונויף מיט זיי, אַזוי ווי זיי וואָלטען געווען לעבעדיגע מענשען, וואָס פילען פּונקט ווי איך.

האָט פאַרגעשלאָגן און וועגן דער באַוואוסטזיניגער „זעלבסט־איינרײדעניש". וואָס קאַרל לאַנגע האָט פאַרגעלעגט. ליפּס הויבט אָן מיט דער באַהויפּטונג, אַז יעדער עסטעטישער אָביעקט שטעלט פאָר אַ לעבעדיגע פּערזאָן און באַצייכענט דעם פּסיכישן צושטאַנד, וועלכן מיר פילן, ווען מיר לעבן זיך איין מיט דעם אָביעקט אַלס אַן „אַריינפילונג". די דאָזיגע אַריינפילונג געפינט ער אַפילו אין די באַגריפן וועגן פּשוט'ע געאָמעטרישע אָרנאַמענטן פונקט ווי אין דער באַטראַכטונג פון דער נאַטור. דעם דאָזיגן פּרינציפּ האָט ער שפּעטער אויף אַ זעהר אויסגעהאַלטענעם און פרוכטבאַרן אופן אָנגעווענדעט בנוגע צו אַלע מינים קונסט. קאָנראַד לאַנגע, פון דער אַנדער זייט, געפינט, אַז די הויפּט־כאַראַקטעריסטיק פון דעם עסטעטישן געשמאַק באַשטייט אין דעם, וואָס מיר לעבן איבער אַ באַוואוסטזיניגע זעלבסט־איינרײדעניש, ווען מיר באַטראַכטן אַ וועלכן עס איז קונסטווערק. מיר פאַרגעסן דערביי קיינמאָל ניט, אַז מיר האָבן פאַר זיך ניט דעם רעאַלן אָביעקט, נאָר בלויז אַ קאָפּיע. יעדער קונסטווערק פאַרמאָגט צוויי קעגנזעצליכע עלעמענטן. נעמליך, איינעם וואָס צווינגט אויף אונז אַרויף די איינרײדעניש און אַ צווייטן, וואָס פאַרריכט זי, — און דער עסטעטישער געשמאַק איז אַ מין וואַקלעניש צווישן דער שיינבאַרקייט און דער ווירקליכקייט. ביי אַט דער באַשטענדיגער וואַקלונג איז אוממעגליך צו מאַכן אַ קלאָרן חלוק צווישן דער ווירקליכער באַאָבאַכטונג און צווישן דער פּשוט'ער איינרײדעניש.

מיר ווילן איצט פּרובירן געבן אַ קצור פון די פאַרשיידענע ריכטונגען און אידעאַלן פון דער מאָדערנער עסטעטיק.

די חקרנ'ישע עסטעטיק איז נאָך מיט קיין זאַך ניט פאַרביטן געוואָרן אויף אַזאַ פולשטענדיגן אופן, ווי דאָס איז פאַרגעקומען מיט דער חקרנ'ישער פּסיכאָלאָגיע, — אָבער אויך אין אַט דער לערע ציט איצט צו דעם גרעסטן אינטערעס דער עקספּערימענטאַלער מעטאָד פון באַהאַנדלען די פראַגע. די עמפּירישע עסטעטיק טיילט זיך אויף צוויי אָפּטיילונגען: די נאָרמאַטיווע אָדער די טעכנישע און די באַשרייבענדיגע אָדער אַנאַליטישע.

די נאָרמאַטיווע עסטעטיק שטעלט פעסט די כללים פאַר'ן קינסטלער און די מאַסן פאַר'ן קריטיקער. די כללים פאַר דעם קינסטלער

האָבען ס'רוב אַ שייכות צו די טעכנישע זייטען פון זיין קונסט און זיינען דעריבער באַקאַנט אונטער'ן נאָמען „די טעכניק". זיי זיינען פאַרשיידען לויט זייערע פאָרמען און באַדייטונגען אין די פאַרשיידענע פאָרמען פון קונסט.

דער פּראַקטישער ערפאָלג אין די בוי־קונסטען, ווי אין ארכיטעקטור, מאַלעריי און סקולפּטור פאָדערט, אַז מען זאָל צו זיי פריער האָבען אַ גוטע טעכנישע און וויסענשאַפטליכע פאַרבערייטונג. מען מוז פריער באַהערשען די פּרינציפּען איידער מען גייט איבער צו דער קאָנסטרוקטיווער קונסט־אַרבייט. דאָס וואָס די טעכניק איז דערביי אַזוי שווער, ברייננגט דערצו, אַז מען נעמט אָפט אָן על־פּי טעות די טעכנישע פאָלקאָמענהייט פאַר אַן אַרטיסטישער דערגרייכונג. מען מוז דעריבער האָבען אין זינען, אַז כאָטש די טעכניק האָט אַ גרויסע באַדייטונג דאַרף זי פונדעסטוועגען צופיל ניט איבערגעשאַצט ווערען אין אַ קונסטווערק.

די טעכניק פון מוזיק איז אויך אַ זעהר שווערע און מוז פריער גוט שטודירט ווערען. אָבער אין דעם מין קונסט שפּילט שוין דאָס ספּעציעל־קינסטלערישע אַ פיל גרעסערע ראָליע און דער חלוק צווישען דער טעכנישער פינקטליכקייט און דער מוזיקאַלישער פאָלקאָמענקייט לאָזט זיך דעריבער בעסער באַמערקען.

אין דער פּאָעזיע, ענדליך, האָט שוין די טעכניק אַ גאַנץ אונטערטעניגע באַדייטונג. די שפּראַך, דער אינסטרומענט פון דער דאָזיגער קונסט ווערט באַנוצט פון אַלעמען גלייך. אמת, אין דער טעאַטער־קונסט איז נויטיג צו זיין באַקאַנט מיט די בינע־פאָדערונגען. אָבער אַ בלויזע גוטע טעכניק גיט נאָך ניט גאַראַנטיע פאַר דעם ערפאָלג פון אַ דראַמע, — כאָטש מען קאָן ניט לייקענען, אַז ס'איז מעגליך צוזאַמענצושטעלען אַ גוטע דראַמע אפילו ווען מען האָט ניט קיין סצעניש־קענטעניש.

מיר זעהען אַלזאָ, אַז די טעכנישע עסטעטיק האָט אַ קלענערע באַדייטונג אין דער פּאָעזיע און איז זעהר וויכטיג אין דער פּלאַסטישער קונסט און אין דער מוזיק. אָבער ווי גרויס עס זאָל ניט זיין איר פּראַקטישע באַדייטונג דרינגט זי אָבער קיינמאָל ניט אריין אין דעם צענטראַלען פּרינציפּ פון דער עסטעטישער פּראָבלעם. זי האָט גיכער צו טאָן מיט די אויסערליכע אויסדרוקען איידער מיט די באַוועגענדיגע פּרינציפּען פון דעם קינסטלערישען שאַפען.

# פילאָסאָפיע

די באַשרייבענדיגע אָדער אַנאַליטישע עסטעטיק, פון דער אַנדער זייט, פּרובט זיך צו דערגרונטעווען צו די פּרינציפּען אַזוי ווייט, ווי מעגליך. זי זוכט קודם כל צו אַנטפּלעקען די תנאים, וואָס באַגייסטערען דעם קינסטלערישען שאַפען און דאָן שטרעבט זי צו דערקלערען, ווי דאָס פאַרענדיגטע ווערק ווירקט אויף דער געזעלשאַפט. איר אונטערזוכונג־געביט נעמט אַריין דעם גייסט פון דעם אַרטיסט, דעם צושטאַנד פון דער קולטור און דעם ספּעציעלען געשמאַק פון דער עפּאָכע. די עסטעטיק האָט אויף אַזאַ אופן פיל צו טאָן מיט פּסיכאָלאָגיע און געשיכטע. פּאַקטיש געפינען מיר אפילו, אַז אַ קאָמבינאַציע פון פּסיכאָלאָגישע און היסטאָרישע מעטאָדען זיינען דער בעסטער מיטעל צו פאַרשטיין אויף אַ באַפרידיגענדיגען אופן יעדער מין קונסטווערק.

אויסער די דאָזיגע אונטערשיידען, וואָס זיינען באַגרינדעט אויף די מעטאָדען און צילען פון עסטעטיק ווייזען זיך צווישען די מאָדערנע שרייבער נטיות איינצופירען עסטעטישע פונאַנדערטיילונגען אין הסכם מיט די טעאָריעס פון אַ באַשטימטען קונסט־געביט. מיר מיינען דאָ דעם אידעאַליזם און זיין היפוך, דעם רעאַליזם און נאַטוראַליזם.

פון שטאַנדפּונקט פון עסטעטישען אידעאַליזם איז דער ציל און צוועק פון יעדען מין קונסט אויפצוהויבען די מענשהייט אין אַ העכערער ספערע פון אַ „ריינערער ווירקליכקייט“ און צו אַנטפּלעקען דעם טיפערען עצם פון דעם מענשענס נאַטור, דורך דעם מאָלען פון זאַכען, וואָס דרינגען דורך די מענשליכע דערפאַרונג, — דער צוועק איז דערביי צו דערהויבען אונז, נאָבעלער צו מאַכען אונזער נשמה און אין דערזעלביגער צייט צו דערמאָנען אונז וועגען אונזערע פּשוט'ע פליכטען צום לעבען. די דאָזיגע טעאָריע פאַרלאַנגט דעריבער, אַז פון דער קונסט־אַרבייט זאָל באַזייטיגט ווערען אַלץ וואָס איז אומריין, וואולגאַר אָדער אפילו צו געוויינליך.

דער נאַטוראַליזם, פאַרקערט, האַלט, אַז די קונסט דאַרף אונז ווייזען די וועלט ווי זי איז, און אַז די אויפגאַבע פון דעם קינסטלער איז צו גיבען די פּינקטליכסטע און נאַטור־געטרייסטע פאַרשטעלונג וועגען איר. כאָטש עס זיינען דאָ אַ סך מאוס'ע און אפילו עקעלהאַפטע זאַכען איז שוין אָבער די טבע פון קונסט אַזאַ, אַז דער קינסטלער קאָן דערגרייכען די טיפסטע און ווירקענדיגסטע רעזולטאַטען גראַד דורך דעם פאַרשטעלען פון אָט די זאַכען. דער נאַטוראַליזם האָט ניט נאָר

באשאפען זעהר באדייטענדיגע קונסטווערק. נאר עס איז אויך טעאַרעטיש זעהר ענערגיש און ערפאלגרייך פארטיידיגט געווארען.

אין די לעצטע יארען האבען זיך באוויזען איינינגע נייע טענדענצען, וועלכע שטרעבען צו א מין סינטעז צווישען נאטוראליזם און אידעאַליזם. אבער די דאזיגע פארזוכען זיינען נאך ניט פון אלעמען אנערקענט געווארען.

דער *סימבאליזם* אין פאעזיע און מאלעריי שטרעבט צו דעם, אז ער זאל געבען פיל מער, ווי א געטריי בילד פון דער אויסערליכער וועלט. ער פרובט זיך אריינפירען אן עלעמענט פון געהיימניספולקייט אין זיינע פארמען און ווערטער, וואס זאל פארשטענדליך זיין בלויז אין דעם קרייז פון די מבינים. דער *אימפרעסיאניזם* וויל אויפשטעלען אויפ'ן פולסטען און גענויסטען אופן די מאמענט־איינדרוקען פון דעם קינסטלער, כאטש דאס ברייגנט אפט צו א מישמאַש און אומקלארקייט. מען קאן בכלל זאגען, אז אין דער מאדערנער קונסט פילט זיך א מין *נעאָ־ראמאנטיזם*, וואס שטרעבט צו פארמירען און פארטיפען דאס לעבען מיט דער הילף פון קינסטלערישע מיטלען.

אונז שיינט, אז עס איז אוממעגליך צו באשטימען אויף א גענויען וויסענשאפטליכען אופן דעם ווערט פון די געהעריגע קונסט־טענדענצען איידער מיר וועלען ניט אוועקשטעלען די עסטעטיק אויף א גענעטישען און ביאלאגישען יסוד און וועלען אויף אזא אופן פארזוכען אויסצוטייטשען די שיינקייט אין קונסט לויט זייער געהעריגער אפשטאמונג און לויט זייער באדייטונג פאר דער דערהאלטונג פון לעבען.

מיר וועלען דא איצט פרובען אנצייכענען אזא מין סיסטעם פון עסטעטיק.

## 37. *גענעטישע און ביאלאגישע עסטעטיק.*

מיר האבען שוין געזעהן ביי *קאנט'ן*, אז דער עסטעטישער אורטייל באשטייט ניט אין באקומען אן „אידייע וועגען דעם אביעקט דורך אן אקט פון פארשטיין“, נאר ער ליגט „אין דעם סוביעקט און אין זיין געפיל פון פארגעניגען אדער פיין“. דער געשמאק־אורטייל איז, לויט זיין מיינונג, ניט קיין עמפפינדונג־אורטייל. ער באשרייבט ניט קיין שום איכות פון דעם אביעקט, נאר דער סוביעקט גופא פילט

## וויליאַם יערוזאַלעם

דורך אים זיין אייגענעם אַפּרוף אויף דער פאָרשטעלונג. דער פאָר־געניגען, וואָס מען באַקומט פון באַטראַכטען אַ שיינע זאַך דאַרף אָבער, לויט קאַנט׳ס מיינונג, אונטערגעשיידט ווערען פון דער צופרי־דענקייט, וואָס מיר פילען פון אַן אַנגענעמער זאַך אָדער פון דעם נחת, וואָס אַ גוטער אַקט פאַרשאַפט אונז. דאָס אַנגענעמע, פּונקט ווי דאָס מאָראַלישׁ גוטע ווערט באַווירקט דורך אונזער פעהיגקייט צו פאַרלאַנגען עפּעס, בעת די פאַרגעניגען פון שיינקייט איז אַ „ניט־פאַראינטערע־סירטע" באַפרידיגונג אָדער אַ ריינער פילען, אַזוי צו זאָגען. קאַנט׳ס אונטערזוכונגען האָבען איבערגעבויט און סוביעקטיוויזירט אונזער עסטעטיק. עס שיינט, אַז ער האָט ענדגילטיג דערוויזען, אַז די צענ־טראַלע פּראָבלעם פון עסטעטיק מוז אויף שטענדיג פאַרבלייבען אין דעם פאַרזוך אַריינצודרינגען אַזוי ווייט ווי מעגליך אין דעם עצם פון דעם עסטעטישען גענוס.

שילער׳ס אַנצוהערעניש אויף דער אַנאַלאָגיע מיט׳ן שפּיל אין דער דערקלערונג פון דעם עצם פון עסטעטישען גענוס איז, ווי שוין פריער אָנגעוויזען, געווען אַ וויכטיגער שריט פאָרויס. לויט שילער׳ס מיינונג איז דער שפּיל אַן אויסערונג פון דער איבעריגער ענערגיע, דאָס הייסט פון דער ענערגיע, וואָס ווערט ניט פאַרשלונגען אין קאַמף פאַר די בלויזע לעבענס־באַדערפענישען. הערבערט ספּענסער דערקלערט דעם שפּיל אויף דעמזעלביגען אופן, בעת לאַזאַרוס, וועלכער האָט מער אין זינען די ספּאָרט־שפּילערייען פון די דערוואַקסענע, דערקלערט דעם שפּיל אַלס אַן ענטפער אויף אונזער באַדערפעניש אין אַ מין צעשטרייאונג. פון דער אַנדער זייט קומט קאַרל גרוז, וועלכער האָט ספּעציעל געשטודירט די שפּילערייען פון קינדער און פון חיות, און האַלט אַז דער שפּיל איז אַ מין פאָר־באַרייטונג צו די שפּעטערדיגע ערנסטע לעבענס־פליכטען.

ווען מיר דערמאָנען זיך, אַז אין שפּיל קומט דער פאַרגעניגען פון דער אַקטיווקייט גופא און ניט פון אַ וועלכע עס איז ספּעציעלע צוועקען וואָס מיר דאַרפען דערגרייכען דורך אַט דער אַקטיווקייט, באַקומען מיר די מעגליכקייט צו ברייגען די דאָזיגע דערקלערונגען פון שפּיל אין אַן אַלגעמיינעם הסכם און אַנצוואַווענדען זיי צו דער דערקלערונג פון עסטע־טיק. יעדעס מאָל ווען מיר פאַרנעמען זיך מיט עפּעס אַן ערנסטען ענין, גיבען מיר זיך אָפּ אַ גענויעם דין וחשבון וועגען דעם צוועק וואָס מיר ווילען דערגרייכען און וועגען דער עובדה, פאַר וועלכער מיר

שטייען. דער געדאַנק וועגען דעם דאָזיגען צוועק סטימולירט אונזער טעטיגקייט. דער צוועק, וועלכען מיר האָבען כסדר אין זינען, גיט דעם אָנשטויס אַ דאַנק וועלכען מיר באַזיגען די שוועריגקייטען און טראָגען איבער די אומבאַקוועמליכקייטען, וואָס באַגלייטען געוויינליך יעדע אונטערנעמונג. אַנדערש איז עס אָבער מיט'ן שפּיל. דאָ נעמט זיך דער פאַרגעניגען פון דעם בלויזען פאַקט, וואָס אונזערע פעהיגקייטען און קרעפטען זיינען אויף אַן אָנגענעמען אופן פאַרנומען. דער פאַר־געניגען פון שפּיל, וואָס קומט פון דעם אויסאיבען פון דער פיזישער און פּסיכישער ענערגיע, איז בלויז אַ ספּעציעלער פאַל אין דעם אַלגע־מיינעם ביאָלאָגיש־פיזישען געזעץ, וועלכען מען האָט ביז איצט גע־שיינקט צו ווייניג אויפמערקזאַמקייט.

אין אַ געוויסען זינען האָבען אַלע אָרגאַנען און פונקציעס, וואָס האָבען זיך אין פּראָצעס פון עוואָלוציע אַנטוויקעלט אין דעם מענשענס פּסיכאָ־פיזישען אָרגאַניזם, אַ נאַטירליכע טענדענץ צו אַקטיוויקייט. אָביעקטיוו באַטראַכט איז די דאָזיגע אַקטיוויקייט אַ נויטווענדיגקייט אָדער אַ תּנאי פון דעם מענשליכען אָרגאַניזם גופא. ס'איז אַ נויט־ווענדיגקייט שוין פּשוט דערפאַר, ווייל אָרגאַנען און פונקציעס, וואָס האָבען ניט די מעגליכקייט צו זיין אַקטיוו, זיינען אין געפאַר אַטראָ־פירט צו ווערען. גלידער, וואָס ווערען אַ לאַנגע צייט ניט באַנוצט, דאַרפען איין און אויב זייער אומטעטיגקייט פאַרציט זיך אויף לייננער קאָנען זיי ווערען נוצלאָז אויף שטענדיג. קינדער, וואָס ווערען טויב אויפ'ן פּערטען אָדער פינפטען יאָר, פאַרלירען אַלס כּלל אויך זייער שפּראַך־פעהיגקייט, ווייל די דאָזיגע פונקציע ווערט מער ניט סטימו־לירט דורך דער געהערטער שפּראַך פון די אַרומיגע. די דאָזיגע נויט־ווענדיגקייט צו באַנוצען זיך מיט די פאַרשיידענע פונקציעס, שפּיגעלט זיך אָפּ אויך אין דעם באַוואוסטזיין, פּונקט ווי אַלע אַנדערע נויט־ווענדיגקייטען פון דעם אָרגאַניזם. פון דעם שטאַמט אַ גאַנצע רייע פון סוביעקטיוו דורכגעלעבטע שטרעבונגען, וועלכע מיר וועלען רופען „פונקציאָנעלע פאַדערונגען". פּאַקטיש קאָן מען עס זאָגען וועגען יעדער פונקציע, אַז אַ דויערנדיגע אונטערדריקונג אירע איז פאַרבונדען מיט אַ פּיין, און אַן ענערגישע אָנווענדונג אירע רופט אַרויס אַ באַפרידיגונג. דער פאַרגעניגען, וואָס מיר באַקומען פון שפּילען, איז אַלזאָ ניט מער ווי אַ צופרידענקייט, וואָס קומט פון דער באַפרידיגונג פון די פונקציאָנעלע פאַדערונגען.

# פילאָסאָפיע

דאַסזעלביגע איז אויך ריכטיג בנוגע צו דער עסטעטישער באַפרידיגונג. מיר באַטראַכטען דעריבער די עסטעטישע באַפרידיגונג אַלס א מין פונקציאָנעלען צופרידענשטעלען, דאָס הייסט אַלס א פאַרגעניגען וואָס קומט פון דעם אויסאיבען פון די פאַרשיידענע פסיכישע פונקציעס. (דאָס איז אויך די מיינונג פון דעם פראַנצויזישען דיינקער, דיובאַ). זי נעמט זיך דערפון, וואָס די עסטעטישע באַפרידיגונג איז זעהר נאָהענט פאַרוואַנדעט מיט דעם פּאַרלאַנג צו שפּילען. די דאָזיגע נאַטירליכע קרובה'שאַפט מוז אָבער ניט באַטראַכט ווערען אַלס אן אידענטישקייט, דאָס הייסט אז עסטעטישע באַפרידיגונג איז *ניט* דאַסזעלביגע וואָס א שפּיל. די פונקציאָנעלע באַפרידיגונג, וואָס מיר פילען פון א שפּיל, איז טאַקע ענליך צו דעם עסטעטישען פאַרגעניגען, אָבער ס'איז פאָרט ניט דיזעלביגע זאַך. די עסטעטישע באַפרידיגונג איז אין אירע העכערע פאָרמען פאַרבונדען מיט א סאָרט פסיכישע פונקציעס, וואָס ווערען קיינמאָל ניט פיל־וויניגער אַקטיוו בעת'ן שפּיל.

א כאַראַקטעריסטישער סמן פון דער עסטעטישער פונקציאָנעלער באַפרידיגונג איז דאָס, וואָס זי ווערט אַרויסגערופען דורך דעם באַטראַכטען פון אָביעקטען און פראָצעסען. מיט דעם וואָרט „באַטראַכטען" מיינען מיר אין דעם פאַל ניט פשוט דעם פראָצעס פון אויפמערקזאַמען קוקען און הערען, וואָס מיר מאַכען דורך באַזוכענדיג בילדער־גאַלעריעס, קאָנצערטען אָדער טעאַטער־פאָרשטעלונגען, נאָר אויך די ספּעציעלע פסיכישע צושטאַנדען, וואָס באַגלייטען דעם לייענען פון פּאָעזיע. *די עסטעטישע באַפרידיגונג איז אַלזא א ספּעציעלער מין פון פונקציאָנעלער צופרידענקייט, וואָס ווערט אַרויסגעבראַכט דורך דעם באַטראַכטען.* אפילו די חוש־איינדרוקען, ספּעציעל די חושים פון הערען און זעהן און אַמאָל אויך דער באַרירונג־חוש ווערען אָפט באַגלייט דורך עלעמענטאַרע עסטעטישע געפילען. מיר באַמערקען, אַז פשוט'ע קאָלירען און נאָך אין א גרעסערער מאָס קאָליר־קאָמבינאַציעס און דער שפּיל פון ליכט און שאָטען, ווי מיר זעהען עס אויפ'ן ביישפּיל פון דעם רעגענבויגען און פון דעם באַשטערנטען הימעל גיבען אונז א גרויסע מאָס פון עסטעטישער באַפרידיגונג. דער עסטעטישער גענוס, וואָס מיר באַקומען פון געאָמעטרישע אָרנאַמענטען און פון אַנדערע פאָרמען, איז נאָך רייכער און פאַרשיידענאַרטיגער. דאָס באַנוצען זיך מיט דער ראיה פאַרשאַפט

אין אַזעלכע פֿעלן אַ באַזונדערען פֿאַרגעניגען. פונדעסטוועגען זוכען מיר דעם מקור פֿון באַפֿרידיגונג ניט אין אונז אַליין, נאָר אין דעם אָביעקט, וואָס גיט אונז די געלעגענהייט פֿאַר אַ פֿאַרגעניגען־איבערלע־בונג, און מיר זאָגען, אַז אַזאַ מין אָביעקט איז ש י י ן. אָבער דער מקור פֿון אַזאַ מין עסטעטישען אורטייל, — אויף וויפֿיל, פֿאַרשטייט זיך, ער ווערט געמאַכט אומאָפּהייגגיג פֿון פֿרעמדע מיינונגען, — איז שטענדיג ניט מער ווי די פֿונקציאָנעלע באַפֿרידיגונג, וואָס מען לעבט אין דער ווירקליכקייט דורך. די אויסערליכע אייגענשאַפֿטען פֿון דעם אָביעקט זיינען אָהן שום אויסנאַמען בלויז די פֿאַרמיטלערישע סבה פֿון דעם עסטעטישען אורטייל. דאָס זעהט מען באַזונדערס קלאָר אין פֿאַל מיט דער אָפּגעטעמפּטער עמפּפֿינדליכקייט. אַ זאַך, וואָס האָט אונז אויסגעזעהן צו זיין שיין, ווען מיר האָבען זי געזעהן איין מאָל אָדער צוויי מאָל ווערט שוין מער ניט באַמערקט, ווען זי געפֿינט זיך שטענדיג פֿאַר אונזערע אויגען. דער אָביעקט האָט זיך ניט געענדערט, אָבער אונזער פֿונקציאָנעלע באַפֿרידיגונג איז געוואָרען ווייניגער פֿיל־באַר. צווישען די געהער־איינדרוקען געפֿינען מיר אויס, אַז איינפֿאַכע טענער און נאָכמער ריטמיש איינגעאָרדענטע רייען פֿון טענער און קלאַנגען רופֿען אַרויס עלעמענטאַרע עסטעטישע ווירקונגען. פֿון דער אַנדער זייט קומט דער פֿאַרגעניגען, וואָס מיר האָבען פֿון אַ מעלאָדיע אָדער מוזיקאַלישער סימפֿאָניע דורך דער באַפֿרידיגונג פֿון די העכערע און מער קאָמפּליצירטע פֿונקציאָנעלע פֿאָדערונגען. ריטמישע טאָן־רייען רופֿען ביי אונז אַרויס ריטמישע באַוועגונגען. אין אַזעלכע פֿאַלען איז קלאָר, אַז דער עסטעטישער פֿאַרגעניגען ווערט אַרויסגע־רופֿען דורך דער פֿונקציאָנעלער באַפֿרידיגונג. דאָס ווערט קלאָר אויך אין דעם פֿאַל פֿון באַרירונג־איינדרוקען, ווי עס איז לעצטענס באַמערקט געוואָרען ביי טויב־בלינדע. אין זייער פֿאַל ווערט דער פֿאַרגעניגען פֿאַרשאַפֿט דורך דער באַרירונג פֿון אַזעלכע אָביעקטען, וואָס ברייגגען ביי זיי אַרויס אַנגענעמע און ריטמיש אָראַנזשירטע באַרירונג־באַווע־גונגען.

די עלעמענטאַרישע עסטעטישע געפֿילען ווייזען זיך, אַלזאָ, ווען אונזערע עמפּפֿינדונגען באַפֿרידיגען די פֿונקציאָנעלע פֿאָדערונג פֿון אונזערע חושים אויף אַן אַנגענעמען אופֿן און מיט אַ גענוגענדיגער שטאַרקייט.

די עסטעטישע באַפֿרידיגונג ווערט אָבער אומפֿאַרגלייכליך פֿיל־

זייטיגער און רייכער, ווען די אביעקטען, וואָס ווירקען אויף אונז, באַאיינפלוסען אויף אַן אנגענעמען אופן ניט נאָר אונזערע חושים, נאָר אויך אונזערע פאַרשטעלונגען און געדאנקען. די מאָס און דער דויער פון פאַרגעניגען, וואָס מיר באקומען פון א בילד אָדער סקולפּטור איז אויף אַזוי פיל גרעסער אויף וויפיל מיר קאָנען זיי בעסער פאַרשטיין און אויסטייטשען זייערע פאָרמען. וואָס טיפער עס איז די ווירקונג פון א קונסטווערק אויף אונזער זכרון און פאַנטאַזיע אַלץ מער שפּייז גיט עס פאַר'ן געדאַנק, אַלץ טיפער און רייכער איז די עסטעטישע באַפרידיגונג און אַלץ ווייניגער גלייכגילטיג קאָנען מיר צו דעם פאַרבלייבען. די דאָזיגע עסטעטישע באַפרידיגונג פון דער פונקציאָנעלער פאָדערונג פון אונזער גייסט לעבען מיר דורך אויף'ן קלאָרסטען אופן אין דער פּאָעטישער קונסט. די ווערטער פון דעם פּאָעט האָבען אַלס בלויזע חוש־עמפּפינדונגען קיין שום באַדייטונג ניט, אבער זיי ווירקען אויף אונז דורך דער מאכט פון די פאַרשטעלונגען, געדאַנקען און געפילען וואָס זיי רופען ביי אונז אַרויס. די לעבעדיגקייט פון א פּאָעמע ווערט באַגריפען ניט דורך אונזערע חושים, נאָר דורך דער פאַנטאַזיע. דער דייטשער פּאָעט גריל פּאַרצער האָט זעהר געלונגען באַמערקט, אַז אין דער פּאָעזיע קומט די אביעקטיווקייט ניט פון דרויסען, נור פון אינווייניג. ווען אונז געלינגט גרינג אריינצודרינגען אין דעם פּאָעט'ס געדאַנק, פאַרשטיין זיין מיין און אַנצינדען אונזער דמיון דורך זיין פאַנטאַזיע, איז שוין דאָס אַליין גענוג צו פאַרשאַפען אונז א הויכען גראַד פון עסטעטישער באַפרידיגונג.

שילער'ס פילאָסאָפישע ליריק און די שווערע ערטער אין געטהע'ס „פאַוסט" הויבען אָן ווירקען עסטעטיש ערשט נאָכדעם ווי מיר האָבען ריכטיג געכאַפּט דעם פּאָעטס געדאַנק, אריבערטראַכטענדיג אים אין אונזער דמיון און מאַכענדיג פון אים וויטערדיגע אויספירען. אַזוי לאַנג ווי דאָס איז נאָך ניט דערגרייכט געוואָרען איז די פונקציאָנעלע פאָדערונג פון אונזער אינטעלעקט אונטערדריקט און קיין שום עסטעטישער רעזולטאַט קאָן דעריבער ניט דערגרייכט ווערען. אַן ענליכע שווערינקייט פילען מיר אָפט ביים באַטראַכטען די בילדער פון די מאָדערנע קינסטלער, וואו דער ווירוואַר פון קאָלירען און פאָרמען שטערט אָפט אויפצוכאַפּען דעם אַלגעמיינעם פּלאַן און דעם זינען פון דעם גאַנצען ווערק. אַזעלכע קונסטווערק באַפרידיגען אָפט זעהר שטאַרק די פונקציאָנעלע פאָדערונגען פון אונזערע חושים, אבער די

אונטערדריקונג פון דעם פונקציע־פארגעניגען פון דעם גייסט שטערט זיי צו באקומען א דויערענדיגען עסטעטישען איינפלוס.

פון דער אנדער זייט איז דער אנבליק פון גרויסע פאבריקען, מאשינעס, קונציגע דערפינדונגען און פון אנדערע אויסערונגען פון טעכנישער געשיקטקייט מסוגל ארויסצורופען ביי אונז א הויכען גראד פון עסטעטישער באפרידיגונג. ד ז ש א ז ע ף פ א פ פ ע ר האט עס מערקווירדיג קלאר דערוויזען. די וואונדערליכע דערגרייכונגען פון מאטעמאטיק קאנען אויך ארויסרופען אן עסטעטישע באפרידיגונג, ווי ס א פ י ע ז ש ע ר מ ע ן, די פראנצויזישע מאטעמאטיקערין האט עס אזוי פיין באשריבען. אין דיביידע פאלען קומט דער עסטעטישער פועל יוצא בלויז אלס רעזולטאט פון דעם פונקציע־פארגעניגען פון דעם אינטעלעקט. דער דאזיגער פונקציאנעלער פארגעניגען בילדעט דעם אינהאלט פון זיינע פסיכישע איבערלעבונגען, וועלכע מיר באצייכענען אין געוויינליכען לעבען מיט'ן נאמען „טעארעטישער אינטערעס". אלץ וואס באשעפטיגט אויף אן אנגענעמען אופן אונזער אינטעלעקט אינטערעסירט אונז, דאס הייסט, מיר געפינען אוים, אז עס איז אינטערעסאנט.

אבער אין די לעצטע יארען הערען מיר גראד ווי דאס ווארט „אינטערעסאנט" ווערט זעהר אפט באנוצט ביים ארויסגעבען עסטעטישע אורטיילען. מיר זיינען איינגענטליך אפילו פון שטענדיג אן געווינט געווארען צו מאכען א חלוק צווישען „שיין" און „אינטערעסאנט". דער באגריף וועגען דעם עסטעטישען אינהאלט איז ברייטער געווארען. ער נעמט שוין איצט ארום ניט בלויז דאס שיינע אין דעם איינגערען זינען פון ווארט, — ער שליסט איין דאס אינטערעסאנט אויך, דאס הייסט אלץ וואס פארשאפט אונזער גייסט א פונקציע־פארגעניגען.

דער פונקציע־פארגעניגען פון די חושים און פון דעם שכל, וואס מיר האבען ביז איצט באטראכט האט אונז דערווייל באקאנט מיט די גאר ערשטע סמנים פון עסטעטישער באפרידיגונג, מיט דעם בלויזען צוגאנג צו דער פראבלעם, אזוי צו זאגען. אויב מיר ווילען אויסגעפינען דעם אמת'ען סוד פון דער התעוררות, וואס די שיינקייט אין קונסט און אין דער נאטור רופט ארויס, מוזען מיר זיך דערמאנען אז די עמאציע (געפיל־איבערלעבונג) איז אויך א פונדאמענטאלע פונק־

ציע פון דעם באוואוסטזיין, וואס חלש'ט פשוט אויסצודריקען זיך אין
עפּעס. אונזער אָרגאַניזם נויטיגט זיך באמת אין אַן עמאָציאָנעלער
אויפרייצונג און די באפרידיגונג פון אָט דער נויטבאדערפעניש פאר־
שאַפט אָפט דעם טיפסטען פארגעניגען. אָט די דאָזיגע נויטבאדערפע־
ניש וועלען מיר באצייכענען אלס די פונקציאָנעלע פאָ־
דערונג פון עמאָציע. דער פויער, וואָס שלעפּט זיך פאר־
מאטערטערהייט נאָך זיין אקעראייזען די גאנצע וואָך קאָן זיך שוין
ניט דערווארטען אויף דער רגע, ווען ער וועט קאָנען פארברייננגען מיט
זיינע חברים אין דעם פרייען טאָג. דאָס פארשנעלערט ביי אים די
צירקולאציע פון בלוט און ער פילט, אז די אויפרעגונג, וואָס דער גע־
דאנק וועגען דער קומענדיגער באַפרידיגונג האָט ביי אים ארויסגערופען,
איז פאר אים אנגענעם און נוצליך. אלעמען איז באַקאַנט די פאָדע־
רונג פון דעם רוימישען המון צו זיינע הערשער: „ברויט און פאר־
ווײַלונגען!“: ברויט צו שטילען זייער הונגער, און פארוויילונגען —
כדי צו באַפרידיגען די פונקציאָנעלע פאָדערונג פון עמאציע. די טיפ־
זיניגע פאבעל וועגען יענעם, וואָס האָט געוואָלט מען זאָל אים אויס־
לערנען ווי צו ציטערן פאר שרעק ווייזט קלאָר, ווי ברייט אפילו די
פאָר־וויסענשאפטליכע פסיכאָלאָגיע האָט אנערקענט די פאקטישע עק־
זיסטענץ פון אָט דער פאָדערונג.

צוליב דעם צענטראלען כאראקטער פון יעדער עמאציע (ווייל יע־
דער געפיל ווערט געשאפען אין אונזער צענטראלער נערווען־סיסטעם)
דרינגט דער פונקציע־פאַרגעניגען פון דער עמאָציע פיל מער אריין אין
אונזער פסיכישען לעבען, ווי די פונקציע־באַפרידיגונג פון די חושים
און פון דעם אינטעלעקט. ווען מיר פילען אַן עמאציע, ווערט די אויפ־
רייצונג פיל מער פארשפּרייט (איבער דעם אָרגאַניזם), זי דרינגט אריין
טיפער און שאפט אָפט אַן אויפטרייסלונג, וואָס באַווירקט אמאָל אויף
שטענדיג דעם גאנצען אָרגאַניזם. אין אָט דער זייט פון אונזער בא־
וואוסטזיין געפינען מיר עס אָפט דעם קוואל פון די פסיכישע צו־
שטאַנדען, וואָס ווערען באצייכענט אלס ליידענשאַפטען און וואָס קאָ־
נען אַמאָל ווירקען צעשטערענדיג (אפילו אין דער פאָרם פון אַ משוגעת)
און אמאָל ווערען דער קוואל פון אמת'ער גרויסקייט (געניאַליטעט).

אַלץ, וואָס רופט ארויס א פונקציאָנעלע באַפרידיגונג פון די
חושים באנעמען מיר אלס אַן אנגענעמע זאַך; אלץ וואָס ווירקט אנ־

גענעם אויף אונזער פארשטאנד רעכענען מיר פאר אינטערעסאנט. אבער אין אונזער שפראך זיינען אויך דא אזעלכע טערמינען, ווי „אנציהענדיג„ אדער „שפאנענד“, וואס דריקען אויס די פראצעסען און אויפטוען, וואס ווערען באגלייט דורך דעם פונקציע־פארגעניגען פון עמאציע. א קארטען־שפיל, ביי וועלכער גרויסע סומען שטייען אין קאן, דאס ארויפקריכען אויף בערג, אז אויפרעגענדיגע יאגד א. א. וו. האבען א באזונדערע צוציהונג־קראפט פאר א סך מענשען. דאס נעמט זיך פון דער אויפרעגונג, וואס זיי רופען ארויס און פון דעם פונקציע־פארגעניגען פון דער עמאציע, וואס זיי ברייגנען מיט זיך.

דער דאזיגער פונקציע־פארגעניגען איז דעריבער דער קוואל פון דער רייכסטער און טיפסטער עסטעטישער באפרידיגונג. מיר וועלען זיך, קודם כל, פרואווען אילוסטרירען דאס מיט א משל פון ש י ל ע ר ׳ ס גוט באקאנטער פאעמע „דער טויכער“. די שפאנענדיגע געשיכטע רייצט אויף אונזער פאנטאזיע און שפייזט אונזער גדאנק. דער פונקציע־פארגעניגען פון דעם אינטעלעקט ווערט דערמיט פארשטארקט. שוין דערמיט אליין רופט די פאעמע ארויס אן עסטעטישע איבערלעבונג. אבער די טיפערע און שטארקערע ווירקונג הויבט זיך אן ערשט דעמאלט, ווען דער גורל פון דעם מוטיגען יונגענמאן דערוועקט אונזער סימפאטיע; ווען מיר לאזען זיך אראפ אינאיינעם מיט אים אין דעם ווירבעלשטראם, לעבען איבער אינאיינעם מיט אים די אלע שרעקען און טיילען זיין פרייד, ווען ער קומט ערפאלגרייך צוריק אויף דער אויבערפלאך. מיר הערען זיך צו מיט א וואקסענדיגען אינטערעס צו זיין דערציילונג וועגען די פארזעהעניש[ע]ן פון תהום, וועלכע[?] רען אויפגערעגט איבער דעם נידערטרעכטיגען שפיל פון דעם קיניג, וואס צווינגט אים נאכאמאל צו שפרינגען אין תהום אריין; אין אונזער הארצען וואקסט אויס א ווארעמע סימפאטיע צו דעם קיניגס טאכטער, וואס פארליבט זיך אין דעם יונג און אונזער גערירטקייט דערגרייכט דעם העכסטען גראד, ווען מיר לייענען די שלוס־שורה: „און די כוואליעס ברייגנען שוין דעם יונג ניט מער ארויס.“ דער שטורעם פון געפילען, צו וועלכע מיר גיבען זיך איבער אהן א שום ווידערשטאנד און אהן שום שייכות צו אונזער ווירקליכער סביבה; די איבערלעבונג פון אזעלכע ריין־מענשליכע עמאציעס, וואס קאנען קוים פארווירקליכט ווערען אין געוויינליכען לעבען, — זיי אלע קאמבינירען זיך צוזאמען, כדי ארויסצורופען א ברייטען קרייז פון א זעהר טי־

פען פונקציע־פאַרגעניגען, און אַט דער מין פון פונקציע־פאַרגעניגען פון דער עמאָציע ברענגט עס די אמת'ע עסטעטישע באַפרידיגונג.

דער גורל פון אַנטיגאָנע, האַמלעט, מאַקבעט, אָטעללאָ, קיניג ליר, מאַריע סטיוּאַרט, וואַלענשטיין, פאַוסט און גרעטכען און פון פאַרשיידענע אַנדערע טיפּען, וואָס זיינען אונז באַקאַנט פון דער וועלט־ליטעראַטור, זיינען נאָך אין אַ גרעסערער מאָס באַשטימט געוואָרען אַרויסצורופען שטאַרקע עמאָציעס. אין טעאַטער ווירקען די פונקציע־פאַרגעניגענס פון די חוש־איינדרוקען און פון דעם אינטעלעקט צוזאַמען מיט דער פונקציע־באַפרידיגונג פון די עמאָציעס, פאַרענדערענדיג און פאַרשטאַרקענדיג דעם גאַנצען איינדרוק, כאָטש זיי שטערען אַמאָל דערמיט זיין ווירקונג. אָבער דעם וויכטיגסטען עלעמענט געפינען מיר נאָך אַלעמען אין אונזער פּערזענליכער סימפּאַטיע צו די אַרויסגעבראַכטע טיפּען, אין דעם פונקציע־פאַרגעניגען, וואָס מיר באַקומען פון אַן אינטעליגענטער אָפּשאַצונג פון דעם אַקטיאָרס שפּילען.

מאָלעריי און סקולפּטור האָבען אויך די פעהיגקייט צו וועקען אין דעם צושויער דעם פונקציע־פאַרגעניגען פון עמאָציע, אויב אים געלינגט ריכטיג אָפּצושאַצען דעם געזיכט־אויסדרוק, די פּאָזיציעס פון קערפּער, די גרופּירונג פון די פיגורען און בכלל אַריינלעבען זיך אין דעם קינסטלערם ווערק. אַלץ וואָס מאַכט לייכטער צו פאַרשטיין דעם מיין פון אַ קונסט־ווערק פאַרשטאַרקט אַט דעם אַריינלעבען זיך, בעת שטאַרק קאָמפּליצירטע מאָטיוען, וואָס זיינען ווייט פון אונזערע אַלטעגליכע פאַרשטעלונגען זיינען געוויינליך ניט בכוח צו רעגען אויף אַן אַנגענעמען אופן אונזערע געפילען.

ס'איז אַן אַנגענומענער כלל, אַז פון אַלע אַרטען קונסט איז מוזיק אַממערסטען פעהיג צו ווירקען אויף אונזערע געפילען. דאָס נעמט זיך דערפון, וואָס אין דעם פאַל ווערען אונזערע געפילען דירעקט באַרירט דורך דעם חוש־איינדרוק פון די טענער אָהן דער נויטיגקייט, אַז דער שכל זאָל אונז אין דעם דאַרפען העלפען. דער אמת־מוזיקאַלישער עפעקט ווערט דעריבער אַמבעסטען און אַמשטאַרקסטען אַרויסגערופען דורך דער „אַבסאָליוטער" מוזיק, אָהן דער באַגלייטונג פון טעקסט. אָבער פּערזאָנען, וואָס האָבען אַ קלענערע נטיה צו מוזיק ווערען גיכער און טיפער באַרירט דורך לידער, וואָס זייערע ווערטער זיינען נאָהענטער און פאַרשטענדליכער. אין דער מאָדערנער מוזיקאַלישער דראַמע, פון ריכאַרד וואַגנער'ן למשל, ווערען גלייכצייטיג באַ־

ווירקט און גערעגט די אַלע דריי מינים פון פונקציע־פאַרגעניגען, פון די חושים, פון דעם שׂכל און פון די געפילען. די עסטעטישע באַפרידיגונג וואָס זיי גיבען איז דעריבער באַזונדערס שטאַרק און דויער־האַפטיג. אמת, עס פּאַסירט דערביי גאַנץ אָפט, אַז די בלויזע מוזיק האָט ניט קיין דירעקטע באַפרידיגענדיגע ווירקונג, אָדער אַז דער אָפט גאַנץ שווערער טעקסט ווערט ניט תיקף פאַרשטאַנען. דאָס שוואַכט אָפּ די חושים׳דיגע און אינטעלעקטועלע פונקציעס און שטערט דעריבער דער פונקציע־באַפרידיגונג פון די געפילען. אבער ווען מיר באַזיגען די דאָזיגע שוועריגקייט דורך אַן אָפטען באַזוכען פון די פאָרשטעל־לונגען, ווערט דער אַלגעמיינער איינדרוק אַלץ בולט׳ער און לאָזט זיך שווין אַזוי גיך ניט פאַרגעסען.

ס׳איז אַלזאָ קלאָר, אַז יעדער אַרט עסטעטישע באַפרידיגונג איז אַ מין פונקציע־פאַרגעניגען און איז אַלס אַזאַ ענג פאַרבונדען מיט דעם שפּיל. די ווירקונג פון דעם עסטעטישען פונקציע־פאַרגעניגען איז דע־ריבער גאַר אַן אַנדערע און אַ טיפערע, ווי די ווירקונג פון שפּיל. מיר האָבען, למשל, פאַר זיך אַ קונסטווערק, אַ וואָסער עס איז נאַטור־בילד, וואָס האָט אַרויסגערופען דעם עסטעטישען פונקציע־פאַרגעניגען. דער אָביעקט עקזיסטירט אין דער ווירקליכקייט, מיר דערפילען אים מיט אונזערע חושים, מיר אַנערקענען אים אַלס קוואַל פון אונזער פאַרגע־ניגען, מיר שרייבען אים צו אונזער געפיל פון פאַרגעניגען און התעררות. שפּעטער אַנטפּלעקען מיר, אויף׳ן גרונד פון דער פונדאַמענטאַלער אַפּערצעפּציע, אַז אונזער פאַרגעניגען איז די ווירקונג און דער פּאַטענ־ציעלער אויסדרוק פון דעם אָביעקט, וואָס געפינט זיך פאַר אונז. אויף אַזאַ אופן קומט אויס, אַז דער עסטעטישער אורטייל איז אַ צווייג פון דעם געפיל־פאַרגעניגען. כדי צו דערקלערען די דאָזיגע אורטיילען איז גאָר נישט נויטיג אַנצונעמען, אַז ס׳עקזיסטירט אַ ספּעציעלע פּסיכישע פעהיגקייט, אַ „פעהיגקייט צו מאַכען אַן עסטעטישען אורטייל“, ווי ק אַ נ ט האָט עס געטאָן. די פונדאַמענטאַלע אַפּערצעפּציע אַליין איז פולשטענדיג גענוג צו דערקלערען די אַנטשטייאונג פון אַזעלכע אור־טיילען. בשעת אַן עסטעטישער באַפרידיגונג פילען מיר, אַז מיר זיינען באַרירט אויף אַן אַנגענעמען אופן, פּאַראינטערעסירט, געשפּאַנט, — הקיצור, אונזער גייסטיגער צושטאַנד איז פונקט אַזוי ווייט פון ליי־דענשאַפט, ווי פון ווילען. ס׳איז אַ בלויזער געפיל־צושטאַנד. דערי־בער איז עס ניט מער ווי נאַטירליך, אַז מיר זאָלען גיכער זוכען דעם

מקור פון אונזער פאַרגעניגען אויסער זיך אײדער אין זיך, און מיר געפינען אים טאַקע דאָרטען, דאָס הייסט אין דעם קונסטווערק, וואָס מאַכט אויף אונז דעם געהעריגען אײנדרוק. מיר רעכענען דעריבער דעם אָביעקט, וואָס רופט אַרויס אונזער עסטעטישען פונקציע־פאַרגעניגען, ווי שוין פריער אָנגעוויזען, בהסכם מיט דעם מין פון פונקציע־פאַרגעניגען, וואָס ער שאַפט ביי אונז, אַלס אַן אַנגענעמע, דערהויבענדיגע, אינטערעסאַנטע, אָנציענדיגע אָדער באַצויבערנדיגע זאַך. דער אַלגעמיינסטער פּרעדיקאַט, וועלכען מיר שרייבען צו דעם אָביעקט, וואָס באַרירט אונז אויף אַן עסטעטישען אופן, איז — ש י י נ ק י י ט. אַלץ, וואָס איז מסוגל אַרויסצורופען ביי אונז אַן עסטעטישען פונקציע־פאַרגעניגען באַצייכענען מיר אַלס „שיין", אין דעם ברייטסטען זינען פון וואָרט.

פון דער דאָזיגער טעאָריע פון עסטעטי'שען פאַרגעניגען קומט שוין במילא אַרויס, אַז די עסטעטישע אורטיילען מוזען נויטיגערווייז זיין גאַנץ פאַרשיידענאַרטיגע. ביי פאַרשיידענע מענשען געפינען מיר גאַנץ באַזונדערע באַציהונגען צו די פאַרשיידענע מינים פון פונקציע־פאַרגעניגען. מיר קאָנען דעריבער גרינג פאַרשטיין, פאַרוואָס איין און דערזעלביגער אָביעקט קאָן ניט אַרויסרופען דעמזעלביגען גראַד פון פונקציע־פאַרגעניגען ביי אַלעמען, וואָס באַטראַכטען דעם אָביעקט. אפילו די זעלביגע פּערזאָן איז ניט שטענדיג גלייך מסוגל אויפצונעמען עסטעטישע אײנדרוקען, ווייל זיינע פונקציע־פאָדערונגען פאַרבלייבען ניט שטענדיג דיזעלביגע. עס זיינען אָבער פונדעסטוועגען פאַראַן קונסטווערק וואָס זיינען פון די פאַרשיידענסטע מענשען אין משך פון הונדערטער און טויזענטער יאָרען אָנדערקענט געוואָרען אַלס מוסטערן פון שיינקייט. ס אָ פ אָ ק ל ' ס „קיניג עדיפּ", וועלכער האָט געמאַכט אַ טיפען עסטעטישען רושם, ווען מען האָט אים אויפגעפירט אין אַטהען און אין אַנדערע אַלט־גריכישע שטעט מיט דריי און צוואַנציג יאָרהונדערטען צוריק, ווערט איצט געשטעלט אין איבערזעצונגען אויף די מאָדערנע בינעס פאַר אַן עולם, וואָס זיין קולטור־צושטאַנד איז געוויס אַ גאַנץ אַנדערער, ווי דער קולטור־צושטאַנד פון דעם פאַרצייטיגען אַטהענישען עולם. און פונדעסטוועגען מאַכט די דאָזיגע טראַגעדיע אפילו איצט דעם טיפסטען רושם אויף אירע טויזענטער מאָדערנע צושויער. דער דאָזיגער פאַקט שיינט צו באַרעכטיגען דעם אויספיר, אַז די דראַמע פאַרמאָגט אָביעקטיווע אייגענשאַפטען, וואָס זיינען מסוגל אַרויסצו־

רופֿען אַ טיפֿען עסטעטישען פֿונקציע־פֿאַרגעניגען. דאָסזעלביגע איז ריכטיג אויך װעגען דער פֿאַרצייטיגער גריכישער אַרכיטעקטור און סקולפּטור, ווי אויך וועגען פֿיל מאָלערייען, וואָס זיינען געשאַפֿען געוואָרען מיט הונדערטער יאָרען צוריק דורך די אַלטע איטאַליענישע און האָלענדישע מייסטערס. מיר זיינען באַרעכטיגט צוצושרייבען אַט די קונסטווערק אַן אָ ב י ע ק ט י װ ע ש י י נ ק י י ט, ווייל מיר האָבען פֿריער אָפּגערעדט צו פֿאַרשטיין אונטער דעם אויסדרוק אַזעלכע איינגענשאַפֿטען, וואָס זיינען מסוגל אַרויסצורופֿען אַ פֿונקציע־פֿאַרגע־ניגען ביי אַ גרויסער מאַסע מענשען. די אַנטפּלעקונג פֿון אַט די תּנאים (וואָס שאַפֿען די „אָביעקטיווע שיינקייט") איז זיכער אַ רייכער און פֿילצוזאַגענדיגער געביט פֿאַר פֿאָרשער. אָבער אָ ב י ע ק ט י־ װ ע שיינקייט איז בשום אופֿן ניט דאָסזעלביגע וואָס אַ ב ס אָ־ ל י ו ט ע שיינקייט. אַזוי ווי דער באַגריף פֿון שיינקייט איז דורך און דורך אַ רעלאַטיווער, (וואָס הייסט אָפּ פֿון באַשטימטע אומשטענדען) האָט דעריבער דער טערמין „אַ ב ס אָ ל י ו ט ע שיינקייט" קיין שום זינען ניט.

אָבער דער טערמין „שיינקייט" האָט אַחוץ זיין ברייטערער באַ־דייטונג, וואָס מיר האָבען ערשט באַטראַכט, נאָך אַן אַנדערען, מער באַגרעניצטען מיין. יעדעס מאָל, ווען מיר זאָגען, אַז אַ זאַך איז שיין מיינען מיר דאָך דערמיט ניט בלויז צו דערקלערען, אַז די זאַך געפֿעלט אונז. מיר פֿילען אין דערזעלביגער צייט אויך עפּעס אַ מין דאַנקבאַר־קייט צו דעם אָביעקט, וועלכען מיר באַצייכענען אַלס שיין אין אַט דעם איינגערען זינען, פֿאַר דער באַפֿרידיגונג וואָס ער האָט אונז גע־געבען; מיר פֿילען צו אים אַ מין וואַרימקייט, וואָס קאָן אַפֿילו דער־גרייכען די מדרגה פֿון ל י ב ע, ווען דער געפֿיל איז זעהר שטאַרק. יעדער איינער פֿון אונז דערמאָנט זיך, בלי ספֿק, מיט אַ באַזונדערער וואַרעמקייט וועגען געוויסע פֿאַרמען אָדער ווערק פֿון באַשטימטע קינסטלער, וואָס זיינען אים נאָהענט. מיר רעכענען זיי צווישען אונ־זערע טייערסטע באַזיצונגען און זיינען גרייט היים צו פֿאַרטיידיגען זיי קעגען יעדער קריטיק, וואָס פּרובט זיי אַרונטעררייסען. דער קינסט־לער, וואָס איז פֿעהיג אַרויסצורופֿען אַט אַזאַ מין ליבע צו זיינע ווערק האָט דערגרייכט דעם העכסטען גראַד פֿון עסטעטישע ווירקונג. מיר האָבען דאָ אַלזאָ פֿאַר זיך אַ נייעם עלעמענט פֿון פֿונקציע־פֿאַרגעניגען.

דעם עלעמענט, וואָס מאַכט דעם קלאָרסטען חלוק צווישען שפּיל און עסטעטישער באַפרידיגונג.

די אינערליכע פאַרבינדונג צווישען ליבע און שיינקייט איז שוין לאַנג אנערקענט און זעהר אָפט באַהאַנדעלט געוואָרען. די געוויינליכע דערקלערונג וועגען אָט דער פאַרבינדונג באַטראַכט די אָביעקטיווע עקזיסטירענדיגע שיינקייט אַלס די אורזאַך, און די ליבע אַלס דעם רעזולטאַט. אָבער אַ גענויערע אונטערזוכונג ווייזט, אַז די דאָזיגע דערקלערונג שטימט ניט איינגאַנצען מיט די פאַקטען. די שיינקייט פון דער פרוי האָט געוויס אַ באַזונדערן מין רייץ, וואָס קאָן אַרויסרופען ליבע. ס'איז אויך זיכער, אַז פאַרצייטענס פלעגט אַפילו די שיינקייט פון אינגלאַך אַרויסרופען ליבע ביי מענער. אָבער עס קאָן דאָך זיין, אַז די מעשה איז גראַד פאַרקערט. מענשען און זאַכען, וואָס מאַכען, אַז מיר זאָלען זיך פילען גוט און וואָס רופען ביי אונז אַרויס דעם געפיל פון וואַרימקייט און ליבע קאָנען ווערען אַלץ שענער און שענער אין אונזערע אויגען גראַד דערפאַר, ווייל זיי רופען ביי אונז אַרויס אַזעלכע געפילען. די שיינקייט איז אַלזאָ ניט שטענדיג די אורזאַך, און ס'איז גאָר מעגליך אַז זי איז פיל אָפטער דער פּועל יוצא פון ליבע. די שיינקייט שטראַמט אַרויס פון דער טיפעניש פון אונזער נשמה אויף די אָביעקטען פון אונזערע וואַרימע געפילען און רינגעלט זיי כסדר אַרום מיט אַ וואַקסענדיגען חן.

יעדער איינער, וואָס קוקט זיך נאָר צו צו די פאַקטען קאָן זיך אַליין פון זיין אייגענער דערפאַרונג איבערצייגען אין דער פאַרשענערונג־קראַפט פון דער ליבע. די מוטער באַטראַכט דאָס קינד, וואָס זי האָט ליב, אַלס דאָס שענסטע אין דער וועלט, כאָטש אַנדערע מעגען וועגען דעם האָבען גראַד אַ פאַרקערטע מיינונג. דער אומבאַהאָלפענער סיטל פון אַ בוד, וועלכען מיר האָבען צוליב אַ וועלכער עס איז סבה ליב, באַקומט אָפט אין אונזערע אויגען אַ גאַנץ באַזונדערען חן. אַ מערקווירדיגער ביישפּיל פון אָט דער פאַרשענערונג־קראַפט פון ליבע איז **שאָפּענהויערס** התפּעלות פאַר דער לאַטיינישער איבערזעצונג פון די **אופּאַנישאַדעס**, וואָס **אַנקעטיל דיו פּעררראָן** האָט געמאַכט פון אַ פּערסישער באַאַרבייטונג און וואָס האָט אַבסאָליוט ניט קיין שום ליטעראַרישען ווערט און טעם. אָבער דעם בעסטען באַווייז פון דער ריכטיגקייט פון אונזער באַהויפּ־

# ווילהעלם יערוזאַלעם

טונג געפינען מיר אין דער אנטוויקלונג פון אונזער אפשאצונג פון דער נאטור. פאַרצייטענס פלעגט דער מענש נתפעל ווערען פון דער ליבליכקייט פון דעם זומער־לאַנדשאַפט, מיט זיינע אנגענעמע באַשאַטענטע שטעגען און אָפּרו־פּלעצער אויף די לאַנקעס און ברעגען פון מורמלענדיגע טייכלאַך. ערשט דעמאָלט, ווען דער מענש איז אביסעל מיד געוואָרען פון קולטור און האָט זיך פאַרביינקט נאָך התבודדות, האָט ער אנגעהויבען אָפּצושאַצען די וואונדערליכע שיינקייטען פון די אַלפּענבערג. קורץ, דער מענש געפינט אויס די שיינקייט פון דער נאַטור ערשט נאָכדעם ווי ער לערנט זיך אויס זי ליב צו האָבען.

יעדעס מאָל, ווען א קונסטווערק רופט ארויס א פונקציע־פאַרגעניגען, וואָס איז גענוג פילזייטיג און טיף, אז ער זאָל דערגרייכען אונזער הארץ און אונז טייער מאַכען זיינע פאָרמען, ווערט אָט דאָס ווערק באַקליידט מיט א נייעם אייגענאַרטיגען חן. א שיינקייט, אנגעפילט מיט לעבען, שטראַלט ארויס פון אָט דער ליבע און שפּיגעלט זיך צוריק אָפּ אויף דעם קונסטווערק גופא. אָט א דער חן, וואָס ווערט געבאָרען פון דער ליבע איז דאָס די אמת'ע, די ריכטיגע שיינקייט, וואָס פילט אָן דאָס הארץ מיט פרייד. די קונסטווערק, וואָס מיר באַטראַכטען אלס שיין אין אָט דעם זינען פאַרבלייבען מיט אונז אויף שטענדיג, אויף אונזער גאַנץ לעבען. זיי באַרייכערן אונזער נשמה. זיי פאַרמערען אונזער גליק. אזעלכע קונסטווערק דרינגען אריין אין דער טיפסטער טיפעניש פון אונזער „איך“, און ס'איז ניטאָ קיין בעסערע מאָס, מיט וועלכער מען קאָן אָפּשאַצען די פּערזענליכקייט פון א מענשען, ווי די קונסטווערק, וועלכע ער באַטראַכט, אין דעם אייגענעם זינען פון וואָרט, אלס מוסטערן פון שיינקייט.

בתחלית הקצור קאָנען מיר דעריבער זאָגען, אז „עסטעטישער פאַרגעניגען איז א פונקציע־באַפרידיגונג, וואָס ווערט ארויסגערופען דורך דעם באַטראַכטען.“ יעטוועדער פון די דריי מינים, וואָס מיר האָבען פריער באַטראַכט איז מסוגל זעלבשטענדיג ארויסצורופען ביי אונז אן עסטעטישע באַפרידיגונג. אבער די דאָזיגע באַפרידיגונג ווערט רייכער, פאַרשיידענאַרטיגער, טיפער און רייצענדיגער, ווען די פונקציע־פאַרגעניגענס פון די חושים, פון שכל און פון די געפילען ווערען קאָמבינירט אינאיינעם. די דאָזיגע קאָמבינאַציע איז, פאַרשטייט

זיך, פאַרשיידענע אין די פאַרשיידענע קונסט־אַרטען. סקולפּטור און מאַלעריי, למשל, ווירקען אויף אונזערע חושים און רעגען אונזערע גע־פילען מיט דער הילף פון פאַרשטאַנד. די פּאָעזיע הייבט אָן מיט דעם פונקציע־פאַרגעניגען פון דעם שכל און דערוועקט די געפילען מיט דער הילף פון פאַרשטאַנד, — און ערשט נאָכדעם רופען די געפילען אַרויס אין אונזער פאַנטאַזיע אַן אינטואיטיווע בילד (דאָס הייסט אַ בילד, וואָס דער פּאָעט האָט פאַר אונז געשאַפען). אין דעם פאַל פון מוזיק ווערט דער פונקציע־פאַרגעניגען פון די חושים דירעקט פאַרוואַנדעלט אין אַן אויסגעשפּראָכענעם געפיל־רושם, וואַרשיינליך מיט דער הילף פון קי־נעסטעטישע (באַוועגונג־פאַרגעניגען) איינדרוקען. דער דאָזיגער געפיל־רושם אָדער די אָנגענעמקייט פון דעם געפיל איז שטענדיג דער צענט־ראַלער פּרינציפּ פון עסטעטישער באַפרידיגונג. אין יעדען פאַל, וואו די פונקציע־אָנגענעמליכקייט פון דעם געפיל ווערט ניט אַרויסגערו־פען, איז די עסטעטישע באַפרידיגונג אַ מער אָדער ווייניגער איבער־פלעכליכע. עס פעלט איר די וואַרימקייט פון לעבען. אָבער ווען די פונקציע־אָנגענעמליכקייט ווערט יאָ געשאַפען קאָן זיך פון דעם אַנט־וויקלען דער ליבע־געפיל, פון וועלכען עס שפּיגעלט זיך צוריק אָפּ אויף דעם קונסטווערק אַ נייע שיינקייט, וואָס אָטעמט מיט לעבען.

די עסטעטישע פונקציע־באַפרידיגונג אונטערשיידט זיך אַלזאָ פון אַלע אַנדערע מינים פון פונקציע־באַפרידיגונג, ווי, למשל, פון שפּילען, דורך דעם פּשוטען פאַקט, וואָס זי איז מסוגל צו מאַכען אַ רושם, וואָס זאָל אַריינדרינגען אין די טיפסטע ווינקלען פון דעם מענשענס נאַטור. אָבער ס'איז דאָ נאָך איין וויכטיגער סמן, וואָס אונטערשיידט די עס־טעטישע באַפרידיגונג פון שפּיל. ווי מיר האָבען שוין געזען, רופט די עסטעטישע באַפרידיגונג אַרויס עסטעטישע אורטיילען. די וואָס האָ־בען געהאַט די אָנגענעמע דערפאַרונגען גיבען אַרויס זייערע אורטיי־לען, זייענדיג דערביי פאָלקאָם זיכער אין זייער ריכטיגקייט. איך באַ־טראַכט אַלס שיין אַלץ, וואָס עס געפעלט מיר. — דאָס הייסט, איך באַהויפּט, דורך מיין אורטייל, אַז דער אָביעקט, וועלכען איך באַטראַכט איז דער קוואַל, דער פּאָטענציעלער צענטער, פון וואַנען איך באַקום מיין באַפרידיגונג. ווען מיר קוקען אָבער אויפמערקזאַם אַריין אין זיך אַליין און פאַרגלייכען אונזערע דערפאַרונגען מיט די דערפאַרונגען פון אַנ־דערע מענשען מוזען מיר סוף כל סוף קומען צו דער איבערצייגונג, אַז די שיינקייט פון דעם אָביעקט ווערט געשאַפען אויסשליסליך דורך

אונזערע סוביעקטיווע באפרידיגונג־צושטאנדען. אבער עס וואלט פונ־
דעסטוועגען געווען א טעות פון אונזער זייט אינגאנצען צו באזייטיגען
פון דעם עסטעטישען אורטייל דעם אביעקטיווען פאקטאר. ווייל דער
עסטעטישער פונקציע־פארגעניגען הייננט דאך יעדענפאלס אפ פון א
וועלכען עס איז אביעקטיווען קוואל. ווי מיר האבען שוין געזען זיינען
דא א סך קונסטווערק, וואס האבען ארויסגערופען א גרויסע עסטעטי־
שע פונקציע־באפרידיגונג ביי גרויסע צאלען מענשען און ביי פארשיי־
דענע דורות. מוזען דאך אלזא די דאזיגע ווערק האבען געוויסע איי־
גענשאפטען, וואס מען קאן אביעקטיוו באצייכענען, און פון וועלכע עס
קומען ארויס עסטעטישע ווירקונגען. די פליכט פון דער וויסענשאפט־
ליכער עסטעטיק איז דעריבער צו שטודירען ניט נאר די סוביעקטיווע,
נאר אויך די אביעקטיווע תנאים פון דער עסטעטישער באפרידיגונג.
און די וויכטיגקייט פון די דאזיגע אביעקטיווע אייגענשאפטען פון די
קונסטווערק ווערט נאך פארגרעסערט דורך דעם, וואס די קינסטלער
קאנען פון זיי לערנען מיט וועלכע מיטלען זיי קאנען האפען צו מא־
כען אן עסטעטישען רושם.

דאס ברייננגט אונז צו דער צווייטער פראבלעם פון עסטעטיק,
נעמליך צו דער אונטערזוכונג פון די געזעצען, וואס הערשען איבער
דעם קונסט־שאפען און צו דער פארוואנדלונג פון אט די געזעצען אין
פראקטישע כללים. אזוי ווי דער קונסט־זשעניע איז אזוי פילזייטיג,
אז ס'איז אוממעגליך פעסטצושטעלען מער ווי אייניגע אלגעמיינע
כללים, וועלען מיר אט די פראגע באטראכטען בלויז בקצור. דער
גרעסטער טייל פון אט דער פראבלעם מוז איבערגעלאזען ווערען פאר
די טעכניקער פון די פארשיידענע קונסט־ארטען.

די שאפענדיגע קונסט בכלל איז אן ארויסוואקס פון דעם איינגע־
בארענעם דראמאטישען און שעפערישען אימפולס פון דעם קינסטלער.
אויף אזוי פיל, אויף וויפיל דער ארטיסט שעפט זיין פארגעניגען פון
דער שאפונג גופא, דאס הייסט פון זיין פונקציע־אקטיווקייט, איז אט
די שעפערישקייט אייננג פארבונדען מיט'ן שפיל. אבער די קונסט
גופא וואקסט שנעל אריבער די דאזיגע מדרגה. אזוי שנעל, ווי די
קולטור אנטוויקעלט זיך צו אזא צושטאנד, אז ביי מאסען מענשען
וואקסט אויס די באדערפעניש פון אן עסטעטישער באפרידיגונג, קאן
שוין מער קיינעם ניט צופרידענשטעלען דער בלויזער פארגעניגען פון

# ווילִיאַם יערוזאַלעם

אנווענדען דעם שעפערישען אימפולס, וועלכער איז א ריין פערזענלי־כער ענין און עקזיסטירט בלויז פאַר דעם קינסטלער אליין. זיין אויפ־גאַבע איז צו פאַרשאַפען פאַרגעניגען די אַרומיגע און דערמיט צו פאַר־גרעסערען דעם גליק פון דער מענשהייט. זיין טעטיגקייט הערט שוין דעריבער אויף צו זיין א בלויזער שפּיל. עס ווערט שוין פיל מער א סאָציאַלע שליחות, וואס האט א טיפע ווירקונג אויף דער אנטוויק־לונג פון דער קולטור בכלל.

„דער מענשענגייסט אין זוניגע באַצירקען,
וויל ניט נאָר טעטיג זיין, ער וויל אויך ווירקען.“

אבער דאָס שאַפען פאָדערט פון דעם קינסטלער פיל מער, ווי א בלינדען נאָכפאָלגען פון זיין שעפערישען אימפולס. ער איז גע־צוואונגען אויסצולערנען זיך די טעכניק פון זיין קונסט, וועלכע איז אָפט גאַנץ שווער און קומט אלס רעזולטאט פון א לאַנגער דערפאַ־רונג. ער איז אָפט אפילו געצוואונגען צו שטודירען די גרויסע מייס־טערס פון זיין מין קונסט כדי צו באַקענען זיך מיט די מיטלען, וואס רופען געוויינליך ארויס די פונקציע־באַפרידיגונג ביי די קונסט־ליב־האָבער. ער מוז שוין אנהויבען טראַכטען ניט נאָר וועגען זיין ארבייט, נאָר אויך וועגען דעם עולם, פאַר וועלכען זיין ווערק איז באַשטימט.

אבער שוין צוליב דעם גופא, וואָס די באַקאַנטשאַפט מיט דעם עולם, פאַר וועלכען די ווערק זיינען באַשטימט איז א וויכטיגער עלע־מענט אין דעם פאַרשטייען פון ס׳רוב קונסטווערק, ווערט די ארבייט פון דעם קינסטלער א פאַקטאָר פון דער אלגעמיינער געשיכטע פון קולטור. ס׳איז איצט דעריבער אַ אנגענומענע זאַך אויסצוטייטשען די ווערק פון די אלטע מייסטערס דורך דעם גייסט פון דער עפּאָכע, אין וועלכער זיי האבען געלעבט און געאַרבייט. אויף אזא אופן האָט זיך אנטוויקעלט א געשיכטע פון עסטעטיק, וואָס האָט באַלויכטען א סך פּראָבלעמען, באַזייטיגט א סך מיספאַרשטייעניסען און זעהר פיל מיטגעהאָלפען ריכטיג צו פאַרשטיין די קינסטלער און זייערע ווע״ק. פאַרשטייט זיך, אז אָפט ווערט די אָפּשאַצונג פון דעם אלגעמיין־מענשליכען און אייביגען אין קונסט פאַרטונקעלט דורך א צו איינזיי־טיג־היסטאָרישען שטאַנדפּונקט, פון וועלכען דאָס קונסטווערק ווערט באַטראַכט. מיר ווילען דערמיט זאָגען, אז דער קינסטלער שאַפט בשום

## ווילהעלם יערוזאַלעם

אופן ניט בלויז פאַר זיין אייגענעם פאָלק און פאַר זיין איינענער עפּאָכע. ווי פ ו ק י ד י ד האָט באַמערקט וועגן זיין „נעשיכטע,“ אַזוי קאָן יעדער אמת גרויסער אַרטיסט באַהויפּטען וועגן דער שאַפונג פון זיין פאַנטאַזיע, אַז זי איז אַ ירושה, וואָס ער לאָזט פאַר דער אייביגקייט און ניט אַ בלויזער דורכשפּאַצירען זיך איבער דער בינע פון זיין צייט.

אַ קינסטלער פון אַט דעם מין רופט ניט בלויז אַרויס אַ פאַרבייגעהענדיגע פונקציע־באַפרידיגונג, נאָר ער ווייסט אויך, ווי אַזוי אַרויסצורופען אין אונזערע הערצער אַן אַנהאַלטענדיגע ליבע צו די פאַרמען, וואָס ער האָט געשאַפען. און די דאָזיגע ליבע, ווי מיר האָבען שוין פריער באַמערקט, שטראַלט פון זיך אַרויס אַ לעבעדיגע געפילוואַרימקייט און גייסטיגע שיינקייט, וואָס שפּיגעלט זיך צוריק אָפּ אויף זיין אָביעקט. די העכסטע אַמביציע פון דעם קינסטלער איז צו דערגרייכען אַט אַזאַ מין אָפּרוף אין אונזערע הערצער.

תחילת איז די קונסט־שאַפונג אַלזאַ אַ מין שפּיל, אַ מין אַקטיווקייט פון דעם שעפערישען אימפּולס, און אין גאַנג פון דער עוואָלוציע פון דער קולטור ווערט זי ביסלעכווייז פאַרוואַנדעלט אין אַן ערנסטער סאָציאַלער שליחות, וואָס איר צוועק איז צו פאַרגרעסערען דעם סכום פון מענשליכען גליק. אויף איר העכסטער שטופע פון פאָלקאָמענקייט איז די קונסט־שאַפונג אַ מין ליבע־אויסגוס. ווען מיר ענטפערן אויף אַט דעם ליבע־אויסגוס פון דעם קינסטלער דערפילען מיר, אַז זיין ווערק איז שיין אין דעם העכסטען און אמת׳דיגסטען זינען פון וואָרט. ה אַ מ ע ר רופט אַרויס אונזער סימפּאַטיע צוליב אכיללעס׳ען און אָדיססיי׳ען, ר אַ פ אַ ע ל — פאַר זיין געטליכער מאַדאָננאַ, ש ע ק ס פּ י ר — ניט נאָר צוליב זיינע מרה־שכורה׳דיגע דענישע פּרינצען און דעם אומגליקליכען קיניג ליר, נאָר אויך צוליב פאַלסטאַפען,—די דאָזיגע פאַרקערפּערונג פון גראָבקייט, וואָס גנב׳עט זיך אָבער אַריין אין אונזער הארצען דורך זיין וואונדערליכען הומאָר.

כדי אַרויסצורופען ביי אונז אַ פונקציע־באַפרידיגונג און דערוועקען אונזער ליבע איז נויטיג, אַז דער קינסטלער זאָל זיין באַשאַנקען מיט דעם שאַפענדיגען גייסט, וואָס גיט אים די מעגליכקייט, אַריינצובלאָזען, אַזוי צו זאָגען, אין זיינע פאָרמען דעם אָטעם פון לעבען. אַלע קינסטלער שטרעבען צו מאַלען געטריי די לעבעדיגע ווירקליכקייט.

# פילאָסאָפיע

אַט די דאָזיגע לעבעדיגע ווירקליכקייט פון די מענשען און זאַכען פון אונזער סביבה איז פאַר אונז דאָס וויכטיגסטע סיי אין די טאָג־טעגליכע פּאַסירונגען, סיי ביי דער באַטראַכטונג פון די היסטאָרישע געשעהענישען, — זי פאַרשנעלערט דעם טעמפּ פון אונזער לעבען און רופט ביי אונז אַרויס דעם געהעריגען אָפּקלאַנג. די לעבעדיגע ווירקליכקייט איז אייגענטליך דאָס, וואָס איז אַמכאַראַקטעריסטישסטען פאַר אַלע זאַכען, דאָס וואָס מאַכט פון זיי וואָס זיי זיינען און גיט זיי צו זייער באַדייטונג, — דאָס, מיט איין וואָרט, וואָס איז ט י פּ י ש פאַר זיי. די פאָרשטעלונג וועגען דעם וואָס איז טיפּיש איז, ווי איך האָב באַוויזען אין אַן אַנדער אָרט*) אַנטשטאַנען דירעקט פון דער לעבענס־נויטווענדיגקייט. דאָס, וואָס איז ביאָלאָגיש וויכטיג אין דער נאַטור, צווינגט אונז צו קאָנצענטרירען אויף דעם אונזער אויפמערקזאַמקייט און אויף אַזאַ אופן ווערט דאָס, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר אַ גרויסער צאָל זאַכען פון איין און דעמזעלביגען מין קאָמבינירט אין אַן איינצעלנער פאָרשטעלונג וועגען דעם „טיפּ“. מיר דערקענען דעם טיפּ פון יעדער באַזונדערער זאַך און רעגולירען אויף אַ געהעריגען אופן אונזער שטעלונג צו דעם. דער קינסטלער אָבער מוז, פיל מער ווי אַלע אַנדערע מענשען, פאַרמאָגען די פעהיגקייט צו אונטערשיידען און אַרויסצוברייגען דאָס טיפּישע אין די יחידים. מיר באַטראַכטען שטענדיג די שאַפונגען פון דעם קינסטלער אַלס טיפּען, אַפילו ווען זיי מאַכען דעם איינדרוק פון לעבעדיגע פערזאָנען. גרעטכען׳ס כאַראַקטער ווערט אין ג ע ט ה ע ׳ ס „פ אַ ו ס ט“ אַרויסגעבראַכט אַזוי קלאָר, איר פערזאָן טרעט אַרויס אַזוי בולט, אַז מיר וואָלטען כמעט קאָנען אָנשרייבען אויף דעם גרונט איר ביאָגראַפיע. און פונדעסטוועגען באַנעמט זי אונזער געדאַנק אַלס אַ טיפּישע מיידעל, וואָס איז מיט׳ן גאַנצען האַרצען איבערגעגעבען צו איר געליבטען און ווערט פון אים דערנאָך פאַרלאָזען. מיר ציען אַראָפּ פון קיניג ליר זיינע קייזערליכע בגדים און פאַר אונז פאַרבלייבט ניט מער ווי אַ פאָטער, וואָס האַלט פון דער אויסערליכער איבערגעבענקייט פון זיינע קינדער מער ווי פון קאָרדעליא׳ס כלל: „האָב ליב און שווייג“. און אָט דערפאַר טאַקע, ווייל יעדער פאָטער האָט אין זיך אַן עלעמענט פון ענליב־

*) לערנבוך וועגען פסיכאָלאָגיע, 4טע אויסגאַבע, זייט 97 און די פאָלגענדיגע.

## ווילהעלם יערוזאַלעם

קיים מיט'ן קיניג ליר מאַכט אויף אונז שעקספּיר'ס דראַמע שטענדיק אַזאַ טיפען רושם.

אויף וויפיל דאָס טיפּישע בילדעט דעם עצם פון דעם קונסטווערק קאָן מען אַמבעסטען זעהן אין די פאַלען, ווען דער געמאָלטער ענין איז אַן אָביעקט, וואָס האָט אין דער ווירקליכקייט עקזיסטירט בלויז איין מאָל, ווי למשל אַ נעוויסער היסטאָרישער כאַראַקטער, אַ באַשטימטער לאַנדשאַפט, אָדער אַ וועלכע עס איז לעבעדיגע פּערזאָן פון דעם קינסט־לערס סביבה. ווייל כדי צו מאַכען אַן עסטעטישען רושם מוז דער קינסטלער אפילו אין דעם אויסמאָלען פון אַ באַשטימטען יחיד אַנט־פּלעקען דעם טיפּישען עלעמענט, דאָס כאַראַקטעריסטישע אין אים, דאָס וואָס לעבט באמת אין דעם ספּעציעלען אָביעקט, און אַרויסברייג־נען זיין פולען אויסדרוק.

דער טיפּישער עלעמענט, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר יעדער קונסטווערק פאַרבינדעט די קונסט אויף אַ גאַנץ אייגענאַרטיגען אופן מיט דער עמפּפינדונג־פונקציע און מיט דער וויסענשאַפט.

די טיפּישע פאַרשטעלונג איז, ווי מיר האָבען שוין געזעהן אין דעם קאַפּיטעל 27, דער פאָרגייער פון דעם אַבסטראַקטען באַגריף און גאַנג פון דער עוואָלוציע פון וויסען. און אַזוי ווי די קונסט איז נאַ־טירליכערווייז צוגעפּאַסט אַרויסצורופען טיפּישע פאַרשטעלונגען און ברייננט אין דערזעלביגער צייט אַרויס דעם אוניווערזאַלען כאַראַקטער טרעפט עס דעריבער גאַנץ אָפט, אַז דאָס קונסט־שאַפען נעמט אויף זיך די אויפגאַבע צו פאָרמולירען אויף אַ בולט'ען אופן אַ וויסענ־שאַפטליכען ענין, וואָס ווערט געוויינליך אויסגעדריקט אין אַבסטראַק־טע פאָרמולעס. אויף אַזאַ אופן פאַרוואַנדעלט די קונסט דעם אַב־סטראַקטען באַגריף אין אַ בולטען בילד, וואָס איז אָנגעזאָפּט מיט לע־בען און באַוועגונג, און ווערט אָפט אויסגעדריקט דורך דעם צוויי־דייטיגען טערמין „אידייע". די פּלאַטאָנישע „אידייעס" זיינען איי־גענטליך ניט מער, ווי באַגריפען, וואָס דער אַרטיסטישער גייסט פון אַט דעם טיפען און געניאַלען דיינקער האָט פאַרקערפּערט אין אינ־טואיטיווע געדאַנקען. דערמיט דערקלערט זיך פאַרוואָס פּלאַטאָן האָט געקאָנט גלויבען אין דער זעלבשטענדיגער עקזיסטענץ פון די דאָ־זיגע אַרטיסטישע בילדער פון געדאַנק און האָט זיי געקאָנט צושרייי־

# ווילׂיאַם יערוזאַלׂעם

בעז דעם כבוד פון פאַרשטעלׂעז די אמת'ע פראָטאָטיפּען פון זאַכען*). העגעלׂ'ס טעאָריע, אַז די שיינקייט איז „דער אויסדרוק פון דער אידייע דורך די חושים" (ווערקע, X, 1, ז. 141). און אַז דאָס שיינע, אַלׂס דער טרעגער פון דער אידייע איז אידענטיש מיט דאָס אמת'ע, ווערט אונז אויך פאַרשטענדליך, ווען מיר דערמאָנען זיך בלויז אַן דעם טיפּישען כאַראַקטער פון יעדער קינסטלערישער שאַפונג. מיר שיינט אָבער, אַז שילער'ס מעטאַד צו דערקלערען די שייכות צווישען וויסענשאַפט און קונסט דערמיט, וואָס ביידע שטיצען זיך אויף טיפּישע אידייעס, איז דער טיפסטער און דער קלאָרסטער מעטאָד אין דער פראַגע; און דאָס איז אַזוי, ניט קוקענדיג אַפילו דערויף, וואָס זיין סברה וועגען דעם, אַז דער חוש פאַר שיינקייט איז דער ערשטער שריט צו דעם עמפּפינדונג אימפולס, קאָן שוין איצט ניט פאַרטיידיגט ווערען. די קינסטלערישע פאַנטאַזיע פאַרלויפט אָפט דעם וועג דער וויסענשאַפט, אַזוי ווי על פי רוח הנבואה, און גרייט דערמיט צו דעם וועג פאַר ווייטערדיגע אונטערזוכונגען:

„איידער דער שאַרפער גייסט פון דיינקער
האָט באַגריפען דעם שטאַנד פון דעם אייביגען רוים, —
האָט דען ווער געקאָנט אַרויפקוקען צום שטערען־געוועלב
אויב ער האָט אים שוין פריער אינערליך ניט דערפילט?"

אָבער נאָכדעם ווי די וויסענשאַפט האָט גייענדיג איר אייגענעם וועג, אַנטפּלעקט די סודות פון דער נאַטור און אויפגעדעקט די געזעצען פון די נאַטור־פּראָצעסען מיט דער הילף פון אַ גענויער אונטערזוכונג און טיפען געדאַנק, ווערט עס ווידער די אויפגאַבע פון דעם קינסטלער צו קרוינען די דערגרייכונגען פון וויסענשאַפט און צוגעבען זיי דעם פאַרענדיגענדיגען שטריך. אויפ'ן גורל פון דער קונסט פאַלט אויס אַריינצוטראָגען מיט דער הילף פון אירע בילדער אַ לעבען אין די טרוקענע פאָרמולעס פון די לעבענסלאָזע וויסענשאַפטליכע באַגריפען, כדי די מאַסען זאָלׂען קאָנען באַנעמען דעם אַבסטראַקטען אמת אויף אַ קאָנקרעטען אופן און אים אויף אַזאַ אופן אַרייננעמען אין זיך אַלׂס אַ פעסטע ירושה.

*) ווען כאַטאַרפּ באַטראַכט אין זיין ווערק וועגען דער פּלאַטאָנישער לערע די אידייע אַלׂס געזעץ, שיינט עס מיר, אַז ער נעמט דערביי ניט אין אַכט דעם קינסטלערישען אונטערגרונט פון דעם פּלאַטאָנישען געדאַנק.

# ווילהעלם יערוזאַלעם

„דאָס וואָס די אַנטדעקער באַזיגען אין לאַנד פון וויסען
אָדער די אוצרות, וואָס דער דייגקער זאַמעלט אָן
וועלען אַריינקומען אין איערע הענט
ערשט דעמאָלט ווען די וויסענשאַפט, פאַראייניגט מיט דער שיינקייט
וועט פאַראייביגט ווערען אין אַ קונסטווערק.“

די קונסט האָט אבער שטענדיג אַנגעהאַלטען נאָך אַ טיפערע פאַרבינדונג מיט רעליגיע. אין דעם פאַרצייטיגען גריכענלאַנד, פונקט ווי אין מיטעלאַלטער און אין די מאָדערנע צייטען האָט די קונסט שטענדיג געשטעלט איר קראַפט פון ליבע־התעוררות אין דינסט פון רעליגיע. פידיאס'עס „זעוס“, ראַפאַעל'ס „מאַדאָננאַ'ס“, מיקעל־אַנדזשעלאָ'ס „משה“ און לעאָנאַרדאָ דאַ ווינטשי'ס „לעצטער אווענטברויט“ זיינען די העכסטע און די ריינסטע רופען צו ליבע אין נאָמען פון דעם אידעאַל פון רעליגיעזען גלויבען. אַבער שוין צוליב דעם פונקט גופא, וואָס די קונסט פילט אָן אונז מיט אַ ריינער פרייד לשמה, הויבט אונז דער קינסטלער אויף איבער די סקלאַבאַווע שטימונגען און דערהויפט אונזערע הערצער צו אַ מדרגה פון אמת'ער אינערליכער פרומקייט. דערמיט דערקלערט זיך פאַר וואָס מוזיק שפילט אַזאַ גרויסע ראָליע ביי די רעליגיעזע צערעמאָניעס.

די שייכות צווישען עסטעטיק און עטיק אָדער, ריכטיגער, צווישען קונסט און מאָראַל איז שוין ניט אַזוי קלאָר, כאָטש זי איז אָפט באַהאַנדעלט געוואָרען.

ווען מיר ריידען וועגען דער פאַרפיינערנדיגער ווירקונג פון קונסט האָבען מיר דערויף, ווי מיר וועלען באַלד זעהן אַ געוויסע באַרעכטיגונג. אַבער דאָס מיינט בשום אופן ניט, אַז די קונסט איז מחויב צו מאָלען די טוגענד אַלס שיינקייט און די זינד אין אַן אבשטויסענדיגער פאָרם. דער קינסטלער שטרעבט צו באַנעמען די פרינציפען פון לעבען און פון אקטיווקייט אין דער נאַטור און אין די באַציהונגען צווישען מענשען, און געטריי זיי אויסצומאָלען. זיין ווערק ווערט באמת אינטערעסאַנט בלויז דעמאָלט, ווען אים געלינגט צו כאַפּען דעם אמת'ען זינען פון די האַנדלונגען. דער אמת גרויסער קינסטלער קאָן פאַר אונז מאָלען די רויע פיזישע קונסט, די ווילדע תאוה אָדער אפילו די נידעריגסטע איינגהאַרציגקייט אויף אַזאַ אופן, וואָס וועט ביי

# פילאסאפיע

אונז ארויסרופען די לעבעדיגסטע פונקציע־באפרידיגונג. דער פאעט איז קיינמאל ניט מחויב צו זארגען מכוח דעם אורטייל פון דער עפענטליכער מיינונג וועגען זיינע כאראקטארען. ווען ער זאל זיך צופיל רעכענען מיט דער קריטיק און זוכען צופרידענשטעלען אלע זיינע קריטיקער קאן עס זעהר גרינג אפנעמען ביי זיין שאפונג איר קינסטלערישען ווערט. שעקספיר׳ס „ריטשארד דער 3־טער" און נאך מער „פאלסטאף" זיינען א קלארער באווייז, אז די עסטעטישע באפרידיגונג איז פולשטענדיג אומאפהייענגיג פון די עטישע ווערט־אורטיילען. אריסטאטעל׳ס שלעכט פארשטאנענע לערע וועגען דער טראגעדיע פון שולדיגקייט האט צו לאנג פארנעבעלט דעם אמת׳ען קוואל פון פארגעניגען, וואס מיר באקומען פון דראמאטישע ווערק. די קונסט קאן קיינמאל און איז קיין שום פארם ניט האבען קיין דערהויבענדיגע ווירקונג בלויז דורך דעם, וואס זי וועט פרידיגען מאראל.

פונדעסטוועגען זיינען קונסט און מאראל פארט גאנץ אייננ פארבונדען. די עסטעטישע באפרידיגונג איז א ריינער פארגעניגען לשמה וואס איז ניט צומישט מיט קיין שום תאוות. געבענדיג אונז די מעגליכקייט איבערצולעבען אזא מין ריינעם פארגעניגען הויבט אונז דער קינסטלער צייטווייליג אויף איבער די עגאאיסטישע אימפולסען פון אונזער געוויינליכען לעבען און טראגט אונז אויף א ווייל אוועק אין די העכערע ספערעס. אזוי לאנג ווי מיר געפינען זיך אונטער דעם קינסטלערס צויבער הערשט דאס ריין־מענשליכע פולשטענדיג איבער אונזערע נשמות. דאס נידעריגע און קליינליכע געפינט ניט קיין פלאץ פאר זיך אין אונזערע הערצער. מיר פילען ווי מיר ווערען עפעס רייפער, מיר געפינען זיך אויפ׳ן וועג צו דער גייסטיגער פרייהייט. אט דער דאזיגער באפרייענדיגער און פארפיינערנדיגער איינפלוס, וואס כאראקטעריזירט יעדער אמת׳ע קונסט, מוז בישלאכווייז דערהויבען אויף א העכערער מדרגה די, צו וועלכע ער דערגרייכט. אז אפטע געלעגענהייט צו געניסען פון גרויסע קונסטווערק לערענט אונז אפצוזאגען זיך פון די פארגעניגענס, וואס רייצען די נידעריגערע אינסטיקטען. די קונסט־דערציהונג פון דער יוגענד, וואס ווערט אין אונזערע צייטען אזוי שטארק — און מיט רעכט — געפריידיגט האט דעריבער א גרויסע באדייטונג פאר דער מאראלישער אנטוויקלונג פון די קומענדיגע דורות. דערמיט וואס מען גיט דער יוגענט די מעגליכ־

קייט צו געניסען די פרייד פון קונסטווערק ברייננט מען זי ניט נאָר צו אַ קוואַל פון אַ ניט־פאַרפלעקטען גליק, נאָר מען היט איר אויך אָפּ פון צעשטערענדיגער צעלאָזענקייט. ס׳איז אונז בשום אופן ניט אַלץ איינס פון וואָס פאַר אַ קוואַל מיר שעפּען אונזערע פאַרגעניגענס. די קונסט אָבער עפענט די קוואַלען פון פרייד.

די קונסט האָט אויף אונז אַ פאַרפיינערענדיגען איינפלוס ניט דורך מאָראַלישע דרשות, נאָר הויפּטזאַכליך דורך דעם, וואָס זי מאַכט ריינער אונזערע פאַרגעניגענס און פאַרגרעסערט אונזער סימפּאַטיע צו אַלץ, וואָס איז מענשליך.

מיר האָבען דעפינירט די עסטעטיק אַלס די פ י ל אָ ס אָ פ י ע פ ו ן פ י ל ע ן (קאַפּיטעל 35). אָבער מיר האָבען אויסגעפונען, אַז די ריינסטע געפילען שטאַמען פון דער פונקציע־אַקטיווקייט, ווייל זיי באַאיינפלוסען ניט אונזערע פאַרלאַנגען. די אויפגאַבע פון דער פ י ל אָ ס אָ פ י ע פ ו ן פ י ל ע ן איז דעריבער צו באַשרייבען די באַדייטונג פון דעם ריינעם פילען פאַר דעם פּסיכישען לעבען פון דעם יחיד און פאַר דער קולטור פון פאָלק בכלל. זי דאַרף זיך אָבער זעהר אויפמערקזאַם צוקוקען אויך צו די אָביעקטען, וואָס זיינען מסוגל אַרויסצוברייננען אַט די ריינע געפילען. אונזער גענעטישער און ביאָלאָגישער מעטאָד פון באַהאַנדלען די פראַגע האָט באַוויזען ווי אַזוי די עסטעטישע באַפרידיגונג, וועלכע ווערט באַטראַכט אַלס אַ פונקציע־פאַרגעניגען, איז אַרויסגעוואַקסען פון די פונקציע־פאָדערונגען. דער דאָזיגער פונקציע־פאַרגעניגען שאַפט ביי אונז סוף כל סוף אַ צערט־ליכע באַציהונג צו די שאַפונגען פון דעם קינסטלער, אַ ליבע, וועלכע ווערט אין פאַרבינדונג מיט דער פונקציע־באַפרידיגונג דער קוואַל פון שיינקייט. די עסטעטישע אורטיילען, וואָס דער דאָזיגער געפיל ברייננט אַרויס אַנטהאַלטען אין זיך סיי אַ סוביעקטיווען, סיי אַן אָב־יעקטיווען פאַקטאָר, און די אונטערזוכונג פון דעם עצם און ראַליע פון די דאָזיגע פאַקטאָרען איז אַ וויכטיגער עלעמענט אין דער פּראָב־לעם פון עסטעטיק. דער עצם פון דער שעפערישער טעטיגקייט פון דעם קינסטלער ווערט פאַרשטענדליכער, ווען מיר באַהאַנדלען זי לויט אונזער מעטאָד.

מיר האָבען אַלזאָ אָנגעוויזען אויף די צילען פון דער וויסענשאַפט פון עסטעטיק. מיר האָבען אויך אָנגעצייכענט די מעטאָדען, דורך וועלכע מיר קאָנען האָפען אויסצואַרבייטען ביי זיך, דורך ערנסטע

# פילאָסאָפיע

פארזוכען, א פילאָסאפיע פון פילען, וואס זאָל אפּגעבען דעם געהעריי־גען ארט און אנערקענונג אין דעם אוניווערז, פיי דעם עסטעטיש וויר־קענדיגען אביעקט, — אין א וועלט, וואו דער מענש איז, אמת, בלויז אן אומבאדייטענדיגער אטאם, אבער אן אטאם, אין וועלכען עס לעבט א שטרעבונג צו פארשטייז, צו באוואונדערען און צו ליבען דעם גאנ־צען גרויסען וועלטאל, פון וועלכען ער איז א לעבעדיגער טייל און חלק.

## זעקסטע אפטיילונג.

# עטיק און סאָציאָלאָגיע.

### 38. דער עצם ענין און פּראָבלעם פון עטיק.

דעם עצם־ענין פון דער עטיק — אדער מאָראַל־פילאָסאָפיע, איז נוגע די מענשליכע אויפפירונג, אויף וויפיל זי קאָן געאורטיילט ווערען פון מאָראַלישען שטאַנדפּונקט. דער עצם פון דעם מאָראַל־אורטייל איז אָבער ניט די אָביעקטיווע אויפפירונג, נאָר דער גייסטיגער מאָטיוו, וואס ליגט הינטער איר, דער ווילען און דער מאָראַל־צושטאַנד, וועלכער ווייזט זיך ארויס אין אַט דער אויפפירונג. עס וואָלט דעריבער געווען גאַנץ ריכטיג צו באצייכענען די עטיק אלס די פּ י ל אָ ס אָ פ י ע פ ו ן ו ו י ל ע ן.

די פּראָבלעם פון עטיק איז א פילפאַכיגע. קודם כל מוזען מיר פעסטשטעלען די פּסיכאָלאָגישע געזעצען פון הסכמה און טאַדעל, לויט וועלכע מיר אורטיילען מאָראַליש וועגען דער אויפפירונג פון די ארומיגע, און זיי וועגען אונז. די אונטערזוכונג וועגען דער אנטשטייאונג און אנטוויקלונג פון דעם מאָראַל־אורטייל, וועלכע מיר האָבען דאָ אין זינען, איז באמת דער צוגרייטונג־באָדען פאַר א וויסענשאַפטליכער סיסטעם פון עטיק. די דאָזיגע פּראָבלעם איז פון איין זייט א פּסיכאָלאָגישע און פון דער אנדער זייט א היסטאָרישע. כדי צו געפינען דעם פּסיכאָלאָגישען יסוד פון דער עטישער טעאָריע איז נויטיג צו מאַכען א פּינקטליכען פּסיכאָלאָגישען אַנאַליז פון אַלץ וואס קומט פאָר אין אונז גופא יעדעס מאָל, ווען מיר שטעלען אונזערע און פרעמדע מעשים אונטער א מאָראַלישען אורטייל. די דאָזיגע אונטערזוכונג מוז זיין בהסכם מיט דעם אַלגעמיינעם צוועק און מעטאָד פון פּסיכאָלאָגיע, ווי זיי זיינען באשריבען געוואָרען אין די פריערדיגע קאַפּיטלען. זי מוז געמאַכט ווערען ניט נאָר אַנאַליטיש, נאָר אויך ביאָלאָגיש

און גענעטיש. עס מוזען דערקלערט ווערען סיי די אנטשטייאונג פון דעם מאָראַל־אורטייל און פון דעם מאָראַל־געפיל, אויף וועלכען ער איז געבויט, און סיי די ווירקונגען פון די דאָזיגע פּראָצעסען אויף דער לעבענס־דערהאַלטונג פון דעם יחיד און פון דער ראַסע.

אפילו דעם אויבערפלאַכליכען באָאָבאַכטער מוז זיך וואַרפען אין די אויגען דער פאַקט, אַז איין און דערזעלביגער אַקט קאַן אויף א פאַרשיידענעם אופן באורטיילט ווערען אין פאַרשיידענע לענדער און צווישען פאַרשיידענע מענשען און פעלקער. עס פּאַסירט גאַנץ אָפט, אַז דערזעלביגער אַקט, וואָס ווערט זעהר הויך געשעצט און באַוואונדערט אין איין פּעריאָד ווערט פאַראורטיילט אין א צווייטען. און ס'איז אויך קלאָר, אַז די אונטערשיידען אין דעם גראַד פון דעם מאָראַלישען טאַדעל האָבען א זעהר גרויסע באַדייטונג. די וויסענשאַפטליכע עטיק האָט דעריבער פאַר זיך א זעהר שווערע און פאַרפלאָנטערטע אויפגאַבע, נעמליך, נאָכצופאָלגען די עוואָלוציע פון דעם מאָראַל־אורטייל פון די נידעריגסטע קולטור־מדרגות אַן, כדי ווי עס איז פעסט־צושטעלען די געזעצען פון זיין אנטוויקלונג.

א דאַנק ע ד ו ו א ר ד ו ו ע ס ט ע ר מ א ר ק׳ ס „אנט־שטייאונג און אנטוויקלונג פון מאָראַל־אידייעס" איז דער דאָזיגער ענין לעצטענס געשטעלט געוואָרען אויף א מער אָדער ווייניגער זיכע־רען יסוד. דער מאָראַל־אורטייל, באַזונדערס צווישען די פּרימיטיווע ראַסעס איז אין דעם ווערק באַשריבען און באַלויכטען געוואָרען מיט א מערקווירדיגער מאַסע פאַקטען. ער פאַרזוכט אויך אָנצואווייזען אויף דעם פּראָצעס, דורך וועלכען די מאָראַל־אורטיילען זיינען געענדערט געוואָרען ביי די ציוויליזירטע פעלקער. דער דאָזיגער טייל פון זיין אַרבייט דאַרף נאָך אָבער שטאַרק פאַרברייטערט ווערען. יעדענפאַלס האָט ער געשאַפען דעם באָדען פאַר דער אונטערזוכונג אויך אויף אָט דעם געביט.

די ווייטערדיגע פּראָבלעם פון עטיק, וועלכע ווערט פון אַלעמען באַטראַכט אַלס די וויכטיגסטע, קאַן באהאַנדעלט ווערען מיט אויס־זיכטען אויף ערפאָלג ערשט דעמאָלט, ווען מיר פאַרמאָגען גענוג מאַ־טעריאַל, וואָס איז געקליבען און צוגעגרייט געוואָרען דורך פּסיכאָלאָ־גישע און היסטאָרישע אונטערזוכונגען. ווייל מען מוז געדיינקען, אַז מען דערוואַרט פון דער עטיק, אַז זי זאָל אויך פאָרמולירען די כ ל ל י ם פון דער מענשליכער אויפפירונג. די דאָזיגע כללים דאַרפען ווערען

די וועגווייזער פאר אונזערע טאטען, זיי דארפען ווירקען אויף אונזערע באשלוסען ספעציעל אין די פאלען, ווען זיי קומען אין א צוזאמענשטויס מיט אונזערע פליכטען. אבער נאך מער פון אלץ דארפען אט די נארמעס רעגולירען די דערציאונג פון דער יוגענד. אויף אט דעם געביט קאנען זיי ברייגנען די גרעסטע נוצען און אויף אזא אופן מיטהעלפען דעם מאראלישען פראגרעס. מיט דער דאזיגער נ א ר מ א ט י װ ע ר פונקציע פון דער עטיק האט מען זיך אנגעהויבען פארנעמען פיל פריער און פיל אויפמערקזאמער, ווי מיט דער טעארעטיש־געשיכטליכער אונטערזוכונג.

אלזא, די עטיק אדער מאראל־פילאסאפיע, וועלכע מען רופט אויך „פראקטישע פילאסאפיע,“ איז די פ י ל א ס א פ י ע פ ו ן װ ו ע ל ע ן. איר אויפגאבע איז אויסצופארשען די געזעצען פון דעם מאראל־אורטייל און די פארמולירונג פון כללים פאר דער מאראלישער אויפפירונג.

## 39. ד י א נ ט װ י ק ל ו נ ג פ ו ן ע ט י ק.

די חקירות וועגען דער מאטעריעלער וועלט זיינען פיל עלטער ווי די, וואס זיינען געמאכט געווארען וועגען דער נאטור פון דעם מענשען און וועגען זיין גייסטיגען לעבען. די אנטוויקלונג פון עטיק האט זיך דעריבער אויך אנגעהויבען שפעטער, ווי די מעטאפיזיק. אמת טאקע, אז שוין אין דער פריסטער צייט און אין די פאלקס־ווערטלאך קאן מען געפינען מאראלישע כללים, אבער זיי צייגען בלויז אן אויף די אנפאנגען פון דעם מאראל־באוואוסטזיין און בשום אופן ניט אויף קיין סיסטעמאטישען נאכדענקען וועגען דער פראגע.

מיר האבען פון די פארצייטיגע דורות באקומען א געוויסע צאל עטישע זאצען, וועלכע מען שרייבט צו דעם אטאמיסט ד ע מ א ק ר י ט. אבער אפילו זיי זיינען, ערשטענס, גאנץ ספק׳דיגע און צווייטענס, פעלט זיי איינהייטליכקייט און צוזאמענהאנג. איין זאך איז אבער יעדענפאלס זיכער, און דאס איז, אז די עטישע פראבלעמען זיינען זעהר אפט דיסקוטירט געווארען אין אטהען פון פינפטען יארהונדערט פאר קר., און אז דער עולם האט זיך שוין דעמאלט באצויגען גאנץ סקעפטיש צו די טראדיציאנעלע מאראל־כללים.

# פילאָסאָפיע

פון אַט דעם קרייז דיינקער איז עס ארויסגעקומען ס אָ ק ר אַ ט (469—399 פאר קר.), דער גרינדער פון דער וויסענשאַפטליכער עטיק. ווי צ י צ ע ר אָ האָט באַמערקט, האָט ס אָ ק ר א ט אראָפּגע־בראַכט די פילאָסאָפיע פון הימעל אויף דר׳ערד. ער באַטראַכט דעם נאַכדיינקען איבער מאָראַלישע פּראָבלעמען אלס די איינציגע אונטער־זוכונג, מיט וועלכער די פילאָסאָפיע דאַרף זיך פאַרנעמען. לויט זיין מיינונג באַשטייט דער עצם פון מאָראַל אין אַ קלאָרען אריינטראַכטען זיך אין דער נאַטור פון דעם, וואָס עס איז אַזוינס דער אמת. ווער עס באַזיצט דעם נויטיגען באַוואוסטזיין, דער וועט צופּאַסען דערצו אויך זיינע האַנדלונגען. ווער עס האַנדעלט אנדערש דער האָט נאָך ניט דערגרייכט די נויטיגע קלאַרקייט פון אריינקוקען זיך אין זיך אליין. דאָס דאָזיגע „איינקוקען זיך" אין זיך אליין ווערט דערגרייכט דורך דער לאָגישער אונטערזוכונג וועגען די באַגריפען פון גוטסקייט, שיינ־קייט, יושר, רחמנות א. אַ. וו. דער סך הכל פון אַזאַ אונטערזוכונג גיט דעם פילאָסאָף די אבסאָליוטע זיכערקייט, וואָס מאַכט אים פול־שטענדיג אומאָפּהייננגיג פון דעם אויטאָריטעט פון טראַדיציע און פון דעם דעת הקהל. ס אָ ק ר אַ ט האָט זיך אומקאָמפּראָמיסליך געהאַל־טען אַן אַט דער אומאָפּהייננגיגקייט און האָט דערפאַר באַצאָלט מיט אַ מאַרטירער־טויט. און גראָד דאָס האָט געגעבען זיין לערע אַזאַ שטאַר־קען אנשטויס, אַז איר איינפלוס לאָזט זיך נאָך ביז איצט פילען.

א נ ט י ס ט ה ע נ ע ס, ס אָ ק ר אַ ט ׳ ס אַ תלמיד און דער גרינדער פון דער אַזוי גערופענער ק י נ י ש ע ר שול, וואָס איז באַזונדערס באַרימט געוואָרען דורך ד י אָ ג ע נ ׳ ע ן, באַטראַכט דאָס פ ר י י ז יי ן פ ו ן ב אַ ד ע ר פ ע נ י ש ע ן אלס דעם עצם פון מאָראַלישער אומאָפּהייננגיגקייט. די ס ט אָ י ק ע ר ווידער, וואָס זיינען ארויסגעקומען פון די ק י נ י ק ע ר, גייען אין ס אָ ק־ ר אַ ט ׳ ס וועגען און זוכען צו דערגרייכען אומאָפּהייננגיגקייט דורך דעם קאָנטראָל פון שכל איבער די געפילען. לויט דער טעאָריע פון די סטאָיקער גיט זיך דער חכם אונטער מיט אַ נחת רוח דעם גאַנג פון דער נאַטור, ווייל ער קאָן סיי ווי ניט בעסער מאַכען די וועלט. און אַט דער נחת־רוח אונטערשיידעט עס דעם חכם פון דעם שוטה, ווייל דער נאַר פּרובט זיך אומזיסט באַקעמפען די נאַטור און פאַרלירט אין אַט דעם קאַמף זיין גייסטיגע רוהיגקייט. די סטאָאישע עטיק האָט געהאַט אַ טיפע ווירקונג אויפ׳ן קריסטענטום און האָט אויף אַזאַ אופן

# ווילהעלם יערוזאַלעם

מיטגעהאָלפען צו פאַראייביגען די ווירקונג פון ס אָ ק ר אַ ט ' ס געדאַנק אפילו ביז אונזערע צייטען.

אַ ר י ס ט י פּ, אַ צווייטער תּלמיד פון ס אָ ק ר אַ ט ' ע ן, זוכט, פון דער אַנדער זייט, דעם סוד פון דער סאָקראַטישער אומאָפּ־הייננגיגקייט אין דעם ד ע ר ה ו י ב ע נ ע ם נ ש מ ה ־ צ ו ש ט אַ נ ד, וואָס לאָזט זיך ניט באַאומרוהיגען ניט דורך ליידענשאַפטען און ניט דורך די קלעפּ פון דעם גורל. די דאָזיגע לערע, וועלכע איז שפּעטער געניויער באַאַרבייט געוואָרען פון ע פּ י ק ו ר ו ס ' ן האָט געפונען זעהר פיל אנהייננגער אין דעם פּאַרצייטיגען גריכענלאַנד און רוים.

כאָטש דער פאַרשטאַנד האָט אַ זעהר גרויסע באַדייטונג פאַר דער מאָראַל האָט אָבער ס אָ ק ר אַ ט זיכער מגזם געווען זיין ראָליע. אַ ר י ס ט אָ ט ע ל האָט באַמערקט די דאָזיגע איינזייטיגקייט און האָט געהאַלטען, אַז די געוויינהייט און די ווילענסקראַפט האָבען אויך אַ גרויסע באַדייטונג פאַר דער מאָראַל. ער באַטראַכט די טוגענד אַלס אַ ווילענס־נטיה, וועלכע מען באַקומט דורך דער געוויינהייט. אַ ר י ס־ ט אָ ט ע ל איז אויך געווען דער ערשטער, וואָס האָט פעסטגעשטעלט דעם העכסט־וויכטיגען פּרינציפּ, אַז דאָס גליק באַשטייט ניט אין דעם בלויזען באַקומען פאַרגעניגען, נאָר אין דער צילבאַוואוסטזיניגער אַק־טיוויקייט פון גייסט.

פּ ל אַ ט אָ ן, וועלכער איז דער באַרימטסטער פון אַלע תּלמידים ס אָ ק ר אַ ט ' ס איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט געפּרופט געבען אַ מעטאַפיזישע באַגרינדונג פון עטיק. די אַ י ד י י ע ו ו ע־ג ע ן ג ו ט ס, וועלכע פּ ל אַ ט אָ ן אידענטיפיצירט אָפט מיט דער גאָטהייט איז דער ציל פון יעדער עקזיסטענץ. און אין דער־זעלביגער צייט באַקומט די עקזיסטענץ איר ווירקליכקייט און זינען בלויז אַ דאַנק אָט דער אידייע פון גוטס. נאָך וויכטיגער איז אין דער פּלאַטאָנישער עטיק דער פּרינציפּ, אַז די גערעכטיגקייט, וועלכע איז דער תּמצית פון אַלע טוגענדען דערגרייכט איר פאָלקאָמענקייט בלויז אין דעם שטאַט. זיין אידעאַל וועגען דעם שטאַט, וואָס ער האָט אנגעצייכענט אין איינקלאַנג מיט אָט דעם גרונט־געדאַנק, שטרייכט אונטער דעם סאָציאַלען כאַראַקטער פון דער עטיק און אַנטהאַלט אין זיך מאָראַליש פאָדערונגען, וואָס האָבען נאָך ביז איצט ניט פאַרלאָרען זייער ווערט.

די הנחה, וועלכע ווערט באַטראַכט אַלס אַ זעלבסטפאַרשטענד־

ליבע, אז דער ציל פון דער מאָראל איז דער גליק (עודעמאָניא) פון דעם יחיד, איז דער גרונט־געדאַנק פון אַלע פּאַרצייטיגע עטישע סיסטעמען. לויט דעם דאָזיגען שטאַנדפּונקט איז די עטיק בלויז א טעאָריע פון גייסטיגע ווערטען און איר אויפגאַבע איז אויסצוגעפינען די מיטלען, ווי צו זיין גליקליך. די דאָזיגע טעאָריע איז באַקאַנט אַלס עודעמאָניזם.

דער קריסטענטום האָט פאַרשפּרייט אין די ווייטסטע קרייזען הויפּטזאַכליך דעם איינפלוס פון די גרונט־פּרינציפּען פון דער אידישער תורה. די אידישע עטיק שטיצט זיך אויף צוויי געבאָטען, נעמליך — אויף דער ליבע צו גאָט און צו די מיטמענשען („אהוב את ה׳ אלהיך" און ואהבת לרעיך כמוך"). די ליבע צו גאָט פאַרלאַנגט פון אונז א פּריידיגען און אבסאָליוטען אויספאָלגען פון די געטליכע מצוות און א פולשטענדיגער אונטערגעבען זיך אונטער זיין ווילען. די ליבע צו אונזערע מיטמענשען פאַרפליכטעט אונז צו יושר, גוטוויליגקייט, גוטהאַרציגקייט און רחמנות צו אונזערע שכנים און אפילו צו אונזערע שונאים. דער קריסטענטום שטרייכט בלויז אונטער די דאָזיגע פליכט צו ליבען און פאַרשפּרייט די ליבע אויף דער גאַנצער מענשהייט. אַלע מענשען זיינען גאָט׳ס קינדער און זיינען דעריבער אונזערע ברידער. דורך אָט דער אויסברייטערונג פון אָט דעם געבאָט ברעכט דער קריסטענטום די נאַציאָנאַלע גרעניצען פון יודאַאיזם און ברייננט אריין אין דער וועלט די הויכע אידייע, וואָס איז נאָך דערווייל ניט פאַרווירקליכט געוואָרען, נעמליך, די אידייע וועגען דער אוניווערזאַלער ברידערליכ־קייט, — דעם געדאַנק וועגען אַן אמת מענשליכען געבאָט פון ליבע, וואָס נעמט אַרום די גאַנצע מענשהייט.

צו דער דאָזיגער אידייע וועגען אוניווערזאַלער ברידערליכקייט גיט נאָך דער קריסטענטום צו דעם גלויבען אין השארת הנפש, וועלכער לאָזט זיך שטאַרק מערקען אין די אָרפישע מיסטעריעס פון די גריכען (נאָך דעם 6־טען יאָרהונדערט פאַר קר.) און פון וועלכען מיר געפינען אין דער אידישען תורה בלויז שוואַכע שפּורען. די קריסטען פון די ערשטע יאָרהינדערטען האָבען באַטראַכט דאָס לעבען אַלס א בלויזע צוגרייטונג צום אמת׳ען לעבען, וואָס קומט ערשט נאָכ׳ן ערדישען טויט, ווען די נשמה, וואָס איז באַפרייט געוואָרען פון די קערפּערליכע איבלען, וועט לעבען אין דער אנגעזיכט פון גאָט. די האָפענונג אויף דעם הימלישען לעבען איז געווען א טרייסט פאַר די אונטערדריקטע

# ווילהעלם יערוואַלעם

ארימע מאסען פון דער רוימישער אימפעריע. די נייע לערע האט זיך דעריבער פארשפרייט צווישען די דאזיגע קלאסען מיט א מערקוויר־דיגער שנעלקייט. אין קריסטוס'עם אייגענער לערע האט די דאזיגע טעאריע קיין שום שייכות ניט מיט אן אפזאגען זיך פון דער וועלט און מיט אסקעטיזם. ער האט, אמת, געלערנט זיינע תלמידים ניט צו שיינקען קיין צו גרויסע אויפמערקזאמקייט די ערדישע תענוגים. אבער ער איז געווען גאנץ ווייט פון באטראכטען די זעלבסטפייניגונג אלס א ספעציעלע טוגענד. פארקערט, זיינע דרשות זיינען אנגעזאפט מיט א פרייד פון לעבען אין זיין גאנצער פולקייט און ווירקליכקייט. די לערע וועגען דער אלגעמיינער זינדיגקייט פון די מענשען האט זיך באוויזען ערשט שפעטער. פון איר שטאמען די פארזוכען צו באזיגען דעם חומר דורך תענתים און זעלבסט־פייניגונגען. אויב מען האט דערמיט אפילו דערגרייכט ניט מער, ווי א האפענונג אויף עולם הבא, האט די דאזיגע האפענונג אליין שוין פיל פארגרעסערט דעם מענשענס פעהיגקייט צו זעלבסט־אויפאפפערונג; און די וויכטיגקייט וואס מען האט צוגעגעבען דער נזירות.האט קלארער און שארפער אנגעצייכענט די פליכט צו קאנטראלירען זיך אליין.

די לערע וועגען מידת הרחמים האט אבער געהאט א פארקערטע ווירקונג. די דאזיגע לערע, וואס איז אנטשטאנען שוין אין די ערשטע יארהונדערטען איז שפעטער גענויער און סיסטעמאטישער באארבייט געווארען דורך ס ע י נ ט ־ א ו י ג ו ס ט י ן (354—430). א דאנק דער דערקלערונג, אז דער מענש איז בשום אופן ניט בכוח אליין צו ראטעווען זיין נשמה, איז אומגעהויער אויסגעוואקסען די מאכט פון דער קירך, וועלכע איז דערקלערט געווארען אלס די איינציגע אויס־טיילערין פון רחמים. דעריבער האט שוין דער קריסט אנגעהויבען גלויבען, אז ער קאן זיכערער ראטעווען זיין נשמה דורך דעם אפהיטען פון די קירכליכע דינים און צערעמאניעס, איידער דורך דער מאראלי־שער רייניגונג פון זיין הארץ.

אבער די אומאפהייגיגקייט פון דעם מאראל־באוואוסטזיין האט זיך ביסלאכווייז פארט גענומען ארויסווייזען און האט ענדליך פאר־נומען דעם אויבענאן. נאר אין דעם מיטעלאלטער האט א ב ע ל י א ר ד געפרופט אויסארבייטען אן עטישע סיסטעם, וואס זאל זיין אומאפהייג־גיג פון דער רעליגיעזער דאגמע. אין דער צייט פון דער רעפארמאציע זוכט מען שוין דעם מקור פון מענשליכען גליק אין דעם מענשליכען

# פילאָסאָפיע

הארצען און מען באַהויפּט, אַז מען קאָן זיך ראַטעווען דורך גלויבען. אמת, דער דאָזיגער גלויבען פאַלט ווידער אריין אין דער קירכליכער מדת הרחמים פון דעם שפּעטערדיגען פּראָטעסטאַנטיזם. אָבער מען האָט שוין מער ניט געקאָנט אָפּשטעלען די אינטעלעקטועלע באַוועגונג, וואָס האָט דערקלערט די מאָראַל פאַר דעם אינווייניגסטען פּרינציפּ פון דער מענשליכער נאַטור, אָפּזאָגענדיג זיך דערביי פון דעם געדאַנק צו אַנטדעקען דעם מאָראַלישען פּרינציפּ אין קרעפטען, וואָס ליגען אויסער דעם מענשען און באַפרייענדיג דעם מענשליכען פאַרשטאַנד פון די צוואַנגען פון טראַדיציע.

אין די נייערע צייטען האָבען די ענגלישע דיינקער דורך זייערע גרינדליכע אונטערזוכונגען פון די עטישע פּראָבלעמען מער פאַר אַלעמען בייגעשטייערט צום פאַרשטיין פון דער נאַטור און די אייגענשאַפטען פון מאָראַל. ל אָ ק ק ע, ה אָ ב ב ס און ש ע פ ט ס ב ו י ר י אין דעם 17־טען יאָרהונדערט, און די שאָטלענדער ה אָ ט ש י ס אָ ן, י ו ה ם און ס מ י ט ה אין דעם 18־טען האָבען אין דעם פּרט אומגעהויער פיל אויפגעטאָן. זיי האָבען דורך אַ טיפען אַנאַליז שטאַרק פאַרגרעסערט אונזער באַקאַנטשאַפט מיט דער פּסיכאָלאָגיע פון דעם מאָראַל־אורטייל, גרינדליך אונטערזוכט די פּראָבלעם וועגען דעם מקור פון מאָראַל, אונטערגעשטרייכט איר סאָציאַלען כאַראַקטער, דאָס הייסט, איר שייכות צו דעם אַלגעמיינעם וואוילזיין, און אויפ'ן שטאַרקסטען אופן פאַרטיידיגט דעם זעלבסטשטענדיגען ווערט פון די עטישע נאָר־מען, אומאָפּהענגיג פון רעליגיעזע דאָגמען.

אין 17־טען יאָרהונדערט האָבען די נאָכפאָלגער פון ד ע ־ ק אַ ר ט'ע ן אין פראַנקרייך געפּרופט שאַפען אַ מעטאַפיזיק פון עטיק. דעם וויכטיגסטען פאַרזוך אין דעם פּרט האָט געמאַכט מ אַ ל ב ר אַ נ ש. אין דעם אַכצענטען יאָרהונדערט, האָט די אויפ־קלערונג־פילאָסאָפיע, פאַרקערט, געפּרופט באַגרינדען די מאָראַלישע געזעצען אויפ'ן יסוד פון דערפאַרונג, און דערביי איז איר אויסגאַנג־פונקט געווען די מאָראַל־פילאָסאָפיע פון דעם ענגלישען דיינקער, ל אָ ק ק ע. זיי האָבען אַנגעווענדעט דעם מעטאָד פון אַרויסברייינגען מאָראַלישע כּללים פון עגאָאיסטישע מאָטיוון. דאָס איז געטאָן גע־וואָרען אין איינקלאַנג מיט דער דעמאָלטדיגער מאַטעריאַליסטישער פי־לאָסאָפיע.

# ווילהעלם יע׳ וואלעב

שפינאזא האט געבויט זיין עטיק אויף אן אייגנארטיגן מעטאפיזישן באזיס. דער מענש דערגרייכט דעם העכסטן גראד פון גליק און פאלקאמענקייט פון זיין נשמה דורך דער ליבע צו גאט, וואס איז געבויט אויף וויסן. נאכמער, אזוי ווי גאט און דער אוניווערז זיינען לויט שפינאזא'ס פאנטעאיסטישער וועלט־טעאריע איינס און דאסזעלביגע, איז די ליבע צו גאט בלויז א פולער אונטערגעבן זיך צום אייביגן יש, די באוואוסטזיניגע אונטערטעניגקייט פון דעם יחיד צו דעם אוניווערזאלן געזעץ. דער אפט־ציטירטער 19־טער זאץ פון דעם 5־טן בוך פון שפינאזא'ס עטיק זאגט פאלגנדעס: „דער, וואס האט ליב גאט, קאן ניט דערווארטן, אז גאט זאל אים דערפאר אויך ליב האבן". כאטש דאס פאדערט פון אונז פון איין זייט א פולשטענדיגע זעלבסט־פארלייקענונג, איז עס אבער פון דער אנדער זייט א קוואל פון דער טיפסטער גייסטיגער פרייד, וואס איז דורך און דורך פאזיטיוו און אפטימיסטיש. שפינאזא'ס עטיק האט, ווי שוין פריער דערמאנט, געהאט א טיפן איינפלוס אויף הערדער'ן, געטהע'ן, שעלינג'ען און העגעל. ס'איז אין דער אמת'ן א קאסמאלאגישע עטיק, אבער זי נעמט ניט אין אכט דעם סאציאלן פאקטאר, דעם פאקט, אז נייע עטישע אידייעס ווערן כסדר געשאפן דורך דעם באשטענדיגן פארקער מיט די מיטמענשן און מיט דער געזעלשאפט.

קאנט האט זיך געהאלטן אן אן אנדער שטאנדפונקט. אין זיין „קריטיק פון פראקטישן פארשטאנד" (1788) האט ער בנוגע צו דער מאראל אנגעווענדעט דעמזעלביגן דעדוקטיוון מעטאד, וועלכן ער האט פריער באנוצט בנוגע די פונדאמענטאלע פארמען פון פארשטאנד און געפיל, בעת ער האט אונטערזוכט די טעאריע פון וויסן. קאנט האלט, אז דער מאראלישער געזעץ איז אן איינגעבארענער פרינציפ פון דער נשמה און איז גילטיג אומאפהענגיג פון יעדער דערפארונג. דעם דאזיגן מאראל־געזעץ, וואס קאן האבן בלויז אן אלגעמיינעם און פארמעלן כאראקטער, באצייכנט ער אלס קאטעגארישן אימפעראטיוו. ער צווינגט עס אונז „צו האנדלען אויף אזא אופן, פונקט ווי דער פרינציפ פון אונזער האנדלונג וואלט מיט דער קראפט פון אונזער ווילן באשטימט געווארן צו ווערן אן אוניווערזאלער געזעץ פון דער נאטור". פון דער אנדער זייט אבער האט קאנט אין אן אנדער פארמולירונג

פון זיין קאטעגארישען אימפעראטיוו הייס און שארף געפאדערט, אז ניט נאר זאלען די מאראלישע צוועקען זיך רעכענען מיט דער מענש־הייט בכלל, נאר אויך אז יעדע באזונדערע פערזאן זאל באטראכט ווערען ווי א צוועק פאר זיך אליין. „טו אזוי אז דו זאלסט באהאנדלען די מענשהייט אין זיך אדער אין אנדערע שטענדיג אלס א צוועק און קיינמאל ניט אלס א בלויזען מיטעל“. (ק א נ ט, „גרונדלאגען צו דער מעטאפיזיק פון זיטען“, טייל 4, זייט 277 פון הארטענשטיינס אויסגאבע). דער פרינציפ, וועלכען ק א נ ט האט אויף אזא אופן ארייגעפירט אין עטיק האט א זעהר גרויסע באדייטונג און איז נאר ביז איצט ניט אפגעשאצט געווארען אין דער פולער מאס. אונזערע אקטען זיינען פריי און מאראליש בלויז דעמאלט, ווען דער ווילען איז אונטערטעניג צום געזעץ. די דאזיגע אונטערטעניגקייט דארף אבער זיין א לאגישער אויספיר, וואס איז פריי פון יעדער סענטימענטאלקייט. אנדערש וועט אונזער אקט דיקטירט ווערען דורך אונזערע נויגונגען און ניט דורך אונזער פליכט־געפיל.

זינט ק א נ ט ׳ ס צייטען איז דער דאזיגער חלוק צווישען נויגונג און פליכט געווען דער באשטימענדיגער פרינציפ פון דעם מאראל־אורטייל. ניט קוקענדיג אויף דער שארפער פונאנדערטיילונג פון די דאזיגע צוויי מאטיווען, וואס קאנען לאגיש ניט אפגעטיילט ווערען איינגאנצען איינער פון דעם צווייטען ניט פראקטיש און ניט טעארעטיש, איז קאנט׳ס עטיק דורכגעדרונגען מיט אן עלעמענט פון א מערקווירדיגער גרויסקייט.

פ י כ ט ע האט אויסגעארבייט די אידייע וועגען דער אבסאליו־טער אומאפהייגיגקייט פון דער עטישער פארפליכטונג. דערביי שטיצט זיך איר פולשטענדיגע פרייקייט פון יעדער טראדיציע אויף דעם איינגעבארענעם מאראלישען געזעץ. אין דעם פרט שטייגט פ י כ ט ע אפילו אריבער ק א נ ט ׳ ע ן. פ י כ ט ע באטראכט דעם פערזענליכען באוואוסטזיין, אלס דעם אבסאליוטען און זיכערסטען ריכטער וועגען גוטס און שלעכטס. מאראלישע האנדלונגען זיינען א ספעציעלע פליכט פון יעדען בר־דעת. די דאזיגע פליכט באשטייט אין א פולשטענדיגען איבערגעבען זיך צו דער אידייע און אין א באַ־פרייאונג פון אלץ, וואס ווידערשפרעכט דעם שכל.

להיפוך צו די דאזיגע טעאריעס, וועלכע באטראכטען אונזער איינגענעם געוויסען אלס דעם יסוד פון מאראל גלויבט ה ע ג ע ל,

# ווילהעלם יערוזאַלעם

אז אונזער מאָראַלישע אויפפירונג געפינט זיך אונטער דעם איינפלוס פון דעם אָביעקטיווען געדאַנק. די מאָראַל ווערט פאַרווירקליכט אין דער פאַמיליע, אין געזעלשאַפט און אין׳ם שטאַט. די דאָזיגע פאַרווירקליכטע מאָראַל איז אַז אמת׳ע קראַפט, וואָס שטייט העכער פון אונזער סוביעקטיווען געוויסען און פּרופט פירען דעם יחיד ביד חזקה. אָבער די מאָראַל, אלס די אויסדרוק־פאָרם פון דעם אָביעקטיווען געדאַנק איז בטבע אויך ניט באַשטענדיג און אומפאַרענדערליך. יעדע פּאָליטישע אָרגאַניזאַציע האָט בלויז אַ קליינעם חלק אין דער אָביעקטיווירונג פון דער אידייע וועגען מאָראַלישער פרייהייט.

אויב מיר זאָלען באַפרייען די דאָזיגע העגעליאַנישע טעאָריעם פון זייער מעטאַפיזישען קלייד וועלען מיר אין זיי אַנטדעקען אַ מאַסע זעהר וויכטיגע, פעסטע אמת׳ען, נעמליך: דעם איבער־פּערזענליכען (דאָס הייסט סאָציאַלען) כאַראַקטער פון די עטישע פליכטען, זייער אויטאָריטאַטיווע אָביעקטיווירונג פון שטאַט (דאָס הייסט די הנחה, אַז דער שטאַט איז אַן אייביגע דערשיינונג, וואָס מוז שטענדיג עקזיסטירען), און די טעאָריע וועגען שטענדיגען וואַקסען. די מאָדערנע עטיק האָט אָנגענומען די אַלע פּרינציפּען, כאָטש זי אַנערקענט דערביי ניט שטענדיג אין דער פולער מאָס, אַז זי האָט עס צו פאַרדאַנקען העגעל׳ן.

דער ענגלישער פילאָסאָף דזשערעמי בענטאַם איז דער באַגרינדער פון דעם אַזוי גערופענעם אוטיליטאַריאַניזם (מאָראַל פון נוצליכקייט), וועלכע מיר וועלען גענויער באַטראַכטען שפּעטער. די דאָזיגע טעאָריע גייט אַרויס פון דעם שטאַנדפּונקט פון פּראַקטישער נוצליכקייט און האָט כסדר אין זינען די פּראַקטישע געזעצגעבונג.

מיר וועלען דאָ אויסלאָזען די פּסיכאָלאָגישע און מעטאַפיזישע לייזונגען פון דער עטישער פּראָבלעם, וואָס זיינען פאַרגעלייגט געוואָרען אין די ווערק פון בענעקע, הערבאַרט און שאָפּענהויער, און וועלען זיך אָפּשטעלען אויף דער עוואָלוציאָנערער עטיק, — דאָס הייסט אויף דער געדאַנקען־ריכטונג, וואָס איז באַאיינפלוסט געוואָרען דורך דאַרווינ׳ס טעאָריע פון עוואָלוציע.

לויט ספּענסער׳ס און דאַרווינ׳ס מיינונג איז

אבסאָליוט אוממעגליך אויסצופאָרשען א וועלכען עס איז טייל פון דעם פסיכישען לעבען אויף אַן אַנדער וועג, ווי דורך זיין היסטאָרישע עוואָלוציע און ביאָלאָגישע רעזולטאַטען. קאַריערי איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט אַנגעווענדעט דעם דאָזיגען פּרינציפּ צו דער וויסענשאַפט פון עטיק, און הערבערט ספּענסער האָט אים פולשטענדיג דורכגעפירט אין זיין ווערק „די פּרינציפּען פון עטיק". אַלע נייע סיסטעמען פון עטיק זיינען מער אָדער ווייניגער עוואָלוציאָנעריש, און זיינען יעדענפאַלס געצוואונגען קלאָר צו מאַכען זייער שטעלונג צו דעם פּרינציפּ פון עוואָלוציע. דער גרונט כלל פון דעם עוואָלוציע־פּרינציפּ איז, אַז די מאָראַלישע טאַט דאַרף באַטראַכט ווערען אַלס א טייל פון ווירקליכען לעבען און דאַרף אויס־געטייטשט ווערען אַלס א תנאי, וואָס דינט דער דערהאַלטונג פון דעם יחיד און פון דער ראַסע ביים לעבען.

פרידריך ניטצשע האָט זיך מיט שטאָלץ באַצייכענט אַלס אַנטי־מאָראַליסט. דאָס האָט אים געשטעלט אונטער'ן פאַר־דאַכט, אַז ער וויל אינגאַנצען צעשטערען די מאָראַל־פילאָסאָפיע און די עטיק. אין דער אמת'ען אָבער דאַרף ער באַטראַכט ווערען אַלס עוואָלוציאָנערישער מאָראַליסט. ניטצשע טרעט אַרויס אַנטקעגען דער איבערטרייבונג פון זעלבסט־פאַרלייקענונג און פון אַסקעטיזם מיט אַזאַ שאַרפער שפּראַך און מיט אַזאַ קראַפט פון געדאַנק, אַז ער צע־שטערט אַלץ, וואָס שטייט אים אין וועג. שוין דער אויסרייד גופא, אַז מען מוז האָבען א מאָראַלישע דיסציפּלין, כדי איינצוברעכען דעם מענשליכען גייסט, אַז ער זאָל ווערען מאָראַליש, — שוין דאָס גופא פּאַראַליזירט, לויט ניטצשע'ס מיינונג, די פּאָזיטיווע מאָראַ־לישע ענערגיע פון דעם מענשען. ניטצשע פאָדערט פאַר דער מענשהייט א ברייטערע און העכערע אַנטוויקלונג. צוליב דעם דאָזיגען צוועק וואָלט ער וועלען דערהויבען די פרייד פון לעבען, און גלויבט דעריבער, אַז א פּאָזיטיווען ווערט האָבען בלויז די נטיות פון דעם מענשען, וואָס זיינען פּאָזיטיוו, ספּאָנטאַן און פירען צו א העכערער לעבענסקראַפט. אויב מען זאָל וועלען אַראָפּנעמען פון חשבון ניטצשע'ס רעטאָרישען און אינדיווידואַליסטישען ניט רעכענען זיך מיט די אַרומיגע, וועלען מיר ביי אים תּיקף אויסגעפינען דעם געזונטען פּרינציפּ פון זיינע עטישע טעאָריעס. ניטצשע האָט נעמליך ווידער אויפגעלעבט און מיט גרויס היץ בפּרטיות'דיג אַנטוויי־

קעלט א לערע, וואס איז צוערשט אנגעצייכענט געווארען ביי ש פּ י־נ א ז א ׳ ן און איז שפּעטער גענויער באארבייט געווארען פון ש י ל ע ר ׳ ן. ער פארלאנגט אז די טראדיציאנעלע פארזארגטע עטיק זאל פארביטען ווערען דורך אן עטיק פון פרייד; אז אנשטאט דער אלטער עטיק פון דעם אפּשוואכענדיגען אפּזאגען זיך פון זיך אליין זאל איינגעפירט ווערען אן עטיק פון מעכטיגער אקטיווקייט.

שפּעטער, ווען מיר וועלען איבערגיין צו אונזער אייגענער גענעטיש־ביאלאגישער דערקלערונג פון עטיק וועלען מיר זיך נאך באנוצען מיט דער דאזיגער טעאריע.

### 40. די פּראבלעם פון פרייען ווילען.

אויף וויפיל יעדע מאראל־טאט קומט ארויס פון א באוואוסטזיניגען ווילענס־אקט איז די פּראבלעם פון פרייהייט אדער פון פאראויסבאשטימטקייט פון דעם ווילען אוויכטיגע פראגע, וואס קאן ניט אויסגעמידען ווערען.

צוויי באשיידען זיינען פארגעשלאגען געווארען פאר דער פּראבלעם און ביידע זיינען זיי דער היפּוך איינער צו דעם צווייטען. לויט דעם ערשטען באשייד איז אונזער ווילען פריי און מאכט זיינע באשלוסען איינגאנצען מיט זיין אייגענעם כח. מיר, דאס הייסט אונזערע ווילענס, קלייבען פריי אויס צווישען די מאטיווען וואס ווירקען אויף אונזער ווילענס־אויסדרוק און מיר הייגנען דערביי ניט אפּ פון קיין שום אויסערליכער קראפט. דער ווילען ווערט קיינמאל ניט באהערשט אדער רעגולירט דורך וועלכע עס איז אורזאכען; פארקערט, ער אליין איז די אורזאך פון יעדען אויסוואל, וואס מיר מאכען. די דאזיגע טעאריע איז באקאנט אלס אינדעטערמיניזם.

די צווייטע טעאריע האלט, פארקערט, אז אונזערע ווילענס־אקטען זיינען בלויז רינגען אין א קייט פון דערשיינונגען, וואס שטעלען צוזאמען דעם גאנצען וועלט־גאנג, און זיי זיינען ווי אלע אנדערע דערשיינונגען אונטערגעווארפען אונטער׳ן געזעץ פון אורזאכליכקייט (קאוזאליטעט). מען קאן זיך אבסאליוט ניט פארשטעלען קיין פּאסירונג, וואס זאל ניט האבען איר אורזאך אין א פריהערדיגער פּאסירונג אדער פראצעס. די הנחה וועגען א ניט־פאראורזאכטער פּאסירונג ווידערשפּרעכט אלע פּרינציפּען פון וויסענשאפטליכער אונטערזוכונג,

אונזערע ווילענס־אַקטען זיינען דער פּראָדוקט פון אונזער אָרגאַניזאַציע, וואָס איר כאַראַקטער איז פולשטענדיג פאָרויסבאַשטימט דורך ירושה, דערציאונג, טראַדיציע און שיקזאַל. אַן אַבסאָליוטער שכל, וואָס איז פעהיג צו באַנעמען מיט אַמאָל דעם גאַנצען גאַנג פון אונזער אַנטוויקלונג אין אַלע זיינע פּרטים וואָלט אויך פעהיג געווען פאָרויסצוזאָגען אונזערע באַשלוסען אין יעדען באַזונדערען פאַל מיט דערזעלביגער פּינקטליכקייט און זיכערקייט, מיט וועלכער אונזערע אַסטראָנאָמען רעכענען אויס דעם קומען פון אַ לקוי חמה. די דאָזיגע ריכטונג איז באַקאַנט אונטער'ן נאָמען — ד ע ט ע ר מ י נ י ז ם.

דער א י נ ד ע ט ע ר מ י נ י ז ם שטיצט זיך אויף דעם פּסיכאָלאָגישען פאַקט, אַז איידער מיר באַשליסען עפּעס צו טאָן האָבען מיר אַ קלאָרען געפיל, אַז מיר האָבען פאַר זיך פאַרשיידענע ברירות; און ווען דער אויסוואַל איז שוין געמאַכט געוואָרען פילען מיר שטענדיג, אַז מיר וואָלטען געקאָנט טאָן פּונקט פאַרקערט, ווען מיר זאָלען נאָר וועלען. דער אינדעטערמיניזם שטיצט זיך אויך אויף דעם עטישען אַרגומענט, אַז מיר קאָנען געהאַלטען ווערען מאָראַליש־פאַראַנטוואָרטליך פאַר אונזערע מעשים בלויז אין דעם פאַל, ווען די דאָזיגע מעשים זיינען אַ רעזולטאַט פון אונזער אייגענעם, ניט־געצוואונגענעם ווילען.
דער ד ע ט ע ר מ י נ י ז ם איז זיך סומך אויף דער אוניווערזאַלקייט פון דעם געזעץ פון אורזאַכליכקייט, אויף דער קעגענזייטיגער אָפּהיינגיגקייט פון דער פיזישער און פּסיכישער אָרגאַניזאַציע, און ענדליך אויף דער אייגענאַרטיגקייט פון די מענשליכע האַנדלונגען, — אַן איינאַרטיגקייט, וואָס קאָן אין אַ געוויסער מאָס באַשטעטיגט ווערען אפילו דורך סטאַטיסטיק. ווען מען נעמט אין באַטראַכט אַ גענוג גרויסע צאָל יחידים.

אין פאַרלויף פון יאַרהונדערטען האָט עס אויסגעזעהן אַזוי זיכער, אַז דער דעטערמיניזם האָט געוואונען די אויבערהאַנט, אַז אַ סך פּסיכאָלאָגען און פילאָסאָפען האָבען באַטראַכט דעם גאַנצען ענין פאַר אַ געשלאָסענעם. די הערשענדיגע מיינונג איז געווען, אַז יעדער וויסענשאַפטסמאַן מוז שוין במילא זיין אַ דעטערמיניסט. אָבער לעצטענס האָט דער אינדעטערמיניזם געפונען אַזעלכע ענטוזיאַסטישע פּאַרטייאיגער ווי ו ו י ל י א ם ד ז ש י י מ ס, ה י י נ ר י ך ג א מ פּ ע ר ץ און ק אַ ר ל י א ע ל. די מעטאַפיזישע פּראָבלעם וועגען

# ווילהעלם יערוזאלעם

דער פרייהייט פון ווילען איז דעריבער ווידער אויפגעשטאנען אין איר פולער גרויס.

די שוועריגקייט פון דער דאזיגער פראבלעם וואס האט אינטערעסירט די טיפסטע דיינקער פון דער פארגאנגענהייט און געגענווארט קאן היבש פארקלענערט ווערען, ווען מיר וועלען פריער גענוי באשטימען וואס מיר פארשטייען אונטער'ןווארט „פרייהייט". אין דעם *מעטאפיזישען* זינען פון ווארט מיינט עס עטוואס אזוינס, וואס איז „אויסער דעם געזעץ פון אורזאכליכקייט", בעת אין דעם *פסיכאלאגישען* זינען מיינט עס די אפוועזענקייט פון „א געפיל פון אויסערליכען אדער אינערליכען צוואנג".

אויף וויפיל דער ווילענס־אקט ווערט באטראכט אלס אביעקט פון אונזער דירעקטער דערפארונג און איז דעריבער ענליך צו יעדער אנדער דערפארונג, וואס שטייט אונטער'ן געזעץ פון אורזאכליכקייט, קאן ער אלזא אין דעם מעטאפיזישען זינען פון ווארט ניט באטראכט ווערען אלס „פריי". אבער ס'איז דאך פון דער אנדער זייט פונדעסטוועגען קלאר, אז אין דעם פסיכאלאגישען זינען פון ווארט קאן דער טערמין „פרייהייט" יא אנגעווענדעט ווערען בנוגע צו אונזערע ווילענס־אקטען. דאס וועט אונז נאך קלארער ווערען פון דער פאלגענדיגער באטראכטונג. דאס וואס מיר רופען: אונזער „איך", אונזער פערזענליכקייט, איז אין דער ווירקליכקייט ניט קיין אנדער זאך, ווי דער פאקטיש עקזיסטירענדיגער סכום פון אונזערע פסיכישע דערפארונגען. יעדער ווילענס־אקט וואס שטראמט ארויס פון דעם דאזיגען סכום ווערט פון אונז דעריבער באנומען אלס א ברירה פון אונזער אייגענעם „איך". אבער ווען א אידייע אדער געפיל ווערט גענוג שטארק, אז זיי זאלען קאנען ווירקען אויף דער אקטיוויקייט פון די אנדערע פסיכישע ענערגיעס, פילען מיר אז אונזער טאט קומט דערפון, וואס „מיר האבען זיך פשוט ניט געקאנט איינהאלטען". (אדער ניט געקאנט ווידערשטיין דעם אימפולס). די יוריספרודענץ נעמט אויך אן די הנחה פון פאראנטווארטליכקייט אין אלע פאלען, וואו דער אויפטועד באזיצט פולשטענדיג זיינע גייסטיגע קרעפטען („איז ביים פולען זינען") און האט דעריבער די מעגליכקייט פריער אפצושאצען דעם עצם און באדייטונג פון זיין טאט.

די פרייהייט פון אויסוואל וואקסט פראפארציאנעל דער רייכקייט פון דעם סכום, וואס מיר רופען — דעם „איך". וואס פילזייטיגער עס

איז די פאָרשטעלונג וועגן דעם אַקט, וואָס דאַרף אויסגעפירט ווערן און וואָס גרעבער עס איז די צאָל קרעפטען, וואָס באַטייליגען זיך אין אונזער באַשלוס, אַלץ מער מאַכט דער באַשלוס גופא אַן איינ־דרוק פון אַ פרייען אויסוואַל. דער כלל, אַז „בילדונג ברענגט פריי־הייט", האָט אין זיך דעריבער אַ טיפען פּסיכאָלאָגישען אמת.

יעדער אַקט אַליין, וואָס איז אַ רעזולטאַט פון דעם גאַנצען סינ־טעז פון אונזער פּסיכישער דערפאַרונג, איז אונזערער אַן אייגענער אינדיווידועלער אַקט. מיר פילען, אַז ער איז אַזאַ און מיר זיינען צוליב דעם דאָזיגען געפיל אויך גרייט אָנצונעמען זיינע קאָנסעקווענ־צען. אין דעם מאָמענט, ווי מיר באַשליסען, אַז מיר דאַרפען טאָן אַ געוויסע זאַך, נעמען מיר דערמיט אויך אָן דאָס, וואָס וועט דערפון אַרויסקומען. מיט דעם ווערט די פראַגע געשלאָסען, ווייניגסטענס אויף וויפיל דאָס האָט אַ שייכות צו איר עטישער זייט. יעדער איינער איז מאָראַליש מחויב צו טראָגען די פאַראַנטוואָרטליכקייט פאַר אַלץ, וואָס ער האָט געטאָן, אויב ער איז נאָר דערביי געווען ביים פולען זינען, — און דאָס האָט גאָר קיין שייכות ניט צו דער פראַגע צי דער ווילען איז פריי אָדער געבונדען. בלויז ווען דער צושטאַנד פון די גייסטיגע קרעפטען איז נידעריגער ווי נאָרמאַל הערט אויף סיי די מאָראַלישע, סיי די געזעצליכע פאַראַנטוואָרטליכקייט.

## 41. די פּראָבלעמען און שולעס פון עטיק.

די וויכטיגסטע פראַגע צווישען די ריין־עטישע פּראָבלעמען איז די אַנטשטייאונג פון מאָראַל. אויף דער דאָזיגער פראַגע זיינען גע־געבען געוואָרען צוויי ענטפערס. דער נאַטיוויזם לערנט, אַז די מאָראַל איז אַן איינגעבאָרענע נטיה פון דער מענשליכער נשמה. הגם איניגע מנהגים זיינען שטאַרק אָנגענומען אין איין עפּאָכע און ווערען פאַרוואָרפען אין אַ צווייטער מאַכען פונדעסטוועגען אַלע מענשען אַ קלאָרען אונטערשייד צווישען דעם, וואָס איז מאָראַליש גוט אָדער שלעכט. קאַנט'ס עטיק איז אַ גלענצענדער מוסטער פון ריינעם נאַטיוויזם. לויט זיין טעאָריע איז אפילו דער מאָראַל־געזעץ אויך אַן איינגעבאָרענע זאַך. פיכטע'ס טעאָריע געהערט אויך צו דעמ־זעלביגען מין. ער גלויבט, אַז דער געוויסען־אורטייל קאָן ניט מאַכען קיין טעות.

# ווילהעלם יערוזאלעם

דער עמפיריציזם, פון דער אנדער זייט, לייקענט אפ אלע איינגעבארענע פרינציפען און האלט, אז דער מאראל־באוואוסט־זיין איז א פראדוקט פון עוואלוציע. די דאזיגע טעאריע האט אין אונזערע צייטען באקומען די אויבערהאנט.

דער ציל פון א מאראלישען אקט איז לויט דער מיינונג פון די אמאליגע מאראליסטען, ווי שוין פריער אנגעוויזען, — דאס גליק פון דעם יחיד. דער לייטענדיגער פרינציפ פון דער דאזיגער שול איז עודעמאניזם. דער ענגלישער פילאסאף דזשערעמי בענטהאם (1748—1832) האט, פארקערט, אנטוויקעלט א טעאריע, וואס באטראכט אלס צוועק פון דעם מאראלישען אקט דעם אלגעמיינעם וואוילזיין פון דער עדה, אדער די גרעסטע נוצען פאר דער גרעסטער צאל מענשען. די דאזיגע שול, וואס איז שטארק פאפ־פולער געווארען סיי אין ענגלאנד, סיי אויפ'ן קאנטינענט, איז באקאנט אונטער'ן נאמען „אוטיליטאריאניזם". ס'איז דא נאך א שול פון מאראליסטען, וואס באטראכט די מאראל אלס א צוועק פאר זיך, אדער דערקלערט, אז דער ציל פון דעם מאראלישען האנדלען איז די פארפאלקאמונג פון דער מענשהייט און די פארווירקליכונג פון איר שליחות. אזוי ווי די דאזיגע שול געפינט דעם צוועק פון מאראל מער אין די אידייעס איידער דער עקזיסטירענדיגער ווירקליכקייט קאן זי באטראכט ווערען אלס א מין עטישער אידעאליזם. די קריסט־ליכע עטיק, אויף וויפיל זי שטרעבט צו דער פארווירקליכונג פון גאטס קיניגרייך אויף דער ערד איז א רעליגיעזער אידעא־ליזם; און אויף וויפיל זי פארשפרעכט א שכר אויף יענער וועלט פאר מעשים אויף דער וועלט, איז זי א טראנסצענדענ־טאלער עודעמאניזם.

איין מין דיינקער בריינגט ארויס דעם מאראלישען אנשטויס פון דעם עגאטיזם (בלויזע זעלבסטבאפרידיגונג), בעת א צווייטער זוכט דעם מקור פון מאראל אין א געוויסען גרונט־געפיל פון סימפאטיע, וואס גיט אונז די מעגליכקייט צו טיילען די פריידען און ליידען פון אונ־זערע מיטמענשען. די דאזיגע שול ווערט באצייכענט מיט'ן נאמען אלטרואיזם, לויט'ן פארשלאג פון אגיוסט קאמט. די פארצייטיגע מאראלישע פרינציפען, למשל, זיינען עגאטיסטישע, און פונקט אזוי זיינען אויך די פרינציפען פון דער פראנצויזישער „אויפ־קלערונג־צייט" (ספעציעל ביי העלוועציוס'ן אין מיטען פון 18־טען

ארהונדערט). פון דער אנדער זייט פרופט זיך אדאם סמיט ח צו דערקלערען די מאָראַל־געפילען אויף אַ אַלטרואיסטישען שטייגער. פארבינדענדיג זיי מיט דער סימפּאַטיע, און שאָפּענהויער טוט עס נאָך קלאָרער, פאַרבינדענדיג זיי מיט רחמנות. קאַנט און פיכטע זיינען אויך שטאַרק אַלטרואיסטיש. די מאָדערנע עוואָלוציאָנערע עטיק פאַרנעמט אַ מיטעלסטע פּאָזיציע, דערווייזענדיג אַז די אַלטרואיסטישע געפילען, וואָס זיינען אָהן צווייפעל די גרינד־ליכסטע, נעמען אָבער אין זיך גלייכצייטיג אריין אויך דעם עגאָאיסטי־שען פּרינציפּ.

עס זיינען דאָ צוויי שולען פון עטיק, וואָס מאַכען אויך אַ חלוק אין דער פראַגע וועגען די נאָרמען און די סאַנקציעס פון דער מאָראַ־לישער אויפפירונג. איינע געפינט אויס דעם יסוד און די ווירקונג פון די מאָראַלישע כּללים אין אונזער אייגענער טבע (די אויטאָנאָמישע עטיק), בעת די אַנדערע אַנטפּלעקט זיי אין אַ העלכען עס איז אויסער־ליכען געזעץ (העטעראָנאָמישע עטיק). די דאָזיגע שול צעפּאַלט זיך ווידער אויף רעפלעקטיווע און עמאָציאָנעלע עטיק, אָפּהייִנגיג דערפון צי זי באַטראַכט דעם פּראָצעס פון אויסקלייבען אַלס אַ פּראָצעס פון באַוואוסטזיין אָדער פון געפילען. סאָקראַט און קאַנט זיינען ביידע „אויטאָנאָמיסטען" פון דעם רעפלעקטיווען טיפּ. שעפטסבורי, אַדאַם סמיטה און שאָפּענהויער געהערען אויך צו דער אויטאָנאָמיסטישער ריכטונג, אָבער זיי אַלע זיינען עמאָציאָנאַליסטען. די העטעראָנאָמישע עטיק זעהט דעם יסוד פון דעם מאָראַלישען געזעץ אין דעם אויטאָריטעט, וואָס עקזיסטירט באַזונדער און אומאָפּהייִנגיג פון דעם געגעבענעם יחיד. אַזאַ אויטאָ־ריטעט קאָן האָבען די רעליגיע, די קירך און אפילו דער שטאַט. דאָס גיט אונז די מעגליכקייט צו מאַכען אַ וויטערדיגען חלוק צווישען רעלי־גיעזער און פּאָליטישער העטעראָנאָמיע.

אַ חוץ די דאָזיגע פּראָבלעמען בלייבט נאָך אַלץ די שאלה וועגען דער שייכות פון מאָראַל צו רעליגיע און צום געזעץ, און ענדליך אויך וועגען דער שייכות פון דעם יחיד צו זיין פאַמיליע, צו דער עדה שכנים און בכלל צו דער גאַנצער מענשהייט. אונזער שטעלונג צו יעדערער פון אַט די פּראָבלעמען ווערט זעהר שטאַרק פאַרלייכטערט דורך דער אַנווענדונג פון דער פּשוט'סטער גענעטישער און ביאָלאָגישער דערקלערונג.

# ווילהעלם יערוזאלעם

## 42. גענעטישע און ביאלאגישע עטיק.

צוויי פסיכאלאגישע פאקטען ליגען אין גרונט פון דעם מאראל-לעבען, און ביידע זיינען גאנץ פארשיידען איינער פון דעם צווייטען. דער ערשטער איז, אז מיר גיבען ארויס מאראל-אורטיילען וועגען דער האנדלונג פון די ארומיגע. דער דאזיגער אורטייל איז אדער א הסכמה, אדער א טאדעל, אדער א וועלכע עס איז שאטירונג פון די ביידע. דער צווייטער פאקט איז דער מאראל-געפיל, וועלכען מיר פילען ביי זיך גופא סיי פאר און סיי נאכדעם ווי מיר האבען פארווירקליכט אונזער ווילען. איידער מיר מאכען אונזער אויסוואל פילען מיר א געוויסען ישוב-הדעת, וואס דריקט זיך אפט אויס אין א וואקלעניש און אין א געפיל פון א פארלעגענהייט צווישען די פארשיידענע ברירות. נאכדעם ווי דער אויסוואל איז שוין געמאכט געווארען, פילען מיר א מאראלישע באפרידיגונג אדער א חרטה, וואס קאנען זיך אויך אויסדריקען אין פארשיידענע גראדען. דער פסיכישער אויסדרוק פון דעם דאזיגען מאראל-געפיל איז דאס, וואס מען רופט געוויינליך געוויסען. אלזא: דער מאראל-אורטייל פון איין זייט און דער געוויסען פון דער אנדער זייט בילדען דעם פסיכאלאגישען יסוד פון דעם מאראל-לעבען. ס'איז דעריבער קלאר, אז די דאזיגע צוויי פונדאמענטאלע פסיכישע פאקטען האבען א לעבענס-שייכות איינער צו דעם צווייטען, אבער זיי זיינען קיינמאל ניט אידענטיש, — און ס'איז דעריבער נויטיג צו באטראכטען זיי ביידען באזונדער.

דער מאראל-אורטייל איז א ספעציעלער פאל פון אפשאצונג. יעדער מאראל-אורטייל איז אן אפשאצונג, אבער ניט יעדער אפשאצונג איז א מאראל-אורטייל. ס'איז א שאד, וואס די פסיכאלאגישע און היסטארישע אנטוויקלונג פון דער אפשאצונג זיינען ביז איצט נאך ניט אויסגעפארשט געווארען מיט דער געהעריגער וויסענשאפטליכער גרינדליכקייט. מיר גלויבען פונדעסטוועגען, אז מען קאן אננעמען די פאלגענדיגע תקופות פון זייער אנטוויקלונג: די אפשאצונג פון פרעמדע האנדלונגען איז א פארוויקעלטער פסיכאלאגישער פראצעס, וועלכען ס'איז גאנץ שווער צו אנאליזירען. ווען מיר זעהען, למשל, ווי אן אקראבאט מאכט געשיקט און זיכער זיינע שווערע קונצען פילען מיר

# פילאָסאָפּיע

זיך בכלל באַפרידיגט, — דאָס הייסט מיר האָבן דערפון פאַרגעניגען. די דאָזיגע פאַרגעניגען־געפילען קאָנען אין לעצטען סך הכל שטאַמען פון אומבאַוואוסטזיניגע, סימפּאַטיזירענדיגע באַוועגונגען פון אונזער קערפּער, וואָס ווערט אויפגערייצט דורכ'ן אַנבליק פון די ריזיקאַלישע קונצען. דאָסזעלביגע פילען מיר, ווען אונז קומט אויס בייצואוואוינען אַ פאַרשטעלונג, וואו דער אַטלעט ווייזט ארויס די קראַפט פון זיין קערפּער. עס קומט אויס, ווי מיר וואָלטען אינאיינעם מיט אים גע־הויבען די שווערע משא'ס און מיר פרייען זיך מיט זיין ערפאָלג. אָבער אַזוי ווי מיר זיינען נאָך אַלעמען בלויז צוקוקער און מאַכען בלויז נאָך אויף אַן אומבאַוואוסטזיניגען אופן די באַוועגונגען פון דעם אַטלעט, — דאָס הייסט, מיר מאַכען ניט די באַוועגונגען גופא, נאָר מיר פילען זיי דורך, — איז דעריבער נאַטירליך, אַז מיר זאָלען דערביי קיין אַנשטריינגונג ניט פילען. די משא דריקט ניט אויף אונז, און דעריבער איז אונזער פאַרגעניגען פון יענעמס ערפאָלג נאַטירליך ניט אַזאַ טיפער, אָבער דערפאַר אויך אַ ריינערער, ווייל ער איז ניט אויסגעמישט מיט דעם געפיל פון ווייטאָג און אַנשטריינגונג, וואָס באַגלייט די פּאַקטישע באַוועגונגען פון דעם אַטלעט אָדער קונצענמאַכער. פון דער אַנשטריינ־גונג, וואָס דער אַטלעט מאַכט פאַרשטייען מיר, אַז כדי אויסצופירען זיין אויפגאַבע איז נויטיג אַ גרויסע פיזישע קראַפט. מיר באַוואונ־דערען אַלזאָ אין דער ווירקליכקייט אַט די גרויסע פיזישע קראַפט, וואָס ער ווייזט ארויס. ס'איז זעהר וואַרשיינליך, אַז די פּרימיטיוו־סטע אָפּשאַצונג פון פרעמדע האַנדלונגען שטיצט זיך אויף דער באַ־וואונדערונג פון זייער פיזישער געשיקטקייט. אויסער דער דעמאָנ־סטראַציע פון פיזישען כח האָבען מיר וואַרשיינליך ניט קיין שום אַנדערען אינטערעס צו דער פאַרשטעלונג. סוף כל סוף הייגט אונזער צופרידענקייט געפיל גאָר ניט אָפּ פון דעם, צי די שווערע אייזערנע קויל ווערט אויפגעהויבען אָדער ניט.

אין ה א מ ע ר ' ס „ א י ל י א ד ע" געפינען מיר אַ מאַסע אַזעלכע פאַלען פון אָפּשאַצונג. ד י א מ ע ד הויבט דאָרט אויף אַ שטיין, וועלכען, — ווי דער פּאָעט דערציילט אונז, — „צוויי מענשען פון אונזערע צייטען וואָלטען ניט געקאָנט אויפהויבען, אָבער דער דאָזיגער העלד האָט אים איינער אַליין, אָהן וועמענס עס איז הילף, ארומגעשליידערט ווי אַ פּילקע". פ א ט ר א ק ל גייט אין שלאַכט אריין, טראָגענדיג א כ י ל ע ס ' ע ס געוועהר, אויסער זיין שפּיז,

## ווילהעלם יערוזאלעם

וועלכען קיין איין גריד, אויסער אכילעס'ן אליין איז ניט געווען בכח צו טראגען. אין יעדען פון אט די פאלען וויל דער פאעט ארויסרופען ביי זיינע צוהערער א באוואונדערונג פון דער פיזישער קראפט פון זיינע העלדען.

אבער אין האמער'ס „אדיסייע“ געפינען מיר שוין א העכער־אנטוויקעלטע פארם פון אפשאצונג. אין דעם ניינטען בוך פון זיין עפישען ספור ברייגנט ער פאר אונז ארויס דעם ריז פאליפעמ'ען און מיר הערען די געשיכטע פון זיין מערקווירדיגער גבורה. אבער אדיסיי באזיגט סוף כל סוף דעם ריז א דאנק זיין חכמה, און דאס ברייגנט אונז דערצו, אז מיר זאלען מער אנהויבען אפשאצען די חכמה ווי די ריין פיזישע גבורה

מיר קאנען אלזא באטראכטען די שאצונג פון גייסטיגער קראפט אלס א צווייטע תקופה אין דער עוואליציע פון דער אפשאצונג פון פרעמדע מעשים. און עס מאכט גאר ניט אויס, וואס אט די דאזיגע גייסטיגע קראפט, די שלויקייט, דריקט זיך אויס אין קונצען און פארשטעלטע שטיק, אין פאלשקייטען און אפנארעריי. דאס לעצטע ווייזט אייגענטליך, אז דער דאזיגער מין אפשאצונג האט נאך אין זיך ניט קיין שמץ פון מאראלישקייט.

ס'איז פאראן נאך א דריטע תקופה אין דער עוואלוציע פון אפשאצונג, וואס נעמט אין אכט בלויז די קראפט, אהן שום שייכות צו די רעזולטאטען, וועלכע זי דערגרייכט. די חכמים פון אינדיע דערציילען אונז וועגען בעלי תשובות, וואס האבען „געפאסט טויזענט יאר, שטייענדיג די גאנצע צייט אויף איין פוס“. „די געטער און די מענשען“, דערציילט די לעגענדע, „ווערען פשוט נשתומם פון דער קראפט און אויסדויער פון די דאזיגע בעלי תשובה“. אין די דאזיגע פאלען ווערט אונזער באוואונדערונג ארויסגערופען דורך דער ווילענסקראפט, וואס ווייזט זיך ארויס אין דער אונטערדריקונג פון די נאטירליכע לעבענס־פונקציעס. קיינער איז אויפ'ן מינדסטען אופן ניט פאראינטערעסירט אין דעם, וואס עס ווערט דערגרייכט דורך אט דער ווילען־אנשטריינגונג. דאס איז אלזא בלויז אן אנדער פאל אין דער אפשאצונג פון קראפט.

מיר זיינען דעריבער בארעכטיגט צו זאגען, אז מיר באוואונדערען אין די מעשים פון אנדערע מער ווי אלץ די קראפט, וואס זיי ווייזען דערביי ארויס. ערשטענס איז דאס די קערפערליכע קראפט, דערנאך

# פילאָסאָפיע

די גייסטיגע קראַפט און ענדליך אויך די קראַפט פון ווילען. איז יעדערער פון אט די דריי אָפּשאַצונגען פעלט איינגאַנצען דער מאָראַל־עלעמענט. ער פאַנגט אַן שפּילען אַ ראָליע ערשט דעמאָלט, ווען מען הויבט אָן צו שעצען דעם אויפטו גופא, אויסער דער קראַפט, וואָס ווייזט זיך אין אים אַרויס. אפילו אין אונזערע צייטען ווערט נאָך זעהר הויך אָפּגעשאַצט די בלויזע קראַפט, אָבער מיר אינטערעסירען זיך שוין איצט, פונדעסטוועגען, מער ווי אַמאָל מיט דעם פּועל־יוצא, און דאָס ענדערט פאַקטיש גאַנץ היבש יעדע אָפּשאַצונג פון קראַפט.

דער פּועל יוצא קאָן תחילת אַרויסרופען ביי אונז אַן עסטעטישע באַפרידיגונג אָדער אומצופרידענקייט און אויף אַזאַ אופן ווערען אַן ענין פאַר דער ע ס ט ע ט י ש ע ר אָפּשאַצונג. אָבער אַזוי שנעל, ווי דער דאָזיגער פּועל־יוצא באַרירט דעם אַלגעמיינעם וואוילזיין פון דער געזעלשאַפט, צו וועלכער מיר געהערען; אַזוי שנעל ווי מיר דער־פילען, אַז דער דאָזיגער אַלגעמיינער וואוילזיין ווערט ערנסט באַ־גינסטיגט אָדער געשטערט דורך דעם טאַט, — ווערט עס שוין אַן ענין פון מ אָ ר אַ ל י ש ע ר אָ פּ ש אַ צ ו נ ג. דאָס הייסט אַז אַקט, וואָס ווערט אָדער געשעצט אָדער געטאַדעלט אין מאָראַלישען זינען. ווען ד י אַ מ ע ד דער׳הרג׳עט אַ שונא מיט אַ שווערען שטיין, וואָס שוין דאָס וואַרפען אים גופא ווערט באַוואונדערט אַלס אַ מערקווירדיגער באַווייז פון פיזישער קראַפט, גלויבען אָבער זיינע שכנים, אַז זיין אַקט איז נוצליך פאַר דער גאַנצער געזעלשאַפט און זיי גיבען אים אויפ׳ן מאָרד זייער מאָראַלישע הסכמה. מ י ר ק אָ־נ ע ן אַ ל ז אָ באַ צ ײ כ ע נ ע ן ד ע ם מ אָ ר אַ ל ־ א ו ר ט י י ל אַ ל ס ד י אָ פּ ש אַ צ ו נ ג פ ו ן אַ ן אַ ק ט ל ו י ט ז י י ן ס אָ צ י אַ ל ע ר באַ ד י י ט ו נ ג.

דער מאָראַל־אורטייל האָט אַ סאָציאַלען כאַראַקטער שוין ביי זיין ערשטער אַנטשטייאונג. ער איז דעריבער אַ ווירקענדיגער פאַקטאָר אין דער געזעלשאַפטליכער אַנטוויקלונג. דער דאָזיגער שלוס שטימט אויך איינגאַנצען מיט די אונטערזוכונגען פון ע ד וו אַ ר ד וו ע ס־ט ע ר מ אַ ר ק, וועלכער באַטראַכט די געזעלשאַפט אַלס דעם געַ־בורט־פּלאַץ פון מאָראַל־אידייעס.

אַזוי לאַנג ווי דער המון פאָלגט נאָך זיין פירער כמעט אויף אַן אינסטינקטיווען אופן; אַזוי לאַנג ווי דער יחיד, וואָס איז געבונדען דורך דער רעליגיע, טראַדיציעס און מנהגים האָט נאָך אַלץ ניט דער־

גרייכט צו קיין זעלבסטשטענדיגען גלויבען און פילען פארבלייבט דער אקט אדער זיין ערפאלג אליין אן ענין פאר מאראל־אורטיילען. אונטער אזעלכע אומשטענדען מאכט מען ניט קיין חלוק צווישען מארד און טויטשלאג. דער אקט פאדערט תשובה אומאפהייננגיג דערפון, ווער עס איז אים באגאנגען. ווער, למשל, עס האט באליידיגט די הויז־געטער דורך אן אקט פון אפיקורסות, דער ברייננגט אראפ גאטס צארן אויף זיין שבט און ווערט דערמיט אן אורזאך פון סאציאלען שאדען פאר דער גאנצער עדה. דער טאט קאן אויסגעקויפט ווערען נאר דורך תשובה, און עס מאכט דערביי גאר נישט אויס צי דער אקט איז באגאנגען געווארען דורך א צופאל, אדער מיט א כונה, אדער בלויז צוליב פשוט'ער לייכטזיניגקייט.

אבער וואס מער עס וואקסט די קולטור, די פונאנדערטיילונג פון ארבייט און אנדערע פאקטארען, ווייזען זיך אלץ מער פערזאנען, וואס זייער גייסטיג לעבען שיידט זיך אויס פון דער ארומיגער געזעל־שאפט, און וואס שטעלען זייער פערזענליכקייט העכער פון דעם דעת־הקהל, וועלכער דריקט זיך אויס אין דער אמונה און מנהגים. זיי טרעטען ארויס אנטקעגען דער מאכט פון טראדיציע און האבען א גאנץ קלארען געפיל, אז זיי זיינען באזונדערע צענטרען אין דער ארומיגער סביבה. פון דעם ווילען פון דעם יחיד הייננגט דעמאלט זעהר שטארק אפ די פראגע וועגען דער שטעלונג, וואס ער דארף פארנעמען בנוגע צו זיין שבט. דער אלגעמיינער וואוילזיין הייננגט אפ פון דעם יחיד'ס כונה צו העלפען אים אדער צו עקספלואטירען אים פאר די אייגענע צוועקען. אויף אזא אופן באקומט שוין די כונה א גרעסערע סאציאלע באדייטונג, ווי דער ספעציעלער אקט גופא. אין הסכם דערמיט, ווערט שוין די כונה אלץ מער און מער דער ספעציעלער און כמעט דער אויסשליסליכער אביעקט פון דעם מאראל־אורטייל. ביי היינטיגע צייטען באטראכטען מיר א געוויסע פסיכישע כונה אלס מאראליש, ווען זי איז א שטענדיגער אנטרייב צו אקטען, וואס דארפען פארגרע־סערען דעם אלגעמיינעם וואוילזיין, אדער וואס וועלען אויסהיטען דעם כלל פון א שאדען.

פונדעסטוועגען איז אפילו איצט דער ערפאלג פון א וועלכען עס איז אקט נאך אלץ א וויכטיגער פאקטאר אין דעם מאראל־אורטייל. די טובות, וואס די עדה האט פאקטיש באקומען פון דער כונה באיינפלוסען נאך אלץ די אורטיילען פיל מער, ווי די כונות גופא. די

קומענדיגע עטיק וועט דעריבער פאר זיך האבען זעהר א וויכטיגע אויפגאבע פעסטצושטעלען דורך א גענויעם אנאליז פון דעם מאראל־געפיל די ראליע פון ערפאלג פאר דעם מאראל־אורטייל.

אבער וואס מער דער מאראל־אורטייל גיט זיך אפ מיט די אינער־ליכע מאטיווען פון אן אקט אלץ מער פארלירט זיין באדייטונג דער ערפאלג און דער אויסערליכער צוועק פון מענשליכע אקטען. מיר הייבען אן אלץ מער און מער צו באטראכטען דעם ווילען אלס די ריכטיגע מאס פון מאראל. און דער ריינער ווילענס־אקט ווייזט זיך אמקלאר־סטען ארויס אין די פאלען, וואו ער שטעלט זיך אנטקעגען אדער אונטערדריקט אונזערע נאטירליכע נטיות אדער ליידענשאפטען. אמאל איז אט דער זעלבסט־קאנטראל באטארכט געווארען אלס דער אמת'ער צוועק פון מאראלישען וואוקס, אלס א צוועק פאר זיך וואס האט זיין ווערט פאר זיך אליין. אין א גרויסער מאס ווערט ער נאך איצט אויך באטראכט אויף אזא אופן. די דאזיגע טעאריע שטיצט זיך פון איין זייט אויף דער עטיק פון דעם פרימיטיווען קריסטענטום, וואס איז געבויט אויף אסקעטיזם און אויף אן אפזאגען זיך פון עולם הזה, און פון דער אנדער זייט — אויף דעם געוואלדיגען וואוקס און דער הויכער אפשאצונג פון דער פערזענליכקייט. דער פרומער קריסט שטרעבט צום גליק אין דער קומענדיגער וועלט דורך א זעלבסט־פארלייקענונג און אונטערדריקונג פון דעם חומר; דער זעלבסטבא־וואוסטזיניגער יחיד איז שטאלץ מיט זיין קראפט איבער זיך אליין און האפט צו באפרייען זיך מיט זיינע אוגענע כחות פון יעדען שמץ פון אויסערליכען און אינערליכען צוואנג.

ג ע ט ה ע, דער גרעסטער אינדיווידואליסט פון אלע צייטען, דריקט אויס דעם דאזיגען געפיל אויפ'ן פאלגענדיגען אופן:

„פון דעם צוואנג, וואס בינדט אלע וועזענס, באפרייט זיך דער מענש, וואס איז מנצח זיך אליין“.

להיפוך צו אט דעם שטאנדפונקט איז אבער די גענעטיש־ביאלא־גישע עטיק געצוואונגען שארף אונטערצושטרייכען, אז די זעלבסט־פארלייקענונג איז בלויז א דיסציפלין־מיטעל, וואס איז, אמת, גאנץ ניצליך פאר דעם מענשען, אבער ער טאר קיינמאל ניט באטראכט ווערען אלס א צוועק פאר זיך גופא. א פריידיגע איבערגעבענקייט צו דעם אלגעמיינעם וואוילזיין פון דער געזעלשאפט האט א גרעסערען סאציאלען ווערט, ווי די זעלבסטפארלייקענונג, און געהערט דעריבער

צו א העכערער עטישער מדרגה. אזוי ווי ס'איז נאטירליך, אז דער מענש זאל געפינען א באפרידיגונג אין א ברייטער אויסנוצונג פון זיינע איינגעבארענע פעהיגקייטען איז דעריבער פיל וויכטיגער צו אנט־וויקלען דעם דאזיגען פונקציע־פארגעניגען און צו געבען אים א געהע־ריגע ריכטונג, איידער צו זוכען א באפרידיגונג אין זיין אונטערדריקונג. פון דעם שטאנדפונקט איז ניטצשע זעהר גערעכט אין זיין קאמף קעגען אסקעטיזם און זעלבסטפארלייקענונג. ווען די זעלבסטפארליי־קענונג ווערט באטראכט אלס א ציל פאר זיך גופא איז זי בלויז מסוגל צו פאראליזירען דעם מאראלישען פארזוך, בעת א פריידיגע איבער־געבענקייט צו די סאציאלע אינטערעסען העלפט צו פארגרעסערען די מאראלישע כחות.

די פראגע וועגען דעם עצם פון געוויסען איז באטראכט געווארען פיל אפטער און גענויער איידער דער כאראקטער פון דעם מאראל־אורטייל, — אבער צווישען די טעאריעס וועגען זיין אנטשטיי־אונג זיינען נאך אלץ דא גרויסע חלוקי דעות. דער פאקט, אז רעלי־גיעזע אידייען זיינען זעהר אפט געוויסען־ענינים, האט געשאפען א מיינונג, און אויב ניט דער געוויסען ממש, איז כאטש דער געפיל פון מאראלישער פליכט שטאמט פון א רעליגיעזען מקור. די דאזיגע מיינונג ווידערשפרעכט אבער דעם איצט פעסטגעשטעלטען פאקט, אז די רעליגיעזע אידייעס און געפילען האבען ביי זייער ערשטער אנטשטייאונג און אנטוויקלונג צווישען די פרימיטיווע פעלקער קיין שום שייכות ניט מיט מאראל. *)

דער פרימיטיווער מענש איז פול מיט פחד פאר דעם „דעמאן“ (געטליכער גייסט), וועלכער שאפט די נאטור־קרעפטען, וואס רופען

---

*) לעאפאלד פאן שרעדער איז לעצטענס ארויסגעטראטען קעגען אט דער טעאריע, וואס איז ביז ניט לאנג געשטיצט געווארען דורך די פארשער פון רעליגיע. אין אן עסעי איבער דער „נאטור און אנטשטייאונג פון רעליגיע, אירע קוואלען און איר וואוקס“ האט ער זיך אונטערגענומען צו דערווייזען, אז דער גלויבען אין א וואוילטועדיגען העכערען גייסט (ד. ה. אין גאט) איז ברייט פארשפרייט שוין צווישען די פרימיטיווע פעלקער. שרעדער איז זיכער, אז ער האט אנטדעקט א נייעם קוואל פון רעליגיע, אין וועלכען דער עטישער עלעמענט לאזט זיך מערקען שוין פון סאמע אנהויב. פארגלייך: יערוזאלעם, „געדאנקען און דיינקער“, זייטען 178 און 282.

ארויס זיין פארוואונדערונג און שרעק. ער פרופט זיך „פארשטאפען דעם מויל“ דעם דאזיגען דעמאן, כדי אויסצומיידען זיין צארן. דער מאטיוו פון אזעלכע האנדלונגען איז א ריין עגאאיסטישער. די רעליגיעזע אידייעס און עמאציעס ווערען ריינער און פארפיינערט ערשט פיל שפעטער דורך א מער אנטוויקעלטען מאראלישען געפיל. די געטער, וואס זיינען תחילת באנומען געווארען בלויז אלס נאטור־קרעפטען, וואס קאנען זיין פריינדליך אדער פיינדליך, ווערען אין די שפעטערדיגע תקופות דערהויבען צו דער מדרגה פון היטערס פון דער מאראל־ארדענונג פון דער וועלט. אבער דער געוויסען, פונקט ווי דער מאראל־אורטייל שטאמט פון סאציאלע עלעמענטען,—דאס הייסט אונזערע באשלוסען ווערען באאיינפלוסט דורך דעם געדאנק, אז אונזערע טאטען וועלען געלויבט אדער געטאדעלט ווערען דורך די אנדערע מיטגלידער פון אונזער פאמיליע, געשלעכט, קלאס, אדער מלוכה. ס'איז ווארשיינליך, אז אין דעם פרימיטיווען שבט איז דער געוויסען דערווייל נאר בלויז א מין געפיל פון מאראלישען חוב צו דעם ווילען פון דער עדה, וואס ווערט אויסגעדריקט אין רעליגיע און מנהגים. אבער ווי נאר די וואקסענדיגע קולטור הויבט אויף דעם יחיד איבער דעם שבט; ווי נאר דער אומאפהייניגער געדאנק און פארשונג ווערען אנערקענט, אפילו ווען זיי טרעטען ארויס אנטקעגען דער טראדיציע, אזוי גלייך דערהויבט זיך דער געוויסען צו א מדרגה פון מאכט און אומאפהייניגקייט.

דער אוניווערזאלער ווילען שטרעבט צו דעם וואוילזיין פון דער געזעלשאפט. אבער דאס מיינט בשום אופן ניט, אז די פירער פון א וועלכען עס איז באשטימטען פעריאד זיינען פעהיג אויסצוקלייבען די געהעריגע מיטלען, וואס פירען צו אט דעם צוועק. ס'איז אויך אומפארמיידליך, אז אנשטאלטען, וואס זיינען אמאל געווען נוצליך און אפילו נויטיג, זאלען מיט דער צייט ווערען איבעריג און אפילו שעדליך. דער מענש מיט דער ברייטער קולטור און אומאפהייניגען געדאנק אנטדעקט סוף כל סוף אז דער אוניווערזאלער ווילען, ווי ער דריקט זיך אויס אין די אפיציעלע אנשטאלטען און געזעצען, שטערט אפט דעם מענשליכען וואוילזיין אנשטאט צו העלפען אים. אבער אזוי ווי דער אויטאריטעט פון דער טראדיציע האט, ניט קוקענדיג אויף זיין שעדליכקייט, שטענדיג געשפילט א גרויסע ראליע און האלט זיך נאך ביז איצט מיט אלע כחות ביים לעבען, קומען דערפון ארויס א

סך סתירות, וואס צווינגען צו פארטראכטען זיך וועגען די מאראל־פליכטען און דערמיט אויך צו באַרייכערען דאס מאראל־לעבען.

דער יחיד נעמט אן, אז ער קאן דורך זיין אינערליכען געפיל זעלבסטשטענדיג באשליסען וואס עס איז גוט און וואס עס איז שלעכט. ער קריטיקירט דעם מאראל־אויטאריטעט פון די טראדיציעס, איינשליסענדיג אויך די פאליטישע און רעליגיעזע אינסטיטוציעס. אט די דאזיגע אויבערהערשאפט פון דעם שכל אין מאראל־פראגען, וואס ס א ק ר א ט האט באזונדערס שטארק אונטערגעשטרייכט, ברייננט ענדליך צום געדאנק, אז עס איז דא אזא זאך, ווי אבסאליוטע גוטס, אומאפהייננגיג פון איר שייכות צום געזעלשאפטליכען וואוילזיין. דאס איז אבער זיכער א טעות. דער לעצטער גרונט, לויט וועלכען מיר קאנען עפעס באטראכטען אלס גוט איז נאך אלעמען בלויז דער פאקט, צי די מענשהייט האט דערפון נוצען און צי דאס לעבען ווערט דורך דעם גליקליכער און רייכער.

אין גאנג פון זיין אנטוויקלונג נעמט דער באוואוסטזיין אן צוויי פארמען: פ א ו ל ס ע ן איז געוועזען דער ערשטער, וואס האט זיי פעסטגעשטעלט. די פאדערונגען, וואס דער א ו נ י ו ו ע ר ז א ל ע ר ו ו י ל ע ן איז דער פארם פון די הערשענדיגע מנהגים, גלויבען אדער געזעצען שטעלט ארוים צום יחיד שפיגלען זיך אפ אין דער נשמה פון דעם מענשען אלס דער ס א צ י א ל ע ר ג ע וו י ס ע ן. דער דאזיגער טערמין נעמט אין זיך אריין דעם סכום פון די יעניגע סאציאלע נטיות, וואס האלטען אפ דעם יחיד פון צו שאדען דעם קהל דורך דעם, וואס ער וועט פארנאכלעסיגען די סאציאלע באדערפענישען. דער געדאנק וועגען א מעגליכען פארוואורף אדער גאר שטראף מצד דער געזעלשאפט איז א צוזאב־עלעמענט אין דעם סאציאלען באוואוסטזיין. דער סך הכל פון אלע התחייבות'ן, וואס די געזעלשאפט לייגט ארויף אויף דעם יחיד קאן בקצור אויסגעדריקט ווערען אין דעם באגריף וועגען מ ע נ ש ל י כ ק י י ט (אין דעם זינען פון א פליכט צו דער מענשהייט בכלל). אונזער סאציאלער געוויסען צווינגט אונז אויסצופירען די פליכטען, וואס די מענשליכקייט לייגט אויף אונז ארויף. די פאדערונגען פון מענשליכקייט אין די פערזענליכע נטיות, וואס שטאמען פון זיי, זיינען דער אויסדרוק פון דעם יחיד'ס אפהייננגיגקייט פון זיין געזעלשאפט. די ארגאנען, וועלכע די געזעלשאפט גיט איבער די אויפפאסונג איבער דעם דערפילען פון אט די פליכטען האבען אלס

א כלל דעם צוועק ארויפצוצווינגען די דאזיגע אפהייניגקייט אויף אירע מיטגלידער, כדי אנצוהאלטען איר עקזיסטירענדיגען צושטאנד און באשיצען זיך קעגען די פעלערן פון די יחידים, פון די ווייניגער פאראנטווארטליכע מיטגלידער. די מענשליכקייט און דער סאציאלער געוויסען זיינען דער איינהאלטענדיגער עלעמענט אין דער מאראל־עוואלוציע.

אבער אויסער אט דער פארם איז דא נאך אן אנדער פארם פון מאראל־באוואוסטזיין, וואס העלפט מיט דעם פראגרעס צו גרעסערע דערגרייכונגען, און וועלכע מיר קאנען אנרופען אינדיווידועלער געוויסען. נאכדעם ווי דער מענש האט זיך אויפגעהויבען איבער דעם המון און האט דערפילט, אז ער איז א פערזענליכקייט פאר זיך אליין, קאן ער זיך שוין מער ניט באפרידיגען מיט'ן בלויזען דערפילען פון די געזעלשאפטליכע פאדערונגען און מיט אן אויסהיטען זיך פון פארווארפען און שטראפען. ער שטרעבט צו דער אנטוויקלונג פון אלע זיינע אינערליכע קרעפטען. ער שטעלט ארויס פאדערונגען צו זיך אליין. ער האלט זיך אן באשטימטע אידייעס און איז מיט זיך קיינמאל ניט צופרידען אזוי לאנג ווי ער האט ניט דעם פולען באוואוסטזיין, אז ער האט געטאן דאס בעסטע, וואס ער איז נאר בכח. אויף דער דאזיגער שטופע באקומט די פול אנטוויקעלטע פערזענליכקייט אן אמת'ען אינערליכען ווערט, וואס אונזער פערזענליכער געוויסען צווינגט אונז אפצוהיטען אויפ'ן שטרייננגסטען אופן.

סאקראט איז אן אויסגעצייכענטער ביישפיל פון אן אויסערארדענטליך שטארק אנטוויקעלטען פערזענליכען באוואוסטזיין. ער האט ניט נאר פינקטליך דערפילט אלע זיינע פליכטען אלס א בירגער פון אטהען, נאר ער האט אויף זיך אויך גענומען דעם חוב צו וועקען און פארשארפען דעם מאראל־באוואוסטזיין פון זיינע מיטבירגער. ווען ער איז צוליב דעם ענדליך געשטעלט געווארען פאר'ן געריכט האט ער זיך אפגעזאגט צו בעטען מחילה ביי די ריכטער אדער צו אנטלויפען פון געפענגעניש. ער האט אפגעהיט די ווערדע פון זיין פערזענליכקייט און האט צוליב אט דער ווערדע אנגענומען דעם טויט פאר ליב.

עס פאסירט גאנץ אפט, אז די סאציאלע פאדערונגען שטויסען זיך צונויף מיט דעם אינדיווידועלען געוויסען און פארשוועכען די ווערדע פון דער פערזענליכקייט. העכערע נשמות טרעטען דאמאלט ארויס קעגען אט די געזעלשאפטליכע פאדערונגען און ברייגען דערמיט דערצו, אז דער מאראל־באוואוסטזיין זאל פארפיינערט און דערהויבען

ווערען. די גרעסערע איינזעהעניש, וואס מען ווייזט איצט ארויס בנוגע צו באנקראטירטע בעלי חובות, איז א באווייז, אז דער פערזענליכער זעלבסט־רעספעקט האט זיך אין אונזערע צייטען פארגרעסערט. די פערזענליכע פארפליכטונג און דער פערזענליכער זעלבסט־רעספעקט, דער סאציאלער און אינדיווידועלער געוויסען, פארשארפען איינאיינעם דעם געפיל פון סאציאלער פאראנטווארטליכקייט ביי דעם יחיד און דערהויבען אין דערזעלביגער צייט דעם אינערליכען ווערט פון דער פערזענליכקייט; זיי פארגרעסערען אויף אזא אופן דעם געביט פון סאציאלער פליכט דורך דעם באוואוסטזיין פון זיין ווירדיגקייט. די אויפגאבע פון א קומענדיגער עטישער סיסטעם וועט זיין פולער און בפרטיות'דיגער אויסצוארבייטען דעם דאזיגען פרינציפּ פון צוזאמענווירקונג פון פערזענליכע פליכטען און פערזענליכען זעלבסט־רעספעקט.

א ר י ס ט א ט ע ל איז געווען דער ערשטער, וואס האט ארויסגעזאגט דעם טיפען געדאנק, אז דער גליק באשטייט אין דעם פולען אויסנוצען פון די אייגענע קרעפטען. די מאדערנע פסיכאלאגיע באשטעטיגט דעם דאזיגען געדאנק אין דער פולסטער מאס. דער מענשליכער גליק באשטייט ניט אין א בלויזען פאסיווען איבערטראגען (דאס לעבען), נאר בלויז און אויסשליסליך אין דעם ערפאלגרייכען באנוצען זיך מיט די אייגענע קרעפטען. אבער דער יחיד קאן ערגיץ ניט אויסנוצען און אנווענדען זיינע קרעפטען און קאן ערגיץ ניט געפינען קיין בעסערע געלעגענהייט פאר דעם, ווי אין דעם פארזוך צו דינען און צו פארגרעסערען דעם אלגעמיינעם וואוילזיין.

די דאזיגע שטרעבונג געפינען מיר סיי אין דעם עודעמאניזם, סיי אין דעם אוטיליטאריאניזם און סיי אין דעם עטישען אידעאליזם, און דער חלוק צווישען די דאזיגע ריכטונגען ווערט אויף אזא אופן אפגעווישט. דער גענעטיש־ביאלאגישער שטאנדפונקט בינדט אויף דעמזעלביגען אופן צוזאמען דעם עגאאיזם מיט דעם אלטרואיזם גראד דערפאר, ווייל די שטרעבונג צו ארבייטען פאר דעם אלגעמיינעם וואוילזיין שטעלט מיט זיך פאר אין דערזעלביגער צייט אויך דעם גליק פון דעם יחיד.

וואס איז שייך דער פראגע וועגען דער א נ ט ש ט י י א ו נ ג פ ו ן ד ע ר מ א ר א ל האלט זיך אט די ריכטונג אן אן אויסגעשפּראכענעם עוואלוציאניזם, ווייל די מאראל איז אין דער אמת'ען דער העכסטער פּראדוקט פון דער מענשליכער עוואלוציע.

# פילאָסאָפיע

אויך אין דער פראַגע וועגן דעם *אויטאָריטעט* פון די מאָראַלישע נאָרמעס קומען מיר צו אַן אויסגלייך פון די היפוכים. דער מאָראַל־געזעץ איז פון שטאַנדפונקט פון דעם כלל — *אויטאָנאָם*, און איז *העטעראָנאָמיש* פון דעם שטאַנדפונקט פון דעם יחיד. דער סאָציאַלער כלל איז דער אויטאָריטעט, וועלכען דער יחיד מוז זיך פאַקטיש אונטערגעבען, כדי ער זאָל זיך דערמיט קאָנען באַטראַכטען אַלס מיטגליד פון כלל און געפינען זיין אייגענעם גליק אין דעם אַלגעמיינעם וואוילזיין.

אין דער פראַגע וועגען דער שייכות צווישען *מאָראַל* און *רעליגיע* האַלט זיך די גענעטיש־ביאָלאָגישע טעאָריע אַן דער מיינונג, אַז די מאָראַל איז אַנטשטאַנען אומאָפּהענגיג פון דער רעליגיע, און אַז איר אויטאָריטעט איז פולשטענדיג אומאָפּהענגיג פון דער רעליגיעזער דאָגמע. דער אַקט איז ניט דערפאַר מאָראַליש, ווייל ער געפעלט גאָט, נאָר ער געפעלט גאָט ווייל ער איז מאָראַליש. ניט בלויז *פלאַטאָן* האָט פאַרטיידיגט אַט די מיינונג אין זיין „דיאַלאָג מיט עוטהיפראָ“, נאָר אפילו אַזאַ אָרטאָדאָקסישער קריסטליכער טעאָלאָג ווי *טהאָמאַס אַקווינאַס*, האָט זיך אויך אַן איר געהאַלטען.

פונדעסטוועגען האָט אַ לאַנגע צייט עקזיסטירט די אייננסטע פאַרבינדונג צווישען מאָראַל און רעליגיע. די מאָראַלישע נאָרמעס, וואָס זיינען אַ רעזולטאַט פון די מענשליכע באַדערפעניסען, ווערען פאַרוואַנדעלט אין רעליגיעזע דאָגמעס און ווערען דורך דעם דורכגעדרונגען מיט אַ התעוררות, וועלכע זיי וואָלטען קיינמאָל ניט געקאָנט באַקומען פון דעם בלויזען קאַלטען שכל. אפילו אין אונזערע צייטען האָט די רעליגיע אַ גלענצענדע געלעגענהייט צו ברענגען גרויסע נוצען אויפ'ן געביט פון געזעלשאַפטליכען דינסט. פונדעסטוועגען איז עס אָבער אַ פאַקט, אַז די רעליגיע ווערט אָפּגערייניגט פון דעם גראָבען אַנטראָפּאָמאָרפיזם און עגאָאיזם בלויז אַ דאַנק די מאָראַלישע געבאָטען און געפילען.

אָבער די רעליגיע איז ניט בלויז אַ געוויסער סכום פון געבאָטען. אין אַ פיל העכערען זינען איז זי אַ טעאָריע וועגען דעם אוניווערז און דעם לעבען. אַלס אַזאַ מוז זי זיך רעכענען מיט דער עטיק אויף אַזוי פיל, אויף וויפיל די עטישע נאָרמעס זיינען געבויט אויף דעם גלויבען אין דער מעגליכקייט צו פאַרפאָלקאָמען די מענשליכע ראַסע.

## ווילהעלם יערוזאַלעם

דער דאָזיגער גלויבען קאָן, פאַרשטייט זיך, קומען דורך דערפאַרונג, אָבער כדי ער זאָל בייקומען די שטאַנדהאַפטיגקייט אין וועלכער ער נויטיגט זיך, מוז ער זיך שטיצן אויף אַן אויסגעהאַלטענער טעאָריע פון דעם אוניווערז. אָבער אַזאַ טעאָריע מוז אָנקומען, ווי מיר האָבן שוין געזען אין סוף פון 34־טען קאַפּיטעל, צו דער השערה וועגן אַ מעכטיגן ווילן, וואָס ווערט באַטראַכט אַלס דער לעצטער מקור סיי פון די נאַטור־געזעצן און סיי פון דעם געזעץ פון מאָראַל.

דער געגעטיש־ביאָלאָגישער מעטאָד פון אונטערזוכונג גיט אויך די מעגליכקייט צו אַנטפּלעקן די פּרינציפּען, אויף וועלכע עס באַזירען די אידעאַלען און צוועקען פון דער מענשליכער שטרעבונג, און וואָס פאַראייניגן זיך אין דערזעלביגער צייט אונזערע באַשלוסען אין פאַלען, ווען מיר הויבען אָן צו צווייפלען.

די טערמינען: פאַמיליע, קהלה, שטאַט אָדער מענשהייט דריקן אויס סיי די איינגערע, סיי די ברייטערע געביטען פון דער מאָראַלער אַקטיווקייט. אַ ריין פאַמיליען־לעבען איז דער נויטיגער תנאי פאַר דער אַנטוויקלונג פון דעם שטאַט. אויפ׳ן שטאַט ליגט דעריבער אַ חוב צו קולטיווירן דעם געפיל פון סאָלידאַרישקייט אין דער פאַמיליע און צו באַזאָרגן די אינטערעסען פון אירע מיטגלידער. עס פאַסירט גאַנץ אָפט, אַז די אינטערעסען פון שטאַט פאָדערן די אויפלייזונג פון די פאַמיליע־פאַרבינדונגען. קהלה׳ישע דינער, ווי באַאַמטע און סאָלדאַטען, טאָרן ניט דערלאָזן, אַז זייער זאָרג וועגן דער פרוי און קינדער זאָל זיי שטערן אין דער פולער אויספירונג פון זייערע אָפיציעלע פליכטען. די פאַטריאָטישע פליכטען האָבן, בכלל גע־רעדט, אַן אויבערהאַנט איבער די פליכטען צו דער אייגענער פאַמיליע.

דער ענין פון מאַכען אַ חלוק צווישען די פליכטען צום שטאַט און צו דער צוקונפט בכלל איז שוין אַ פיל שווערערע פּראָבלעם. די אומגעהויערע אַנטוויקלונג פון דער פּערזענליכקייט האָט געשאַפען דעם באַגריף פון פּערזענליכען זעלבסטרעספּעקט און האָט אין הסכם דערמיט אַרויפגעלעגט אויף אונז געהעריגע פליכ־טען. אָבער לײַדער זיינען מיר נאָך גאַנץ ווייט פון דער צייט, ווען די דאָזיגע פליכטען וועלען זיך אַזוי טיף איינקריצען אין דער מענש־ליכער נאַטור, אַז זיי זאָלען ווערען פעסטע, אומפאַרענדערליכע כללים פון אונזערע האַנדלונגען סיי אין פאַל פון מלחמה צווישען ציוויליזירטע

פעלקער, סיי אין די באַציהונגען פון די ציוויליזירטע פעלקער מיט די ווייניגער ציוויליזירטע.

וועדליג די געזעלשאַפט איז איצט געבויט קאָנען מיר בלויז ריידען וועגען אַ קאָמפּראָמיס צווישען דער מלחמה־מאָראַל און דער מאָראַל פון פרידליכען צושטאַנד.

אָבער די מעגליכקייט צו לעבען אין פולשטענדיגען הסכם מיט דעם מאָראַלישען חוב הייגגט אָפּ ניט בלויז פון דעם גוטען ווילען פון׳ם יחיד, נאָר אין אַ גרויסער מאָס אויך פון דעם סאָציאַלען סדר, אונטער וועלכען ער לעבט. די אויפגאַבע פון דער וויסענשאַפטליכער עטיק איז דעריבער צו אונטערזוכען די סאָציאַלע אָרדענונג, כדי צו אַנט־פּלעקען אויף וויפיל זי מאַכט מעגליך די דערפילונג פון די עטישע פליכטען, דאָס הייסט, מיט אַנדערע ווערטער, — אויסצוגעפינען אויף וויפיל די סאָציאַלע אָרדענונג איז צוגעפּאַסט צו די לעבענס־באַדינ־גונגען. אָבער קומענדיג צו אָט דער פּראָבלעם גייט שוין די עטיק אַריבער אין אַ טעאָריע וועגען דער עוואָלוציע פון דער מענשליכער געזעלשאַפט, אָדער צו **סאָציאָלאָגיע**.

## 43. סאָציאָלאָגיע און פילאָסאָפיע פון געשיכטע.

די סאָציאָלאָגיע איז די יונגסטע פון אַלע פילאָסאָפישע וויסענ־שאַפטען. דער עניין, מיט וועלכען זי פאַרנעמט זיך איז **דער מענש, וואָס ווערט באַטראַכט אַלס סאָציאַ־לער וועזען**, אָדער ריכטיגער געזאָגט, **די סאָציאַלע גרופּע אַלס אָרגאַניזירטע איינהייט**. די דאָזיגע גרופּע איז אין איין און דערזעלביגער צייט סיי מער סיי עטוואָס אַנ־דערש, ווי אַ פּשוט׳ער סכום פון יחידים, פון וועלכע זי איז צוזאַמענ־געשטעלט. יעדע פון אָט די גרופּעס איז אַ מין געמיינשאַפט, דאָס הייסט זי האָט געמיינזאַמע טראַדיציעס, אידעאַלען און קאַמפּען. זי דערשיינט פאַר אונז אַלס אַ שפּראַכליכע אָדער היסטאָרישע געמיינ־שאַפט אין דער פאָרם פון אַ ראַסע אָדער נאַציע; אַלס אַ פּאָליטישע געמיינשאַפט — אין דער פאָרם פון אַ שטאַט; אַלס אַ געמיינשאַפט פון אינטערעסען — אין דער פאָרם פון גילדיעס, קאָרפּאָראַציעס און געזעלשאַפטען; אַלס גלויבענס־געמיינשאַפט אין דער פאָרם פון אַ

רעליגיעזער קהלה, — און ענדליך אַלס קולטור־געמיינשאַפט אין דעם באַגריף וועגען אַ מ ע נ ש ה י י ט. די סאָציאַלע גרופּע האָט אַ שטאַרקען איינפלוס אויף יעדערן פון אירע מיטגלידער, געבענדיג זיי אַן אָנשטויס (צו געוויסע האַנדלונגען), אַרויפליגענדיג אויף זיי באַ־גרעניצונגען און באַזייטיגענדיג שטערונגען. די אַנטוויקלונג און די שטעלונג פון דעם יחיד, זיין פאַנטאַזיע און געדאַנק, זיין פילען און אויפפירען זיך ווערען אין אַ גרויסער מאָס באַאיינפלוסט דורך דער גרופּע. די גרופּע ווירקט אין דעם פרט די גאַנצע צייט אַלס אַ שאַפענ־דיגע און פאַרמירענדיגע קראַפט. ו ו אַ ו נ ד ט ׳ ס גלענצענדע פאַר־מולע וועגען דעם שעפערישען סינטעז אין דער גייסטיגער אַנטוויקלונג דריקט זיך אַמקלאַרסטען אויס אין דער סאָציאַלער גרופּע. דער צוזאַ־מענווירקען פון יחידים שאַפט עטוואָס נייעס, איבער־אינדיווידועלעס, אַזוינס, וואָס באַהערשט דעם יחיד און ווערט אין דערזעלביגער צייט אויך פאַרענדערט און פאַרשטאַרקט דורך דער האַנדלונג פון דעם יחיד. די סאָציאָלאָגיע פאַרנעמט זיך אַלזאָ מיט אַן אומגעהויער שווערער אויפגאַבע, — מיט דער אונטערזוכונג פון די קעגענזייטיגע שייכות׳ען פון דער געזעלשאַפט און פון דעם יחיד אויף די פאַרשיידענע געביטען פון לעבען, — אַן אויפגאַבע, וואָס פאַרשפּרעכט צו ברייגגען די רייכ־סטע רעזולטאַטען.

כאָטש דער באַגריף און דער נאָמען פון אָט דער וויסענשאַפט איז פאָרמולירט געוואָרען ערשט אין מיטען פון דעם ניינצענטען יאָר־הונדערט דורך דעם פראַנצויזישען פילאָסאָף אַ ג י ו ס ט ק אָ מ ט, האָט אָבער איר עצם־ענין צוגעצויגען די אויפמערקזאַמקייט פון די פילאָסאָפען נאָך מיט אַ לאַנגער צייט פריער. שוין פּ ל אָ ט אָ ן האָט פאָרמולירט די עטישע ראַליע פון דעם שטאַט אין זיינע צוויי שטאַט־אידעאַלען, פון וועלכען ער האָט דעם צווייטען באַזונדערס גענוי באַאַרבייט ביז די קלענסטע פרטים. דאָס איז אַן אוצר, פון וועלכער דער פאַרטיידיגער פון סאָציאַלער גערעכטיגקייט קאָן נאָך ביז איצט שעפען אַ סך פון זיינע אַרגומענטען. אַ ר י ס ט אָ ט ע ל האָט מיט אַ זעלטענעם שאַרפזין געמאַכט אַ קריטישע אונטערזוכונג פון אַלע עקזיסטירענדיגע פּאָליטישע אָרגאַניזאַציע־פאָרמען פון זיין צייט. דער גרונט־געדאַנק, אויף וועלכען ער שטיצט זיך, נעמליך — אַז דער מענש איז פון דער נאַטור אַ געזעלשאַפטליכע בריאה, איז נאָך ביז איצט דער יסוד פון יעדער סאָציאָלאָגישער אונטערזוכונג.

# פילאָסאָפיע

צוליב דער אויבערהערשאפט פון די טעאלאגישע פראגען האט דער מיטעלאלטער געהאט גאר א קנאפען אינטערעס צו סאציאלאגישע אונטערזוכונגען. דערפאר אבער האבען דער רענעסאנס און די מאדערנע פילאסאפיע אפגעגעבען דעם דאזיגען ענין א סך פלאץ. ה ו ג א ג ר א צ י ו ס האט אין זיין טעאריע פון דעם נאטירליכען געזעץ געלייגט דעם יסוד פאר א פילאסאפיע פון געזעץ, וואס איז נאך ביז איצט גאנץ פאפולער. די דאזיגע פילאסאפיע פון געזעץ ווערט שוין אבער איצט ניט באטראכט אלס א ספעציעלער פארשונג־צווייג און ווערט מיט דעם פולען רעכט אריבערגעטראגען אויפ'ן געביט פון סאציאלאגיע.

ט א מ א ס ה א ב ב ס באטראכט דעם שטאט אלס אינסטיטוציע, וואס דער מענש האט אויסגעטראכט צוליב דער געמיינזאמער פארטיידיגונג. ער איז אויך דער אויטאר פון דער טעאריע וועגען סאציאלען קאנטראקט, וואס האט געהערשט א לאנגע צייט. ר ו ס א באטראכט אויך דעם שטאט אלס א קינסטליכען קאנטראקט, אבער ער פאדערט, אז די תנאים פון אט דעם קאנטראקט זאלען דורכגעדרונגען ווערען מיט פרייהייט און גלייכהייט. זיין טעאריע איז דעריבער געווארען דער לאזונג פון דער גרויסער פראנצויזישער רעוואלוציע.

דער 19־טער יארהונדערט האט זיך צוריקגעקערט צו א ר י ס ־ ט א ט ע ל ' ס באגריף, נעמליך, אז דער שטאט איז א פראדוקט פון דער נאטור. ער האט גענומען באטראכטען דעם שטאט פון שטאנדפונקט פון היסטארישער עוואלוציע. א ג י ו ס ט ק א מ ט , וועלכער האט, ווי מיר האבען שוין דערמאנט, פארמולירט סיי דעם נאמען, סיי דעם באגריף פון סאציאלאגיע, האט זיך אונטערגענומען צו אונטערזוכען און פעסטשטעלען די סאציאלע געזעצען לויט דעמזעלביגען מעטאד, ווי די געזעצען פון דער נאטור. לויט זיין מיינונג איז די סאציאלאגיע די קרוין פון זיין גאנצער סיסטעם פון פאזיטיווער פילאסאפיע. אין דער שטופענמעסיגער רייע וויסענשאפטען, וואס הויבט זיך אן מיט מאטעמאטיק און גייט דורך אסטראנאמיע, פיזיק, כעמיע און ביאלאגיע, איז סאציאלאגיע דער לעצטער און העכסטער שטאפעל. די ארגאנישע טעאריע פון שטאט, וואס פ ל א ט א ן האט שוין פארצייטענס אנגעצייכענט, איז א דאנק דער עוואלוציאנערער טעאריע געניער און גרינדליכער אויסגעארבייט געווארען, כאטש זי האט זעהר אפט געליטען פון אומבאגרינדעטע גוזמאות. לויט אט דער טעאריע

איז דער שטאט א מין העכערער ארגאניזם, וואס אנטוויקעלט זיך לויט געזעצען, וואס זיינען ענליך צו די אנטוויקלונג־געזעצען פון דעם יחיד.

ש ע פ ל ע האט די דאזיגע טעאריע געגוי באארבייט אין זיין ווערק „דער געבייי און לעבען פון דעם סאציאלען קערפער", וואו ער איז אבער צו ווייט אוועק מיט זיינע פארגלייכען פון דעם סאציאלען ארגאניזם צו א לעבעדיגען קערפער.

ה ע ר ב ע ר ט ס פ ע נ ס ע ר האט אין זיינע פרינציפען פון סאציאלאגיע זיך געפרופט אויסבויען א טעאריע פון סאציאלער עוואלוציע אויף א ריין גענעטיש־היסטארישען יסוד. ער שטיצט זיך דערביי אויף א ברייטען פונדאמענט פון עטנאגראפישע פאקטען. דער שטאט איז אין הסכם מיט דעם אלגעמיינעם אנטוויקלונג־געזעץ, וואס ס פ ע נ־ ס ע ר האט פעסטגעשטעלט, — בלויז א וויטערדיגע אנטוויקלונג־שטופע פון פריערדיגע, פרימיטיווע געזעלשאפט־פארמען. דער שטאט שטרעבט אלץ מער צו פארברייטערען זיין פארנעם און אין דערזעלביגער צייט גרינדליכער צו פארפעסטיגען זיך. בעת דעם דאזיגען וואוקס קומט פאר צווישען די איינצעלנע גלידער פון שטאט, דאס הייסט צווישען זיין באפעלקערונג, דערזעלביגער פראצעס פון דיפערענציאציע, וועלכען ס פ ע נ ס ע ר האט אנגעוויזען אין דער אנטוויקלונג פון ארגאניזמען בכלל. די באשטאנד־טיילען, וואס זיינען תחילת איינארטיג און אומבאשטימט, ווערען אלץ מער און מער פארשיידענארטיג און דערביי באמערקט זיך א גלייכצייטיגע טענדענץ, אז יעדער טייל באזונדער זאל ווערען אלץ מער און מער באשטימט. צוליב דער צעטיילונג פון ארבייט ווערען די אינטערעסען און כאראקטערען פון די מענשען אלץ מער און מער פארשיידען און אין דערזעלביגער צייט ווערען די אייגענשאפטען און כאראקטערען פון יעדער באזונדער גרופע אלץ שארפער און גענויער אפגעגרעניצט. די דאזיגע טיילען ווערען אין דערזעלביגער צייט אלץ מער אפהייגיג פון דעם גאנצען, וועלכער ווערט צוליב דעם גופא אלץ שטאנדהאפטיגער. ס פ ע נ ס ע ר באטראכט פונדעסטוועגען שטענדיג דעם יחיד אלס א ציל פאר זיך, וואס דארף קיינמאל ניט דערנידעריגט ווערען צו דער מדרגה פון א פשוט'ען שקלאף פון שטאט. דער אידעאלער שטאט וועט זיין דער, אין וועלכען דער יחיד דינט דעם אלגעמיינעם וואוילזיין, נאכפאלגענדיג זיינע אייגענע פריוואטע אינטערעסען.

א קאנקרעטערע טעאריע וועגען דער אנטשטייאונג און דער נאטור

פון שטאט, וועלכע שטימט אין דערזעלביגער צייט מער מיט די אמת'ע פאקטען פון דער היסטארישער אנטוויקלונג איז ארויסגעשטעלט געווארען דורך לודוויג גומפלאוויץ. די דאזיגע טעאריע איז אויך פארטיידיגט און געניער באארבייט געווארען דורך פראנץ אפענהיימער'ן. לויט אט דער טעאריע איז דער שטאט „א סאציאלע אינסטיטוציע, וואס ווערט ארויפגעצוואונגען דורך דער זיגרייכער סאציאלער גרופע אויף די באזיגטע, מיט דעם איינציגען צוועק צו רעגולירען די הערשאפט איבער די באהערשטע און אויסצוהיטען זיך פון אן אינווייניגסטען אויפשטאנד אדער דרויסענדיגען אנפאל. די הערשאפט, ווידער, האט ניט קיין אנדער צוועק, אויסער דער עקספלואטאציע פון די באזיגטע דורך די זיגער". (פראנץ אפענהיימער: „דער שטאט", ז. 8 און פאלגענדיגע). מיר מוזען מודה זיין, אז די מערהייט שטאטען זיינען טאקע געגרינדעט געווארען אויף אט אזא אופן, און אז די עקאנאמישע און סאציאלע אונטערשיידען אין שטאט גופא קאנען בעסער דערקלערט ווערען אויפ'ן סמך פון דער דאזיגער טעאריע. אבער דאס פארענטפערט נאך יעדענפאלס ניט די גרונט־פראגע פון סאציאלאגיע, ווייל סיי די זיגערישע, סיי די באזיגטע גרופע באזיצט דאך לכתחילה א מין סאציאלע ארגאניזאציע, אין וועלכער עס עקזיסטירען שוין געוויסע סאציאלע אונטערשיידען. פונדעסטוועגען מוזען מיר צוגעבען, אז די דאזיגע קאנקרעטע טעאריע, וואס שטיצט זיך אויף אן אומגעהויערער מאסע היסטארישע פאקטען האט גרויסע מעלות לגבי דער צעשוואומענער ארגאנישער טעאריע פון פרייען אפמאך.

די מאדערנע עטנאלאגיע, די פארגלייכענדיגע געשיכטע פון רעליגיע און געזעץ, די פאליטישע עקאנאמיע און די געשיכטע פון עקאנאמישען לעבען, מיט וועלכע מען האט זיך אזוי שטארק פארנומען די לעצטע יארען, גרייטען צו פאר דער סאציאלאגיע א וואקסענדיגען בארג מיט מאטעריאל, — און די מאדערנע באוועגונגען פאר סאציאלע ענדערונגען פארשטארקען, פון דער אנדער זייט, דעם אינטערעס צו סאציאלאגישע אונטערזוכונגען. אבער גראד אט די ריזיגע עשירות אין מאטעריאלען מאכט שווער מיט איינמאל צו באנעמען דעם גאנצען מהות פון סאציאלאגיע און די פארטיי־פאליטישע שטאנדפונקטען אין דער דאזיגער פראגע שטערען אפט דער וויסענשאפטליכער אביעקטיווקייט. די סאציאלאגיע געפינט זיך דעריבער נאך אלץ אין א צושטאנד

# ווילהעלם יערוזאַלעם

פון ווערן און מען וועט נאָך דאַרפן אָוועקלייגן אַ סך גייסטיגע קרעפטן איידער מען וועט דערגרייכן פעסטע, אומבאַשטרייטליכע רעזולטאַטן.

איין זאַך איז שוין אָבער קלאָר אַפילו איצט. וואו נאָר מיר טרעפן דעם מענטשן, אין וואָס פאַר אַ צייט אָדער פּלאַץ דאָס זאָל ניט זיין, האָט זיך ערגיץ און קיינמאָל נאָך ניט געטראָפן, אַז ער זאָל לעבן איינער אַליין, אָפּגעשיידט פון זיין מין. צו יעדער צייט און אויף יעדן אָרט לעבט ער אין אַ געזעלשאַפטליכער געמיינשאַפט מיט אַנדערע מענטשן. וואָס נידעריגער מיר לאָזן זיך אַראָפּ אויפ׳ן לייטער פון דער סאָציאַלער אַנטוויקלונג אַלץ מער, געפינען מיר אויס, ווערט דער יחיד קאָנטראָלירט דורך די מנהגים און אַלץ קלענער איז זיין פּערזענליכע אומאָפּהענגיגקייט. בלויז אין גאַנג פון דער קולטור־אַנטוויקלונג הייבט די פּערזענליכקייט אַן אויסצוקעמפן דעם פּלאַץ, וואָס איר קומט. ספּענסער איז דעריבער נאָענט צום אמת, ווען ער זאָגט: „די געזעלשאַפט קומט פריער פאַר דער פּערזענליכקייט". די אומאָפּהענגיגע פּערזענליכקייט, וואָס טראַכט פאַר זיך אַליין און וואָס פאַרמאָגט אַן אייגענעם עמאָציאָנעלן לעבן און אַ פרייהייט פון אויסוואַל, איז ערשט דער רעזולטאַט פון דער סאָציאַלער אַנטוויקלונג פון דער ציוויליזאַציע, — און זיכער איר ווערטפולסטער רעזולטאַט.

דער יחיד קאָן סוף כל סוף קומען צו דער איבערצייגונג, אַז די נאָבעלסטע זאַך, אין וועלכער זיין פּערזענליכקייט קאָן זיך אויסדריקן און וואָס וועט אים אין דערזעלביגער צייט ברענגען די גרעסטע מאָס פון גליק, איז דאָס, וואָס ער גיט אוועק זיינע בעסטע קרעפטן אין דינסט פון דער געזעלשאַפט. אָבער איינמאָל באַפרייט פון דער אונטערטעניגקייט און שקלאַפעריי צו דער געזעלשאַפט וועט שוין דער מענטש (וואָס האָט דערגרייכט צו אַ מדרגה פון אַ פּערזענליכקייט) מער ניט מסכים זיין ווידער צו ווערן איר שקלאַף און אונטערטאַן. די תנאים, וואָס זיינען גינסטיג פאַר׳ן פּראָגרעס, העלפן מיט דער אַנטוויקלונג פון דער פּערזענליכקייט פיל מער, ווי זיי אונטערדריקן זי, און דער איינציגער שכל׳דיגער ציל פון אַ קלוגער סאָציאַלער פּאָליטיק איז צו באַגייסטערן דעם יחיד פרייוויליג צו דינען דער געזעלשאַפט.

די פילאָסאָפיע פון געשיכטע איז איינג פאַרבונדען מיט סאָציאַ־

לאָגיע. זי פּרופט אויפדעקען די פירענדיגע פּרינציפּען און ענדציִלען פון דער היסטאָרישער עוואָלוציע. הערדער האָט אין זיינע „אידייעס וועגען דער פילאָסאָפיע פון דער מענשליכער געשיכטע" באַטראַכט די מענשליכקייט אַלס דעם אידעאַלען ציל, צו וועלכען די היסטאָרישע אַנטוויקלונג שטרעבט. די מענשליכקייט איז פאַרבונדען מיט דער פולשטענדיגער אַנטוויקלונג פון די ספּעציעל־מענשליכע אייגענשאַפטען און ווערט אויף אַזאַ אופן אַ צוועק פאַר זיך. אין הערדער'ס ווערק האָט זיך אויף אַ היסטאָריש־פילאָסאָפישען אופן אויסגעדריקט דער כאַראַקטער פון דעם 18־טען יאָרהונדערט, וואָס איז געווען פון איין זייט אינדיווידואַליסטיש און פון דער אַנדער זייט קאָסמאָפּאָליטיש.

העגעל האָט אין זיין טעאָריע וועגען דעם אָביעקטיווען גענאנק געשטרעבט פאַרצושטעלען די געשיכטע אויף אַ זעהר איינדרוקספולען אופן אַלס דעם „פּראָגרעסיווען פונאַנדערוויקלען פון דעם פרייהייט־באַוואוסטזיין". זיין טעאָריע גיט אָפּ דעם געהעריגען פּלאַץ סיי דער פּערזענליכער פרייהייט און סיי דער פאַרפליכטונג פון דעם יחיד צו דעם שטאַט. ניט קוקענדיג אויף די פיל כראָנאָלאָגישע גרייזען פאַרבלייבט דאָך העגעל'ס קאָנצעפּציע פון דער געשיכטע ביז איצט דער גלענצענדסטער פאַרזוך צו פאָרמולירען אַן איינהייטליכע טעאָריע פון היסטאָרישער אַנטוויקלונג. ווי ס'איז גוט באַקאַנט שטאַמען סיי פייערבאַך'ס מאַדערנער מאַטעריאַליזם, סיי קאַרל מאַרקס'עס און לאַסאַל'ס סאָציאַליזם פון דער העגעליאַנישער שול. לויט דער דאָזיגער טעאָריע קאָן די גאַנצע פאַרגאַנגענע היסטאָרישע אַנטוויקלונג פאַרשטאַנען ווערען ווי געהעריג בלויז פון דעם עקאָנאָמישען שטאַנדפּונקט. די עקאָנאָמישע באַדערפעגישען און די פאַרשיידענע פאָרמען פון די פּראָדוקטיווע אינדוסטריעס, ווי אויך די פאַרטיילונג פון די פּראָדוקטען זיינען די גרונט־באַוועגענדיגע קרעפטען פון דער געשיכטע. די רעליגיעזע און מאָראַלישע געפילען אינאיינעם מיט די אַנדערע „אידעאָלאָגישע פאַקטאָרען" זיינען בלויז אויסערליכע און אויבערפלאַכליכע סמנים. די אמת'ע סבות פון אַלע רעוואָלוציעס און פון אַלע גרויסע היסטאָרישע באַוועגונגען האָבען שטענדיג געטראָגען אַ ריין עקאָנאָמישען כאַראַקטער. די עקאָנאָמישע אויסטייטשונג פון דער געשיכטע, וועלכע ווערט אָפּט באַצייכענט אויך אַלס די מאַטעריאַליסטישע טעאָריע, האָט אַ זעהר גרויסע באַדייטונג אַלס מעטאָד פון

אונטערזוכונג. מיר קאנען פון איר נאך דערוואַרטען וויכטיגע בייטראגען פאר דעם ריכטיגען פאַרשטיין פון דער געשיכטע. אבער אלס א פילאסאפיע פון געשיכטע איז זי צו איינג און איר אומפעהיגקייט צו שטימען מיט די פאקטען איז גוט באקאנט. *)

די פילאסאפיע פון דער געשיכטע האט דערמזעלביגען צוועק ווי די סאציאלאגיע. פ א ו ל  ב א ר ט ה'ס פלאן צו פאראייניגען די ביידע לערעם אין איינער („די פילאסאפיע פון דער געשיכטע אלס סאציאלאגיע") איז דעריבער געוועזן א גוטער איינפאל. אזא מין סיסטעם פון סאציאלאגיע האט פאר זיך זעהר גרויסע אויפגאבען. זי וועט דארפען

*) די דאזיגע גרינגשעצונג פון דעם מארקסיזם און פון דעם היסטארישען מאטעריאליזם, וועלכע ווארפט זיך אין די אויגען ביי אונזער אויטאר, דערקלערט זיך פשוט דערמיט, וואס ער איז ניט נאר ניט קיין היסטארישער מאטריאליסט אין סאציאלאגישען זינען, נאר אפילו ניט קיין מאטעריאליסט אין דעם פילאסאפישען זינען. ער איז א געגנער פון דעם מאטעריאליזם אין אלע זיינע פארמען, אבער אפילו אלס געגנער וואלט ער זיך געדארפט פיל ערנסטער באציען צו דער לערע, וואס האט געהאט א מעכטיגען איינפלוס אויף אלע סאציאלע וויסענשאפטען און אויף אלע טיילען פון דער פילאסאפיע פון מיטען פון דעם 19-טען יארהונדערט אן און ביז אונזערע צייטען. ווען דער אויטאר וואלט זיך ערנסטער באצויגען צו דער מארקסיסטישער לערע, וואלט ער ניט אויסגעמישט אינאיינעם דעם „מאדערנעם מאטעריאליזם" פון פ י י ע ר ב א כ'ן מיט דעם סאציאליזם פון מ א ר ק ס'ן, וועלכער האט באקעמפט פ י י ע ר ב א כ'ן. ער וואלט אויך ניט פשוט דערקלערט, אז דער מארקסיזם „שטאמט" פון דער העגעליאנישער שול, וויסענדיג, אז מארקס' וועלטאנשויאונג איז סיי פילאסאפיש, סיי סאציאל געוועזן פונקט דער היפוך און די אפלייקענונג פון העגעליאניזם. ער וואלט ניט גערעדט וועגען דעם „וואויל-באקאנטען פאקט, אז די דאזיגע לערע שטימט ניט מיט די פאקטען", ווייל אזא פאקט איז גאר ניט אזוי וואויל באקאנט, און ער וואלט ניט געגעבען אזא איבערפלאכליכע און ניט-ריכטיגע פארמולירונג פון דער מארקסיסטישער אידעאלאגיע, ווי ער טוט עס אין די פריערדיגע פאראגראפען. דער מארקסיזם רעדט ניט וועגען דער „פארטיילונג פון די פ ר א ד ו ק ט ע ן" אלס וועגען איינעם פון די גרונט-יסודות פון דער געשיכטע, נאר וועגען דער צעטיילונג פון א ר ב י י ט. ער באטראכט די עקאנאמישע קרעפטען ניט אלס די באוועג-קרעפטען, נאר אלס דעם יסוד פון די געזעלשאפטליכע דערשיינונגען, און די „אידעאלאגישע פאקטארען" רעכענט ער ניט פאר „אויבערפלאכליכע סמנים", נאר פאר וויכטיגע דערשיינונגען, וואס ווערען בלויז געבויט אויף עקאנאמישע יסודות. ענדליך פארזעהט דער אויטאר אינגאנצען דעם מאטיוו פון קלאסענקאמף אין מארקס לערע און פארבייט אים בלויז מיט „עקאנאמישע סבות", — און דערמיט שליסט ער אינגאנצען אויס דעם סאציאלאגישען עלעמענט פון מארקסיזם און פארפלאכט אים ביז צו א פשוט'ען עקאנאמיזם, וועלכען גראד דער מארקסיזם האט שטענדיג באקעמפט". מ. כ.

ווייזען, אויף וויפיל דאס פסיכישע לעבען פון דעם יחיד ווערט באאיינפלוסט דורך דעם סאציאלען לעבען, דאס הייסט דורך דעם אוניווערזאלען ווילען. ס׳וועט זיך אפשר ארויסווייזען, אז די דאזיגע ווירקונג איז פיל גרעסער, ווי מען שטעלט זיך עס ביז איצט פאר. דער סאציאלער פאקטאר פון דעם וויסען, וועלכער איז באהאנדעלט געווארען אין קאפיטעל 27, וועט דעמאלט קלאר ווערען אין זיין פולער באדייטונג און וויכטיגקייט. מיר וועלען אויסגעפינען, אז דער גאנצער וויטערדיגער פראגרעס פון פסיכאלאגיע און עפיסטעמאלאגיע היינגט אפשר גאר אפ פון דער אנערקענונג פון אט דעם פאקטאר. די סאציאלאגיע וועט בלי ספק אויך ארויסבריינגען נייע פאקטען וועגען עסטעטיק, דער אינדיווידואליסטישסטער פון אלע פילאסאפישע לערעס. ס׳איז גאר קיין צווייפעל ניט, אז דער עולם, פאר וועלכען דער קינסטלער שאפט זיינע ווערק, פירט אפט מיט דער האנט פון דעם קינסטלער, אפילו ווען יענער גיט זיך אין דעם ניט אפ קיין חשבון, און עס איז דעריבער זיכער, אז אויך דער עסטעטישער אורטייל פון דעם יחיד ווערט אומפארמיידליך באאיינפלוסט דורך דעם אלגעמיינעם געשמאק. אויך ווערט שוין איצט צוגעגעבען, אז די עטיק קאן באהאנדעלט ווערען בלויז פון דעם סאציאלאגישען שטאנדפונקט. ווען די סאציאלאגיע וועט זיך מער אנטוויקלען וועט דאס ווערען נאך קלארער.

ווען דאס וועט אויסגעפירט ווערען וועט זיך ארויסווייזען, אז אונזער גאנצע טעאריע וועגען דעם אוניווערז און וועגען לעבען איז א פראדוקט פון דער סאציאלער עוואלוציע, וואס איר וויכטיגסטער רעזולטאט איז די שאפונג פון דער פערזענליכקייט, וואס זאל זיין גייסטיג אומאפהיינגיג און ווערט זיין די פרייהייט, פאר וועלכער זי קעמפט. די צוקינפטיגע סאציאלאגיע פארשפרעכט דעריבער צו זיין מער ווי א בלויזע פילאסאפישע לערע, זי קאן ווערען א לערע, וואס זאל דינען אלס יסוד פאר יעדער פילאסאפיע.

### 44. פעדאגאגיק.

די טעאריע פון דערציאונג, אדער פעדאגאגיע איז איינג פארבונדען מיט די פראבלעמען פון פילאסאפיע, באזונדערס מיט דער פסיכאלאגיע פון איין זייט און מיט דער סאציאלאגיע פון דער אנדער זייט. מיט דעם דערקלערט זיך פארוואס די גרונט־טעאריעס

# ווילהעלם יערוזאַלעם

פון דער דאָזיגער וויסענשאַפט זיינען געוויינליך געשאַפען געוואָרען פון דיינקער, וואָס האָבען זיך אַ סך פאַרנומען מיט פילאָסאָפישע פּראָבלעמען. די אויפגאַבע פון דערציאונג איז אַזוי וויכטיג סיי פאַר'ן שטאַט, סיי פאַר דער מענשהייט בכלל, אַז די מאָס לויט וועלכער מיר באַשטימען אירע אידעאַלען און מעטאָדען, קאָנען קיינמאָל ניט זיין צו הויך פאַר איר.

דער צוועק און ענדציל פון דערציאונג קאָן אין לעצטען חשבון באַשטימט ווערען בלויז דורך דער עטיק און סאָציאָלאָגיע, — די צוויי צווייגען, וואָס פאַרנעמען זיך מיט דער אונטערזוכונג פון די מאָראַל־פּראָבלעמען און פון דער שייכות צווישען דעם יחיד און דער געזעל־שאַפט. ווען דער דאָזיגער צוועק איז שוין אָבער דערגרייכט מוז זיך דער דערציער נאָך פאַרנעמען מיט אַ זעהר אויפמערקזאַמער אונטער־זוכונג פון דעם קינדס נשמה. צוליב דעם נויטיגט ער זיך אויך אין אַ פּסיכאָלאָגישער פאַרבאַרייטונג. יעדער איינער, וואָס וויל זיך פאַר־נעמען מיט דער זעהר פאַראַנטוואָרטליכער אַרבייט פון אַ לערער און דערציער, מוז דעריבער אַליין פריער באַקומען אַ גרינדליכע פילאָסאָ־פישע בילדונג. די לערער דאַרפען יעדענפאַלס באַקומען אַ פיל גרינד־ליכערע פילאָסאָפישע פאַרבאַרייטונג, ווי די וואָס זיי באַקומען געוויינ־ליך איצטער.

אָבער די פילאָסאָפישע פּרינציפּען אַליין פון דער פּעדאַגאָגיק זיינען נאָך ניט גענוג פאַר דער צוגרייטונג פון אַ לערער. די קונסט פון לער־נען קאָן ווי יעדער אַנדער קונסט, דערגרייכט ווערען בלויז דורך אַ סיסטעמאַטישער פּראַקטיק. אין דאָס קאָן קומען בלויז פון דער פּראַק־טישער דערפאַרונג פון דער פּראָפעסיע, אַלס אַ צוגאָב צו דער פילאָ־סאָפישער פאַרבאַרייטונג.

ס'איז בלי ספק ריכטיג, — ווי די געשיכטע פון פּעדאַגאָגיק ווייזט אונז, — אַז די גייסטיגע ריכטונג פון דער עפּאָכע באַשטימט די פּרינ־ציפּען, וואָס דאַרפען הערשען אין דער דערציאונג פון דער יוגענד. אַזוי, למשל, פאַרלאַנגט אונזער איצטיגע עפּאָכע אַ סאָציאַלע פּעדאַ־גאָגיק, וואָס איז גאַנץ אַנדערש, ווי די אינדיווידואַליסטישע פּעדאַגאָגיק פון דעם 18־טען און 19־טען יאָרהונדערט, וואָס האָט באַטראַכט די אַלזייטיגע בילדונג פון דעם יחיד אַלס די הויפּט־אויפגאַבע פון דער־ציאונג. אונזער סאָציאַלער פּעדאַגאָגיק פאַרשטייען מיר איצט אַ פּעדאַגאָגיק, וואָס איר איינציגער צוועק פון אָנהויב אָן איז אַריינצו־

# פילאָסאָפיע

בלאָזוען אין דעם נייעם דור א סאָציאַלען גייסט און איינצופלאַנצען ביי די שילער אַ סאָציאַלע פאַראַנטוואָרטליכקייט אזוי פרי און אזוי גרינדליך ,ווי נאָר מעגליך.

אויף אַזאַ אופן ווערט געשאַפען אַ שייכות צווישען דער פּעדאַ־גאָגיק און דער פילאָסאָפיע, וואָס איז ביז איצט אין אַ גרויסער מאָס פארנאַכלעסיגט געוואָרען.

די פילאָסאָפיע גופא נויטיגט זיך אין אַ שטענדיגער אונטערשטי־צונג פון דער דערציאונג־טעאָריע, כדי זי זאָל קאָנען אויסאיבען איר איינענעם געהעריגען איינפלוס. די טעאָריעס פון דער וועלט און פון דעם לעבען, וואָס די פילאָסאָפען אַרבייטען אויס, מאַכען ניט אויף דערוואַקסענע דעם איינדרוק, וואָס דער פילאָסאָף פאַרלאַנגט און דער־וואַרט, אפילו ווען זיי פאָלגען נאָך זיינע ראיות און שטימען איין מיט זיינע אויספירען. די אַנגענומענע מיינונגען און עטישע פּרינציפּען האָבען אַלס אַ כלל אַ גרעסערען איינפלוס אויפ׳ן לעבען אפילו פון דעם פילאָסאָף גופא, ווי זיין אייגענע פילאָסאָפישע סיסטעם. בלויז דאַן, ווען די דאָזיגע פילאָסאָפישע טעאָריעס ווערען דער יסוד פון דער אַלגע־מיינער דערציאונג, ווערען די פאַרגעשלאָגענע טעאָריעס פאַרדייט און געווינען די אַלגעמיינע אַנערקענונג און די געהעריגע ראַליע.

### שלום־באַטראַכטונגען.

ביים באַהאַנדלען פון די פאַרשיידענע פילאָסאָפישע פּראָבלעמען האָבען מיר פיל מאָל אַנגעוויזען אויף די דיינקונג־מעטאָדען, וואָס פּאַסטען אַמבעסטען פאַר דעם איצטיגען צושטאַנד פון דער וויסענ־שאַפט; אויף מעטאָדען, וואָס זיינען, לויט אונזער מיינונג, אַמבעסטען צוגעפּאַסט צו דערגרייכען די געווינשטע צוועקען. דער אויפמערק־זאַמער לעזער האָט בלי ספק שוין איינגעזען, אַז די דאָזיגע פאַרגע־שלאָגענע באַשיידען פון די פילאָסאָפישע פּראָבלעמען זיינען פאַרבונ־דען מיט טעאָריעס, וואָס שטיצען זיך אויף גרונט־פּרינציפּען. עס שיינט דעריבער ראַטזאַם פּעסטצושטעלען אין לעצטען סך הכל די דאָזיגע טעאָריעס און אַרויסצובריינגען פון זיי די פּראָבלעם, מיט וועל־כער די פילאָסאָפיע דאַרף זיך, לויט דער מיינונג פון דעם אויטאָר, פאַרנעמען.

# ווילהעלם יערוזאלעם

די ערשטע און אַלגעמיינסטע פאָדערונג, וואָס מיר שטעלען אַרויס צו דער פילאָסאָפיע, איז אַז זי זאָל זיין גלייכצייטיג עמפּיריש און וויסענשאַפטליך. דער פילאָסאָפישער בנין מוז זיך שטיצען אויף אַ פעסטען יסוד, אויב מיר ווילען, אַז דער בנין זאָל זיך קאָנען האַלטען. מיר פאַרלאַנגען, לויט פ ע כ נ ע ר ' ס אויסדרוק, אַ פילאָסאָפיע, וואָס זאָל זיין געבויט פון ג ר ו נ ט א ר ו י ף אַנשטאָט צו הייגען אין דער לופטען, ווי די חקירה־פילאָסאָפיע פון אַמאָליגע צייטען. אָבער זי מוז אין דערזעלביגער צייט פאַרבלייבען דאָס, וואָס ד ע ־ ק א ר ט האָט גערופט מאַכען פון איר און וואָס ק א נ ט האָט ווירקליך געמאַכט, ד. ה. אַ פילאָסאָפיע פון אינוויינג און ניט, ווי די מאַטעריאַליסטען וואָלטען עס ווען, אַ פילאָסאָפיע פון דרויסען. די פאַקטען פון אונזער פסיכישען לעבען, וואָס פאַרמאָגען אַן אוממיטעל־באַרע זיכערקייט, מוזען באַטראַכט ווערען יעדערער פאַר זיך און באַזונדער. די היסטאָרישע און ספּעציעל די עטנאָגראַפּישע אונטערזוכונגען פון אונזערע מאָדערנע צייטען האָבען דערוויזען, אַז ס'זיינען דאָ גייסטיגע קרעפטען, וואָס וועלען קיינמאָל ניט קאָנען דערגרייכט ווערען דורך דעם פסיכאָלאָגישען אַנאַליז. פון דער אַנדער זייט קאָן דער אוניווערזאַלער ווילען פון אַ פאָלק, וואָס דריקט זיך אויס אין דער שפּראַך, מנהגים און רעליגיע, דערקלערט ווערען בלויז מיט דער הילף פון דער פסיכאָלאָגיע. קיין אוניווערזאַלען מוח קאָנען מיר אין ערגיץ ניט געפינען, אָבער די עקזיסטענץ פון אַן אוניווערזאַלען ווילען זעהען מיר קלאָר אַרויס פון איר גוואַלדיגען איינפלוס אויף דעם ווילען פון דעם יחיד.

די נאַטור־וויסענשאַפט האָט אונז אויסגעלערנט, אַז אין יעדער פראַגע מוזען מיר פריער פאַר אַלץ פעסטשטעלען די פאַקטען. אָבער טאַקע דערפאַר גופא מוזען מיר זיך היטען ניט אַריינצופאַלען אין אַ טעות און ניט צו פאַרנאַכלעסיגען, אַלס אַ ווייניגער וויכטיגע זאַך, די פאַקטען פון אונזער פסיכישען לעבען, וועגען וועלכע מיר האָבען אַן אוממיטעלבאַרע זיכערקייט. ביים פאַרזוך צו רעדוצירען דעם גאַנ־צען וועלט־פּראָצעס צו איין איינציגען דערקלערונג־פּרינציפּ, וואָס דאָס איז פאַר זיך גופא אַ גאַנץ באַרעכטיגטע זאַך, מוזען מיר זיך היטען ניט צו פאַרווישען די באַזונדערקייטען פון די פאַרשיידענע גרופּעס דער־שיינונגען, וואָס זיינען דורכאויס ניט ענליך איינע אויף דער צווייטער. די פיזישע און פסיכישע פּראָצעסען וועלען אויף שטענדיג פאַרבלייבען

אומפאַרגלייכליך. דאָס איינציגע וואָס זיי האָבען בשותפות איז דער באַגריף וועגען ו ו ע ר ע ן, וואָס האָט אגב פאַר זיך אַליין אַבסאָליוט קיין שום אינהאַלט ניט. און ווער עס זאָגט אַזוי, אַז בלויז די מאַטע־ריע, אָדער בלויז דער גייסט איז רעאַל, דער פאַרגוואַלדיגט איינע פון די רייען פאַקטען און איז, מילד גערעדט, שוין ניט עמפּיריש.

ס'איז דאָ נאָך אַ צווייטע פאָדערונג, וואָס איז איינג פאַרבונדען מיט ערשטער און איז אויף וועלכער אונזער היינטיגער דור באַשטייט זעהר פעסט. ער פאַרלאַנגט נעמליך, אַז די פילאָסאָפיע זאָל זיך אומקערען צו דער טעאָריע פון פּשוט'ען געדאַנק, דאָס הייסט צו דער טעאָריע פון דעם געזונטען שכל הישר.

דער געזונטער שכל הישר נעמט אַז די גבית עדות פון דעם חוש־איינדרוק. ער איז איבערצייגט, אַז דאָס וואָס ער זעט, הערט אָדער רירט אָן עקזיסטירט אין דער ווירקליכקייט, און עקזיסטירט דערביי אויך אומאָפּהענגיג פון דער פּערזאָן, וואָס באַנעמט עס. אָבער די פילאָסאָפיע קומט אויך צו דיזעלביגע שלוסען נאָכדעם ווי אונזער פאָרשענדיגער געדאַנק האָט אין אַ משך פון טויזענטער יאָרען אונטער־זוכט אונזערע עמפּפינדונג־פעהיגקייטען און האָט שוין דורכגעמאַכט פאַרשיידענע צייטען פון דעם ראַדיקאַלסטען צווייפעל און פון דער גרינדליכסטער קריטיק. נאָך אַלעמען פאַרבלייבט דער חוש־איינדרוק — וויינינגסטענס בנוגע צו פיזישע פּראָצעסען — דער גרינדליכסטער און ערשטער קוואַל פון אמת אפילו פאַר דעם פילאָסאָף.

דער געזונטער שכל הישר באַטראַכט די פּסיכישע פּראָצעסען אַלס אַ גאַנץ אייגענאַרטיגע, באַזונדערע זאַך, וואָס אונטערשיידט זיך פון אַלץ וואָס איז פיזיש און צווייפעלט דערביי ניט — און לייקענט געוויס ניט אָפּ — זייער באַשטענדיגע און איינגע קעגענזייטיגע שייכות. יעדער איינער ווייסט, אַז דער וועטער־צושטאַנד ווירקט אויף אונזער שטימונג, און אַז אונזערע הענט ציטערען אָפט, ווען מיר זיינען אויפ־גערעגט. און דער פילאָסאָף מוז אויך סוף כל סוף מודה זיין, אַז דערמיט ענדיגט זיך אונזער גאַנצע חכמה. ניט קוקענדיג אויף אַלע אונזערע פאָרזוכען איז עס אָבער אָבער עד היום ניט געלונגען אויס־צוגלייכען אַזעלכע צוויי פאַרשיידענאַרטיגע און אומפאַרגלייכליכע פּראָצעסען, ווי די וואָס מיר באַמערקען פון איין זייט און די אַזוי גערופענע אויסערליכע עמפּפינדונגען און פון דער אַנדער זייט — די, וואָס קומען פאָר איז אונזער אייגענעם באַוואוסטזיין. אפילו דער

## ווילהעלם יערוזאַלעם

פילאָסאָף מוז אויך סוף כל סוף אנערקענען אַז די צוויי פאַרשיידענע מינים פאַקטען, אויב ער וויל נאָר ניט פאַרגוואַלטיגען די אויגענשיינ־ליכסטע און אַמבעסטען פעסטגעשטעלטע ווירקליכקייט. און מיר האָבען טאַקע אויסגעפונען, אַז די צווישען־ווירקונג פון די פיזישע און פסיכי־שע פּראָצעסען, וואָס האָבען דורות־לאַנג אויסגעזען צו זיין אַבסאָליוט אומפאַרשטענדליך באַשטייט אין אונזער דירעקטער דערפאַרונג וועגען אורזאַכליכקייט, דעם פּראָטאָטיפּ פון יעדער מין אורזאַך, דעם קוואַל פון אַלע אונזערע אורטיילען און פון אונזער אויסטייטשונג פון דער נאַטור.

אָבער אויב די רעזולטאַטען פון פילאָסאָפישען דיינקען ברייגנען אונז אפילו צוריק צו די באַגריפען פון דעם פשוט'ען שכל הישר, דאַרף אָבער די ביזאַהעריגע אַרבייט פון די פילאָסאָפען בשום אופן ניט באַ־טראַכט ווערען אַלס אַן אַרויסגעוואָרפענע זאַך. מיר קערען זיך טאַקע אום צום שכל הישר, אָבער מיר זיינען שוין איצט רייכער אין וויסען איידער דעמאָלט, ווען מיר האָבען ערשט אָנגעהויבען צו אַנאַליזירען אונזער דערפאַרונג. פונקט ווי אונזער חוש הראיה איז פאַרשטאַרקט געוואָרען מיט דער הילף פון דעם טעלעסקאָפּ און מיקראָסקאָפּ, פונקט אַזוי האָבען אונז דער אַנאַליז און דער עקספּערימענט באַזאָרגט מיט אַ מין גייסטיגען מיקראָסקאָפּ, אַ דאַנק וועלכען מיר האָבען אַנטפּלעקט אין אונזער פסיכישען לעבען אַזעלכע פּראָצעסען, וואָס מיר האָבען אַ לאַנגע צייט אפילו ניט באַמערקט. אָבער פונקט ווי דער אָפּטישער מיקראָסקאָפּ האָט ניט אַנטפּלעקט קיין שום נייע אייגענשאַפטען פון אונזער חוש, און אונזער ראיה איז נאָר אַלץ באַגרעניצט מיט פאָרמען און קאָלירען, אַזוי האָט אויך דער פסיכישער מיקראָסקאָפּ ניט אַרויס־געבראַכט קיין שום נייע פסיכישע עלעמענטען און האָט אונז בלויז געגעבען די מעגליכקייט צו פונאַנדערקלייבען זיך אין די שוין באַקאַנטע עלעמענטען מיט אַ גרעסערער זיכערקייט און גענויקייט און מיט מער ערפאָלג. נאָכמער, דאָס וואָס מיר פאַרשטייען שוין איצט די גרעניצען פון אונזער וויסען צווינגט אונז בשום אופן ניט אויפגעבען יעדע האָפע־נונג צו דערוויסען זיך וואָס עס איז וועגען דער אמת'ער ווירקליכקייט. ווי דער קריטישער אידעאַליזם וויל עס האָבען. ער ווייזט אונז בלויז, אַז ס'איז נאַריש צו פּרואווען דערגרייכען דאָס וואָס איז ניט מעגליך צו דערגרייכען. אָבער אין די גרעניצען פון דעם, וואָס קאָן יאָ דער־גרייכט ווערען מעג זיך דער מענשליכער געדאַנק ווידער פאַרלאָזען

אויף זיינע כחות. ער מעג זיין זיכער, אז די אורטיילען, וואָס זיינען באַשטעטיגט געוואָרען דורך דער פאַרווירקליכונג פון זייערע פאָרויס־זעהונגען, זיינען די ווירקליכע סימבאָלען פון פּראָצעסען, וואָס קומען פאַקטיש פאָר אומאָפּהיינגיג פון אונז און פון אונזער געדאַנק.

צוליב אָט דעם טאַקע איז דער געזונטער שכל הישר, צו וועלכען די פילאָסאָפיע דאַרף זיך לויט אונזער מיינונג אומקערען, שוין ניט דערזעלביגער, אַנטקעגען וועלכען ק א נ ט איז מיט'ן פולען רעכט ארויסגעטראָטען אין זיינע „גרונדלאַגען". *) מיר מיינען דערמיט ניט דעם „הסכם פון דער מערהייט, וואָס פאַרשעמט דעם פילאָסאָף און מאַכט טריאומפירען דעם ביליגען וויצלער". אונזער באַהאַנדלונג פון דער פּראָבלעם האָט געדאַרפט קלאָר מאַכען, אז מיר זוכען ניט אויס־צומיידען די תהום'ען פון דעם אַבסטראַקטען געדאַנק. פאַרקערט, מיר ווילען אויספאָרשען די טיפענישען מיט דער גרעסטער ענערגיע און אויפמערקזאַמקייט. אָבער מיר זיינען צופרידען דערמיט, וואָס גראַד דורך אָט דער אונטערזוכונג איז אונז געלונגען צו באַזיגען דעם באַדענלאָזען קריטיציזם, און מיר האָבען ווידער צוריקגעוואונען דעם צוטרוי צו דער באַנעמונג־פעהיגקייט פון אונזערע חושים און פון אונזער פאַרשטאַנד. מיר האָפען, אז אַלס א רעזולטאַט דערפון וועט אונזער רייפערער צוריקקער צום געזונטען שכל הישר פאַרשטענדליכער מאַכען אונזער פילאָסאָפיע און פאַרגרעסערען איר ווירקונג. מיר וועלען קיינ־מאָל ניט צוגעבען, אז קלאָרקייט און טיפקייט זיינען צוויי זאַכען, וואָס ווידערשפּרעכען זיך שטענדיג אין דער פילאָסאָפיע. גיכער דערוואַר־טען מיר, אז פון זייער ביידענס קאָמבינאַציע וועט די פילאָסאָפיע ווידער אויפלעבען און באַקומען א שטאַרקערען אַנשטויס.

די פאָרמעלע פאָדערונגען, וואָס אונזער צייט שטעלט אַרויס צו א ווירקזאַמער פילאָסאָפיע באַשטייען אין דעם, אז זי זאָל לויט איר כאַראַקטער זיין שטרייננג עמפּיריש און וויסענשאַפטליך, און אז זי זאָל זיך צוריקקערען צום שכל הישר. און די דאָזיגע פאָדערונגען זיינען פולשטענדיג באַרעכטיגטע. אונזער באַהאַנדלונג פון די ספּע־ציעלע פילאָסאָפישע פּראָבלעמען האָט אויך באַוויזען, אז די פאַרשיי־דענע צווייגען פון דער פילאָסאָפיע האָבען געוויסע בשותפות'דיגע

*) באַנד 4, ז. 7 פון האַרטענשטיינס דייטשער אויסגאַבע. ענגלישע איבערזעצונג אין באָהנ'ס לייברערי, ז. 5.

# ווילהעלם יערוזאלעם

כאראקטער־שטריכען. אין אט די דאזיגע כאראקטער־שטריכען ווייזט דער אנטוויקלונג־גאנג פון די נאטור און גייסטיגע וויסענשאפטען פון 19־טען יארהונדערט ארויס זיין איינפלוס אויף דעם פילאסאפישען מעטאד פון אויסטייטשונג. ווייניגסטענס וואלט עס, לויט דער מיינונג פון דעם אויטאר, געדארפט אזוי זיין.

קורץ גערעדט, האט דער דאזיגער איינפלוס אריינגעבראכט אין דער פילאסאפיע דעם *גענעטישען*, *ביאלאגישען* און *סאציאלען* מעטאד פון שטודירען די פסיכישע פראצעסען.

אין דער פסיכאלאגיע האט דער גענעטישער מעטאד געבראכט צו אן אונטערזוכונג וועגען דער אנטשטייאונג און אנטוויקלונג פון די פארשיידענע פסיכישע עלעמענטען. מיר באנוגענען זיך שוין מער ניט מיט אן אנאליטישען פעסטשטעלען פון די באשטאנד־עלעמענטען פון דעם פאקטישען פסיכישען לעבען. מיר ווילען אויך וויסען ווי אזוי און פון וואנען זיי קומען ארויס. די געלערנטע האבען א לאנגע צייט באטראכט דעם געדאנק און די פארשטעלונג, די צוויי פראצעסען, וואס מען קאן אמבעסטען באאבאכטען אין זיך אליין, אלס די הויפט־צושטאנדען פון דעם באוואוסטזיין און דעם פילען און וועלען — אלס דערשיינונגען פון צווייטען סארט. איצטער אבער הויבען שוין די געלערנטע אן אלץ מער און מער איינצוזען, אז גיכער פון אלץ איז ריכטיג גראד דער היפוך דערפון. דער פילען פון פארגעניגען און פיין און די אנשטויסען צו באוועגונגען, וואס זיינען מיט דעם פארבונדען, בילדען די ערשטע שטופעס פון יעדען פסיכישען לעבען, און ווי עס שיינט פון אלץ וואס מיר ווייסען זיינען פון זיי דערנאך ארויסגעקומען די פארשטעלונג און דער געדאנק. די *וואלונטאריסטישע* פסיכאלאגיע, וואס איז ערשט ניט לאנג אנטשטאנען און געווינט, ווי מיר האבען שוין פריער אנגעוויזען, אלץ מער און מער אנהיינגער, מוז דעריבער באטראכט ווערען אלס איינער פון די פראדוקטען פון דעם גענעטישען מעטאד.

ווען מיר ווענדען אן דעם גענעטישען מעטאד צו דער עפיסטע־מאלאגיע באמערקען מיר גלייך, אז ניט דער סענסואליזם און ניט דער אינטעלעקטואליזם (דאס הייסט, ניט דער געפיל און ניט דער שכל אלס יסוד) גיבען אונז ניט קיין גענוגענדיגע דערקלערונג וועגען דער אנטשטייאונג פון דעם וויסען־פראצעס. בלויז דורך דעם צוזאמענ־ארבייטען פון דעם באנעמענדיגען חוש־איינדרוק מיט דער קאנסטרוק־

טיווער און סינטעטישער פונקציע פון פארשטאנד קאנען מיר שאפען אורטיילען, וועלכע מיר באטראכטען אלס ריכטיגע און וואס קאנען באשטעטיגט ווערען דורך דער פארווירקליכונג פון דעם. וואס מיר זאגען אויף זייער סמך פארויס. אבער וויכטיגער פון אלץ איז דאס וואס דער גענעטישער מעטאד אין עפיסטעמאלאגיע האט פאר אונז! אנטפלעקט די אנטשטייאונג און די גרינטליכע באדייטונג פון דער אורטייל־פונקציע, אין וועלכער עס דריקט זיך אויס דאס, וואס מיר באצייכענען אלס פונדאמענטאלע אפערצעפציע. דער זעלבסטאינטערעס, וואס שטאמט פון ביאלאגישע סבות, צווינגט אונז אפצוגעבען אונזער אויפמערקזאמקייט די אביעקטען פון אונזער סביבה. און גראד דער פאר טאקע מוזען מיר צו די דאזיגע פראצעסען אנווענדען די שווין פריער באשריבענע פונדאמענטאלע אפערצעפציע, וואס העלפט אונז איינצושליסען יעדען פראצעס אין דער פאלגענדיגער פארמולע: אביעקט — פונקציע ; פאטענציעלער צענטער — פאטענציעלער אויסדרוק.

דער גענעטישער מעטאד פון אויסטייטשונג גיט אונז אויך א קלארען באגריף וועגען דער אמת'ער באדייטונג פון דער שפראך ביים אנזאמלען פון וויסען. און היינט אונז אין דערזעלביגער צייט אויס פון צופיל מגזם זיין אדער פון צופיל פארזען די ווירקונג פון דעם דאזיגען הילפס־מיטעל.

אין דער עסטעטיק ברייננגט דער גענעטישער מעטאד ארויס די פונקציע־באפרידיגונג אלס דעם קוואל פון עסטעטישען פארגעניגען. עס איז באוויזען געווארען, אז די פונקציע־באפרידיגונג פון די חושים, פון אינטעלעקט און פון געפיל זיינען דריי באזונדערע קוואלען פון עסטעטישען פארגעניגען, וועלכע האבען אבער אפט א געמיינזאמע ווירקונג. מיר האבען אויך אויסגעפונען, אז די העכסטע פארם פון עסטעטישען געפיל קומט ארויס פון א מין ליבשאפט צום ווערק פון דעם קינסטלער, א ליבשאפט, וואס שלאגט אפ צוריק מיט א מין נייער שיינקייט, אויף דעם קונסטווערק גופא. מיר האבען געזען ווי די פונקציע פון עסטעטישען אורטייל קומט ארויס פון דער פונקציע־באפרידיגונג, ביי וועלכער דער אביעקטיווער פאקטאר האט דיזעלביגע באדייטונג, ווי דער סוביעקטיווער. מיר האבען גענעטיש נאכגעפאלגט די קינסטלערישע פונקציע, אנהויבענדיג פון שפיל, דורך דעם סאציאלען דינסט ביז איר פארפאלקאמונג, ווען זי אפעלירט צו אונזער הארצען.

## ווילהעלם יערוזאלעם

אין דער עטיק האט דער גענעטישער מעטאד דערווייל געבראכט צו א גרויסער צאל וויכטיגע אויספירען. וועסטערמארק'ס ברייט־אוועקגעשטעלטע אונטערזוכונגען האבען געשאפען אן עמפירי־שען יסוד פאר דער דערקלערונג פון דער אנטשטייאונג פון די עטישע פרינציפען, ספעציעל ביי די פרימיטיווע פעלקער. די דאזיגע אונטער־זוכונגען דארפען אויפ'ן געביט פון דער געשיכטע פון די ציוויליזירטע פעלקער נאך פיל פארברייטערט און פארטיפערט ווערען. אבער אפילו אין דעם פרט האט ער שוין אויך געמאכט א פיל־צוזאגענדיגע התחלה. אזא מין פונדאמענט וועט שאפען די מעגליכקייט אויפצובויען אן אמת־וויסענשאפטליכע סיסטעם פון עטיק, וואס וועט באפרידיגען די פאדערונגען פון דעם אנטוויקעלטען מאראל־באוואוסטזיין, ניט פאר־בלאנדזשענדיג אין אוטאפישע חקירות.

די סאציאלאגיע, די יונגסטע צווייג פון דער פילאסאפיע, האט פון אנהויב אן אנגענומען דעם גענעטישען מעטאד, — און אט דעם מעטאד טאקע האט זי צו פארדאנקען איר שנעלע אנטוויקלונג און אויסערגעוויינליכען ערפאלג.

די מעטאדען פון ביאלאגיע זיינען, ווי מיר האבען שוין פריער אנגעוויזען, אייננ פארוואנדעט מיט דעם גענעטישען מעטאד. דער ביאלאגישער מעטאד הויבט אן מיט דער הנחה, אז דאס פסיכישע לעבען פון דעם מענשען איז אייננ צונויפגעשמעלצט מיט די לעבענס־פראצעסען פון דעם ארגאניזם, און אז דער תחילת'דיגער צוועק פון דעם פסיכישען לעבען איז די דערהאלטונג און פארבעסערונג — דאס הייסט, באגרייכערונג — פון דעם לעבען פון דעם יחיד און פון דער ראסע.

דער ביאלאגישער מעטאד קאן דעריבער אמפרוכטבארסטען אנ־געווענדעט ווערען אויפ'ן געביט פון פסיכאלאגיע. די גאנצע טעאריע פון פסיכישען לעבען איז א דאנק אים ראדיקאל געענדערט געווארען. דער דאזיגער מעטאד גיט אונז די מעגליכקייט א סך גרינגער אריינצו־ברייננגען א באשטימטע סיסטעם און סדר אין דער כאאטישער מאסע פון לעבענס־עמאציעס און אינסטינקטען, און א סך גענויער צו קלאסי־פיצירען זיי. די ראליע פון אונזערע וויסען־פונקציעס, די אנטשטיי־אונג פון באגריפען, די דערשיינונג פון פארשטעלונג־קראפט און פון פאראינטערעסירטקייט ווערען דורך דעם מעטאד איינגעשלאסען אין

# פילאָסאָפיע

דעם אַלגעמיינעם סכום פון די לעבענס־פּראָצעסן אַ סך קלאָרער און אויף אַ מער פאַרשטענדליכען אופן.

דאָס באַטראַכטען פון דער שטרעבונג צו וויסען אַלס אַן עלעמענט פון דעם אוניווערזאַלען שטרעבען צו זעלבסט־דערהאַלטונג פאַראייִנפאַכט אויך זעהר שטאַרק אונזער שטעלונג צו די פּראָבלעמען פון קריטישער עפּיסטעמאָלאָגיע. פון דעם דאָזיגען ספּעציעלען שטאַנדפּונקט שיינט עס, אַז די טעאָריע פון קריטישען אידעאַליזם, וואָס אַנערקענט די ווירקליכקייט בלויז אַלס אַן אינהאַלט פון אונזער באַוואוסטזיין, קאָן שוין צוליב דעם ביאָלאָגישען טעם אַליין ניט אָנגעהאַלטען ווערען. דאָס הייסט, אויב מיר זאָלען ערנסט אָנווענדען די דאָזיגע טעאָריע און מאַכען זי פאַר'ן יסוד פון געדאַנק און פון טעטיגקייט, וואָלט עס אונז אומפאַרמיידליך אַריינגעבראַכט אין אַ פולשטענדיגען גייסטיגען מישמאַש. אַ וועלט־טעאָריע, וואָס קאָן ניט באַשטריטען ווערען און לעגט זיך ניט אין דערזעלביגער צייט אויפ'ן שכל, קאָן קיינמאָל ניט פולשטענדיג באַהערשען אונזער פאַרשטאַנד. איר אינערליכער ווידערשפּרוך מוז סוף כל סוף ווערען אומערטרעגליך גראָד פאַר די, וואָס ווילען די דאָזיגע טעאָריע נעמען ערנסט. די וויסענשאַפטלייט, וואָס האַלטען זיך אַן דעם קריטישען אידעאַליזם דריקען געוויינליך בלויז אויס זייער פאָרמעלע אַנערקענונג אָט דער טעאָריע און גייען דערנאָך ווייטער אַן מיט זייערע אונטערזוכונגען, פּונקט ווי די וועלט וואָלט נאָך אַלעמען פאַרט עקזיסטירט אומאָפּהענגיג פון אונזער באַוואוסטזיין. ר אַ ק י ט א נ ס ק י האָט אַמאָל באַמערקט, — און מ י י נ ע ר ט אונטערשטיצט זיין געדאַנק, — אַז ס'האָט אַבסאָליוט ניט קיין שום זינען אָנצונעמען, אַז די וועלט עקזיסטירט נאָכדעם ווי דער מוח פאַרשווינדט, ווייל דאָס וועלט־בילד איז דאָך נאָר אַ פּראָדוקט פון דעם מוח. זייביידע באַטראַכטען עס אַלס אַ פּאָזיטיווע דערקלערונג פאַר'ן אידעאַליזם, אָבער עס שיינט, אַז זיי ביידע פאַרגעסען, אַז מיט דער דאָזיגער דערקלערונג גופא זיינען זיי מודה אין דער זעלבסטשטענדיגער פיזישער עקזיסטענץ פון דעם מוח, וועלכער דאַרף פונדעסטוועגען, לויט זייער מיינונג, באַטראַכט ווערען אַלס אַ בלויזע פאַרשטעלונג פון געדאַנק.

מיר האָבען שוין פריער באַוויזען, אַז דער אידעאַליזם קאָן פון רייןָ־לאָגישען שטאַנדפּונקט ניט באַשטריטען ווערען, און אַז זיין געשיכטע דאַרף פון דעם ביאָלאָגישען שטאַנדפּונקט באַטראַכט ווערען

אלס א היפערטראפיע פון דעם וויסען־ אימפולס, וועלכער פאדערט די רעדוקציע צוליב די אינטערעסען פון די געזונטע גייסטיגע פונקציעס. דער ענדציל פון וויסען איז נאד אלעמען די דערהאלטונג און פארבעסערונג פון לעבען. מיר מוזען זיך צופאסען צו דעם אוניווערז. מיר מוזען פארשטיין וואס פאר אן עלעמענטען פון אונזער סביבה מיר קאנען אננעמען, ווייל אנדערש וועלען מיר אונטערגיין. די וואקסענדיגע רייכקייט פון דעם זינען פון לעבען, די וואקסענדיגע שוועריגקייט צו באפרידיגען זיינע גרעסערע פאדערונגען לעגט ארויף אויף דער וויסענשאפט פראפארציאנעל שווערערע אויפגאבען, ווייל אונזער וויסען פארגרעסערט זיך אלץ מער און מיר זוכען אלץ א גרעסערען קאנטראל איבער דער נאטור. דער פרינציפ פון ארבייט־צעטיילונג פארלאנגט דעריבער, אז א גרויסע צאל מענשען זאלען זיך אפגעבען אויסשליסליך מיט וויסענשאפטליכע אונטערזוכונגען. די דאזיגע מענשען וועלען זיך געווים ניט באטראכטען אלס דערנידעריגט און באליידיגט צוליב דעם וואס זיי ווייסען, אז זיי ארבייטען פאר דער אנטדעקונג פון דעם אמת, כדי צו פארגרעסערען דעם וואוילזיין און דעם גליק פון דער מענשהייט.

אין דער עסטעטיק האט דער ביאלאגישער מעטאד אריינגעבראכט דעם פרינציפ פון דער פונקציע־פאדערונג. דער עסטעטישער פארגעניגען רייצט אויף צו אקטיווקייט די יעניגע פסיכישע ענערגיעס, וואס ווערען ניט אזוי אפט באריערט דורך די געוויינליכע פאסירונגען פון טאג־טעגליכען לעבען. ער באררייכערט דעם גייסטיגען לעבען, באפרידיגענדיג די באדערפענישען סיי פון אונזער אינטעלעקטועלער, סיי פון אונזער געפיל־פונקציע. אויב די אויפגאבע פון דעם וויסען איז צו מאכען דעם מענשען אלץ שטארקער, פאלט דערפאר אויס אויפ׳ן גורל פון דער קונסט די גרויסע ראליע פון פארגרעסערען דעם מענשליכען גליק. די קינסטלער זיינען אויף אזא אופן די אמת׳ע בעלי טובות פון דער מענשהייט. ווייל אין דער אמת׳ען ווערט דער מענש מענשליך אין פולען זינען פון ווארט בלויז דורך דער קונסט.

אויפ׳ן געביט פון עטיק ווייזט אונז דער ביאלאגישער מעטאד, אז די מאראל איז א תנאי פון דעם סאציאלען לעבען פון דער מענשהייט. מיר הויבען אן צו פארשטיין, אז די מאראל־געפילען פון הסכמה און טאדעל קומען ארויס ניט פון דעם אפריאריסטישען געבאט „דו זאלסט" און ניט פון שרעק פאר די איבערנאטירליכע קרעפטען, נאר

# פילאָסאָפיע

פון דער נאַטירליכער נטיה פון דער מענשען־גרופּע, וועלכע איז סאָציאַל שוין אויף אירע ערשטע שטופעס. די דאָזיגע געפילען ווערען מיט דער צייט אַלץ פיינער און ריינער און דערהויבען זיך ביז'ן גראַד פון רעליגיעזע אידייעס און עמאָציעס. אָבער וואָס מער די פּערזענליכקייט הויבט זיך אויף איבער דעם פּרימיטיווען הערד־אינסטינקט און שיידט זיך אַלץ קלאָרער אויס פון דער מענשליכער מאַסע, אַלץ מער ווערט די פּאַרטיידיגונג פון איר פּערזענליכען „איך" אַ באַדערפעניש, און שפּעטער, מיט'ן ווייטערדיגען פאָרגאַנג פון דער עוואָלוציע, אַ מאָראַ־לישע נויטוועדיגקייט. די מאָראַל באַקומט דעריבער אין אַ גרויסער מאָס אויסער איר סאָציאַלער באַדייטונג אויך אַן אינדיווידועלען ווערט. — און די דערהאַלטונג און אַנטוויקלונג פון דער פּערזענליכקייט ווערען אַ מין קאַטעגאָרישער אימפּעראַטיוו, וואָס שטאַמט פון דעם זעלבסט־ווערט פון דעם מענשען. אויף אַזאַ אופן ווערט די דערהאַלטונג פון דער געזעלשאַפט און די באַשיצונג פון דעם ווערט פון דער פּערזענ־ליכקייט אַ פירענדיגער פּרינציפּ פון דער מאָראַל־עוואָלוציע. בלויז אַ דאַנק דעם ביאָלאָגישען מעטאָד האָבען מיר געקאָנט אַנטדעקען אַט דעם פּרינציפּ און קלאָר באַשטימען זיין אינהאַלט.

דער ביאָלאָגישער מעטאָד פון אונטערזוכונג באַגרעניצט זיך אָבער ניט בלויז מיט דער פּערזענליכקייט אַליין. ער נעמט אויך אַרום דאָס לעבען פון דעם גאַנצען מין. דאָס ברענגט אונז אויף אַ נאַטירליכען אופן צו דער דריטער פאָדערונג, וואָס מיר האָבען אַרויסגעשטעלט פאַר דער באַהאַנדלונג פון די פילאָסאָפישע פּראָבלעמען בנוגע צו זייער אינ־האַלט. מיר מיינען דערמיט די לערע וועגען געזעלשאַפטליכקייט. די פילאָסאָפיע פון אונזער צייט קאָן ניט אויסמיידען צו פאַרנעמען זיך מיט אַט דער לערע.

ביים שטודירען די פּסיכאָלאָגיע איז אַבסאָליוט נויטיג שטענדיג אָפּצושאַצען און צו האַלטען אין זינען דעם פאַקט, אַז דאָס פּסיכישע לעבען פון דעם יחיד הייננט אָפּ אין ווערט באַאיינפלוסט אויף יעדען שריט פון זיין אַנטוויקלונג און אין יעדען פון זיינע עלעמענטען פון דער ס אָ צ י אַ ל ע ר ס ב י ב ה, פון דער מ י ל י ע. זייענדיג מיטגלידער פון אַ סאָציאַלען אָרגאַניזם פון געבורט אָן ווערען מיר שוין פון אונזער פריסטער יוגענד אָן באַאיינפלוסט און פאַרמירט דורך דער אַרומיגער געזעלשאַפט. די וויסענשאַפטליכע און רעליגיעזע אידייעס, די מאָראַלישע און עסטעטישע געפילען פליסען אַריין אין אונזער מוח

# ווילהעלם יערוזאלעם

מיט דער הילף פון דעם אויסערליכען אויטאריטעט. זיי באריהרען אונז אויף אזא נאטירליכען און באשטענדיגען אופן, אז מיר פילען אפילו גאר ניט זייער איינפלוס. די פסיכאלאגיע האט נאך ניט גענוג אפגעשאצט אט דעם דאזיגען סאציאלען פאקטאר. מיר מעגען מיט רעכט דערוואַרטען, אז אונזער באקאנטשאפט מיט די געזעצען, וואס באהערשען דאס פסיכישע לעבען פון דעם מענשען, וועט שטארק פארגרעסערט ווערען, ווען די אלע רייכע מאטעריאלען, וואס די עטנאָלאָגיע און די געשיכטע פון רעליגיעס און מנהגים האבען אנגעזאמעלט וועלען אויסגענוצט און פארדייט ווערען אין דעם אלגעמיינעם סכום פון אונזער וויסען.

די געהעריגע אפשאצונג פון דעם סאציאלען פאקטאר האט אויך אן אומגעהויער גרויסע באדייטונג פאר דער עפיסטעמאלאגיע. ס'איז, למשל, אבסאליוט, אוממעגליך צו פארשטיין, ווי אזוי די רעליגיעזע אידייעס באקומען זייער איינפלוס, ווען מיר נעמען ניט אין אכט די ווירקונג פון דעם סאציאלען פאקטאר. דער אמת און דער טעות זיינען ביידע גלייך רעזולטאטען פון דעם גאנצען סכום פון דעם מענשענס שטרעבונגען. אפילו דער שטאלצער שכל, וואס נעמט זיך גאוה'דיג אונטער צו באשיידען די רעטעניש פון דעם אוניווערז מיט זיינע אייגענע קרעפטען, ניט רעכענענדיג זיך מיט די פריערדיגע פארזוכען, איגנארירענדיג די אויפטועז פון אנדערע און אפזאגענדיג זיך פון זייער הילף, — אפילו ער, צייגט זיך ארויס, ווערט זעהר שטארק און וועזענטליך באאיינפלוסט דורך די געדאנקען און אומשטענדען פון זיין צייט און סביבה. און דאס איז דער פאל אפילו מיט די אריגינעלסטע דיינקער. פאר דער צוקונפט בלייבט די אויפגאבע אויסצוגעפינען דעם סאציאלען פאקטאר אין דער אנטוויקלונג פון דעם מענשליכען וויסען דורך די יארטויזענטען פון דיינקען, און קלאר אנצואווייזען, וואס פאר א טייל פון אונזערע גייסטיגע עשירות איז א ירושה פון די פארגאנגענע דורות און וואס פאר א חלק מיר האבען אין דעם אליין געשאפען. די דאזיגע אויפגאבע איז פארבונדען מיט גרויסע שוועריגקייטען, אבער זי פארשפרעכט א רייכע באלוינונג.

דער סאציאלער עלעמענט לאזט זיך מערקען אפילו אין דער עסטעטיק, וואו די מעגליכקייטען פון אינדיווידועלער אריגינעלקייט זיינען פאקטיש אומבאגרעניצט. דער הערשענדיגער געשמאק, דער עקזיסטירענדיגער קולטור־צושטאנד און דער עולם בכלל לייגען ארויף זייער

חתימה אויף דעם קונסט־שאפען און אויף דער עסטעטישער אפשאצונג, ניט קוקענדיג אויף דער גאנצער קראפט און אָריגינעלקייט פון אונזער פערזענליכקייט.

אָבער וויכטיגער ווי ערגיץ אַנדערש איז די ראָליע וואס דער סאָציאַלער שטאנדפונקט שפילט — אין דער עטיק. אין דעם דאָזיגען צווייג פון פילאָסאָפיע איז אַלצדינג, די אנטשטייאונג, די אַנטוויקלונג און די אידעאַלען, וואס דארפען פארווירקליכט ווערען, אזוי דורכגעוועבט מיט סאָציאַלע עלעמענטען, אַז אַ סך דיינקער זיינען גענויגט צו פאררעכענען די עטיק פשוט פאר אַן אונטער־אַפּטיילונג פון סאָציאָלאָגיע. פונדעסטוועגען מוז מען צוגעבען, אַז אין דעם פּרט עקזיסטירען נאך אַלץ גאַנץ טיף איינגעוואָרצעלטע פּראָאורטיילען, און עס דארף נאך זעהר פיל געטאָן ווערען, ביז דער ריין סאָציאַלער כאראקטער פון דעם מאָראַלישען חוב וועט פון אַלעמען אַנערקענט ווערען. אפילו די ריין פערזענליכע פליכט אַפּצוהיטען די אייגענע זעלבסט־ווערדע האָט אין זיך אויך אַ סאָציאַלען עלעמענט. דער יחיד, וואס האָט זיך דערהויבען פון געזעלשאַפטליכער שקלאַפעריי ביז צו אַ קלאָר־באַשטימטער פערזענליכקייט הערט פונדעסטוועגען קיינמאָל ניט אויף צו זיין אַ מיטגליד פון דעם סאָציאַלען קערפּער. אויב אָבער ער וויל אַפּהיטען זיין פערזענליכע ווערדע, וועלכע ער האָט זיך מיט אזוי פיל מי דערשלאָגען, מוז ער גלייכצייטיג ווידער אָפּגעבען אַ גרויסען טייל פון די קרעפטען, וואס האָבען זיך ביי אים אַנטוויקעלט אין קאמף פאר פרייהייט, צו דינען דעם סאָציאַלען כלל.

ס'איז אַלזא קלאָר, אַז די סאָציאָלאָגיע, וועלכע האָט אויף זיך גענומען די אויפגאַבע צו אונטערזוכען די געזעצען פון סאָציאַלען לעבען, וועט אין דער נאָהענטער צוקונפט דארפען ווערען דער יסוד פון דער פילאָסאָפיע פון געדאַנק. ס'וועט דעמאָלט קלאָר ווערען, אַז די אומאָפּהענגיגע און איינפלוסרייכע פערזענליכקייטען האָבען זיך אַנטוויקעלט בלויז דורך דעם פּראָצעס פון סאָציאַלער דיפערענצירונג און אַז די דאָזיגע „איבער־פערזענליכקייטען" פארגרעסערען, פון זייער זייט, דעם סכום פון דעם מענשליכען גייסטיגען פארמעגען דורך זייער באַשטענדיגער קעגענזייטיגער ווירקונג. ס'איז נאך ווייניג, אַז די סאָציאָלאָגיע זאָל פשוט באַשרייבען די קרעפטען, וואס באַווירקען די סאָציאַלע פאַרפליכטונג. זי מוז אויך דערקלערען דעם גייסט פון פערזענליכער פרייהייט און אומאָפּהענגיגקייט, און באַווייזען ווי

# ווילהעלם יערוזאַלעם

מיר זיינען דערגאַנגען צו דער איצטיגער מדרגה פון אַנטוויקלונג דורך דעם צוזאַמענאַרבייטען פון די סאָציאַלע און אינדיווידועלע קרעפטען. דערמיט וועט מען אפשר דערגרייכען צו אַ שטאַנדפּונקט, וואָס וועט געבען דער באַפּרייטער פּערזענליכקייט די מעגליכקייט צו אַנטדעקען פּרינציפּען, וואָס וועלען זי פירען צו נאָך אַ העכערער אַנטוויקלונג.

שטיצענדיג זיך אויף אַזעלכע פּרינציפּען און באַוואָפּענט מיט אַזעלכע מעטאָדען געפינט שוין ביי זיך די פילאָסאָפיע גענוג מוט ווידער צו פאַרנעמען זיך מיט איר אַלטער אויפגאַבע, מיט דעם אויסאַרבייטען פון אַ ט ע אָ ר י ע פ ו ן א ו נ י ו ו ע ר ז. פון די ערשטע התחלות אַן האָט די פילאָסאָפיע שטענדיג געשטרעבט אויסצוגעפינען די איינהייטליכקייט אין דער פאַרשידענאַרטיגקייט, און צו אַנטפּלעקען די איינגעבאָרענע קרובה׳שאַפט צווישען אַלע דערשיינונגען. די דאָזיגע פאַרגרעסערטע קראַפט און טיפערער איינבליק רופט אַרויס דעם חשק נאָכאַמאָל צו נעמען זיך פאַר דער אַלטער פּראָבלעם מיט באַנייטע כוחות און אַ נייעם ברען.

די איינהייטליכקייט אין דער איינגער צוזאַמענהאַנג פון דער אומאָרגאַנישער וועלט האָט אויף דעם 18־טען יאָרהונדערט געמאַכט אַ פיל טיפערען איינדרוק, ווי אויף אונזער צייט. ווען ע מ אַ נ ו ע ל ק אַ נ ט , וועלכער איז באַגייסטערט געוואָרען פון ניוטאָנ׳ס גרויסאַרטיגען געדאַנקען־גאַנג שרייט אויס אין זיין „ נ אַ ט ו ר ־ ג ע ־ ש י כ ט ע פ ו ן ה י מ ע ל“: „גיב מיר מאַטעריע און איך וועל אויפבויען אַ וועלט!“ — אַנטהאַלט אין זיך אַזאַ שטאָלצע זיכערקייט אַן עלעמענט פון אמת׳ער גרויסקייט און דערהויבענקייט. ווען מיר וועלען זיך דערצו נאָך דערמאָנען, אַז קאַנט׳ס השערה וועגען דער אַנטשטייאונג פון די הימעל־קערפּערס איז נאָך גילטיג עד היום, וועלען מיר גלייך דערזעהן, אַז דער ברייטער בליק, וואָס פּרואווט זיך אַרומצוכאַפּען די גאַנצע וועלט, פאַרנאַכלעסיגט אויך ניט און לייקענט ניט די פּאַקטישע באַזונדערקייטען פון דעם יחיד.

איצט, ווען דער ספּעקטראַלער אַנאַליז האָט פאַר אונז אַנטפּלעקט די עלעמענטען, וואָס שטעלען צוזאַמען די מאַסע פון דער זון און די שטערן; ווען די כעמיע האָט אויסגעפונען ניט נאָר די עלעמענטען, נאָר אויך דעם אינוווייניגסטען געביי פון דער מערהייט פון די קערפּערס און האָט אויסגערעכענט די פונאַנדערטיילונג פון די מאָלעקולען מיט דער הילף פון זייערע באַשטאַנד פאָרמולעס; און ענדליך,

# פילאָסאָפיע

ווען די ביאָ־כעמישע אונטערזוכונגען האבען פולשטענדיג באַלויכטען די כעמישע און מעכאַנישע פראָצעסען, וואס שאַפען דעם אָרגאַנישען לעבען, — ערשט איצט הויבען מיר אָן צו פאַרשטיין דעם זינען פון פיל פון די גייסטע פראָבעם איינצוקריצען אין דעם אַלגעמיינעם מענשליכען באוואוסטזיין דעם באַגריף וועגען דער איינהייטליכקייט און דעם צוזאַמענהאַנג פון אַלע נאַטור־פראָצעסען דורך דער קאָמבינאַציע פון די אַלע פאַקטען אין אַ פילאָסאָפיע פון דער נאַטור.

פאַר דער מעטאַפיזיק פון דער צוקונפט בלייבט די אויפגאַבע אָנצואווענדען די מעטאָדען, וואָס זיינען אויסגעפּרופט געוואָרען דורך די אונטערזוכונגען פון באַזונדערע פּראָבלעמען און אויף אַזאַ אופן אויפשטעלען אַן אַלץ־אַרומנעמענדיגע טעאָריע פון דער וועלט. די מעטאַפיזיק איז אַלזאָ ניט אויסגעשלאָסען געוואָרען פון דער פילאָסאָפיע אויף אייביג. זי פאַרבלייבט נאָך אַלץ דער צענטער, צו וועלכען די פילאָסאָפיע וועט שטענדיג שטרעבען און אַרום וועלכער אַלע איבעריגע פילאָסאָפישע צווייגען וועלען זיך גרופּירען אַלס אונטערטעניגע טיילען.

נאַטירליך טאָר די וויסענשאַפטליכע מעטאַפיזיק ניט פאַרלאַנגען קיין אוממעגליכעס. אירע הנחות מוזען פאַרמולירט ווערען אין הסכם מיט די אָנגענומענע וויסענשאַפטליכע מעטאָדען און ס'איז נויטיג אַז מען זאָל קאָנען פאַרשטעלען אירע אויספירען אויף אַ סיסטעמאַטישען און אויסגעהאַלטענעם אופן. אין אָט דעם זינען האָב איך מיט דער הילף פון דעם פּרינציפּ וועגען דער אורטייל־פונקציע, וואָס איז באַשטעטיגט געוואָרען דורך דער עמפּירישער וויסענשאַפט, זיך געפּרופט באַנעמען דעם גאַנצען פּראָצעס פון ווערען, סיי דעם פיזישען און סיי דעם פּסיכישען אַלס אַ פּאָטענציעלען אויסדרוק פון אַ מעכטיגען ווילען, וואָס האָט געשאַפען די געזעצען, אין וועלכע עס ווייזט זיך אַרויס דער וועלט־פּראָצעס, לויט די ווערטער פון דעם בעל התהילים: „די דאָזיגע געזעצען וועלען ניט געבראָכען ווערען".

די פאַרשטעלונג וועגען געטליכקייט וואָס ווערט אַזוי באַגריפען איז די קרוין פון אונזער טעאָריע פון דעם אוניווערז, אין וועלכער אונזער באוואוסטזיין נויטיגט זיך. דאָס איז ניט קיין הנחה פון דעם פּראַקטישען פאַרשטאַנד, ווי דאָס איז געווען ביי ק א נ ט ' ן, נאָר אַן אויספיר פון דעם טעאָרעטישען געדאַנק. מיר ווענדען דאָ אָן די פאָרם, דורך וועלכער דער ריינער פאַרשטאַנד באַנעמט און באַגרייפט

# ווילהעלם יערוזאַלעם

די פאַרשיידענע באַזונדערע פּראָצעסען פון דער וועלט אַלס אַ גאַנצ־קייט.—דאָס הייסט אַלס דעם אַלגעמיינעם סך הכל פון דעם וועלט־פּראָ־צעס. די געטליכקייט ווערט אויף אַזאַ אופן באַנומען אין אַ געוויי־סען זינען אַלס אַ סוביעקט, וואָס זיין פּרעדיקאַט איז דער גאַנצער וועלט־פּראָצעס, אָבער וואָס איז אין דער זעלביגער צייט אַ מין סוב־סטאַנץ, וואָס איז ניט אייביג־אומפאַרענדערליך, נאָר איז לויט ל י י ב נ י צ ׳ ס פאָרמולע, אַ שטענדיגער אויסדרוק פון דער אינ־ווייניגסטער ענערגיע. מיר מוזען זיך זי פאָרשטעלען אַלס אַן אייביגען לעבענס־קוואַל פון יעדען פיזישען און פּסיכישען פּראָצעס, און די אונ־טערזוכונג פון די געזעצען פון אָט דעם געטליכען ווילען איז די העכסטע פּראָבלעם פון דער גאַנצער וויסענשאַפט. אַן אויסנאַם פון די געזע־צען, וואָס זיינען געשאַפען געוואָרען פון דער אייביגקייט וואָלט נאַ־טירליך ניט געשטימט מיט דעם דאָזיגען באַגריף.

אָט אַזוי וועט אפשר מעגליך ווערען צו ברייגנען די פילאָסאָפיע אין אַ הסכם מיט דער ריינער רעליגיע און אויף אַזאַ אופן דערהויבען די באַזונדערע פאַקטען „צו דער אוניווערזאַלער פאַרהייליגונג, וואו די טראַנסצענדענטע האַרמאָניעס דרינגען דורך דאָס גאַנצע“. יעדע פילאָסאָפיע מוז יעדענפאַלס שטענדיג שטרעבען אויפצושטעלען אַן אויסגעהאַלטענע וועלט־טעאָריע און צו פאַראייביגען אין דעם דויער־האַפטיגען געדאַנק די שוועבענדיגע פאָרמען פון די פאַראיבערגייענ־דיגע דערשיינונגען.

**אָ ב י ע ק ט** — אַ זאַך; אַ געגענשטאַנד, וואָס ווערט באַטראַכט, אויסגעפאָרשט אָדער באַוווירקט.

**אַ ב ס אָ ל י ו ט** (דער) — דאָס וואָס עקזיסטירט פאַר זיך, וואָס איז מיט גאָרנישט באַגרעניצט; די גאָטהייט.

**אַ ב ס ט ר אַ ק צ י ע** — אַ פאָרשטעלונג וועגען אַ ענין, פון וועלכען עס זיינען אָפּגעשיידט געוואָרען אַלע זיינע אויסערליכע סמנים; אַ בלויזער געדאַנק.

**אַ ב ס ט ר אַ ק ט** — וואָס ווערט אויסגעדריקט אַלס אַ בלויזער געדאַנק.

**אַ ב ס ט ר אַ ה י ר ע ן** — אָפּשיידען פון אַלע ממשות'דיגע סמנים, נעמען אין אַכט בלויז דעם עצם פון דעם ענין.

**א ו ט אָ ר י ט ע ט** — אַ באַזונדערע וויכטיגע באַדייטונג, וואָס אַ פערזאָן אָדער אַ מיינונג האָט צוליב וואָס עס איז; איינער וועמעס מיינונגען אָדער החלטות עס ווערען אנגענומען אָהן קריטיק.

**א ו ט אָ ר י ט אַ ט י ו ו** — דאָס וואָס שטיצט זיך אויפ'ן אויטאָריטעט.

**א ו י ט אָ נ אָ מ י ע** — דאָס רעכט צו האָבען אַ דעה איבער דעם אייגענעם גורל אָדער האַנדלונגען.

**א ו י ט אָ נ אָ ם** — געשטיצט אויף זיך אַליין.

**א ו ט י ל י ט אַ ר י אַ נ י ז ם** — די פילאָסאָפישע שיטה, וואָס האַלט אַז די מענשליכע האַנדלונגען ווערען באַשטימט דורך דעם נוצען וואָס זיי ברייגען דעם מענשען.

**א ו נ י ו ו ע ר ז** — די גאַנצע וועלט, מיט אַלץ וואָס געפינט זיך אין איר.

**א ו נ י ו ו ע ר ז אַ ל** — אַלגעמיין; אַזוינס וואָס איז גילטיג, וואָס נעמט אַרום אַלע וועלט־דערשיינונגען.

**א ו פּ אַ נ י ש אַ ד ע ס** — אַן אַלטע אינדישע פּאָעמע.

**אַ ט אָ ם** — דער קלענסטער טייל פון דער מאַטעריע, וואָס קאָן שוין ווייטער ניט געטיילט ווערען, אויב דער עצם פון דער מאַטעריע בלייבט דערזעלביגער.

**אַ ט אָ מ י ז ם** — די לערע וועגען דעם, אַז אַלץ אין דער וועלט איז צוזאַמענגעשטעלט פון אַטאָמען; די פילאָסאָפיע, וואָס איז באַגרינדעט געוואָרען אין אַלטען גריכענלאַנד פון דעמאָקריט'ן און לעוקיפּ'ן, — און איז שפּעטער געוואָרען דער יסוד פון דער מאָדערנער נאַטור־וויסענשאַפט.

**אַ ט ר אָ פ י ע** — דאָס אָפּשטאַרבען, דאָס איינדאַרען פון אַ גליד אָדער פון אַן איינגענשאַפט.

אַטריבוט — אַן אייגענשאַפט; א וועזענטליכער סמן.

אילי אַדע — אַן אלטגריכישע העלדען־פּאָעמע, וועלכע מען שרייבט צו האָמער'ן.

אימאַנענט — דאָס וואָס גע־הערט צום עצם פון דער זאַך; אַן איינגעבאָרענע, אינוויינינג־סטע אייגענשאַפט.

אידייע — א פאָרשטעלונג וועגען עפּעס; וועגען דער עצם זאַך, וועגען אינהאַלט.

אידעאַליזם — די פילאָסאָ־פישע שיטה, וואָס האַלט, אז דער עצם פון דער וועלט באַ־שטייט פון אידייעס; אז די וועלט איז בלויז אונזער פאָר־שטעלונג, וואָס עקזיסטירט ניט זעלבשטענדיג, נאָר דורך אונזער געדאַנק.

אין ליטעראַטור: א שטרע־בונג צו פאַרשענערען די ווירק־ליכקייט.

אידענטיש — גענוי דאָסזעל־ביגע; וואָס איז אין אלע פּרטים פּונקט ווי א צווייטע זאַך.

אידענטיפיצירען — באַ־שטימען, אַז ס'איז גענוי די־זעלביגע זאַך אָדער דערשיינונג.

אימפּרעסיאָניזם — אַ ריכ־טונג אין דער קונסט, וואָס גיט איבער די ווירקליכקייט לויט דעם פאַרבייאשוועבענדיגען איינ־דרוק פון דעם קינסטלער.

אימפּרעסיע — אַן איינדרוק.

אינצענטריש — א קרייז־באַוועגונג צום צענטער.

אימפּולס — אַן אינערליכער אנשטויס צו עפּעס.

אינדוקציע — אַן אופן ארויס־צופירען אַן אלגעמיינעם כלל פון איינצעלנע אָנגעזאַמעלטע פּרטים.

אינדוקטיוו — דאָס אַרויס־ברענגען דעם כלל פון דעם פּרט.

אינדעטערמיניזם — די פילאָסאָפישע לערע וועגען פריי־הייט פון ווילען; וועגען דעם, אַז דער ווילען איז זעלבשטענ־דיג און איז ניט קיין רעזול־טאַט פון דרויסענדיגע ווירקונ־גען.

אינטואיציע — דאָס באַגריי־פען, באַנעמען אַ זאַך מיט דעם איבערווייניגסטען געפיל, אָהן אויסערליכע לאָגישע באַווייזען.

אינטעלעקט — דער שכל.

אינטעלעקטואַליסטישע ריכטונג — א פילאָסאָפישע שיטה, וואָס רעכענט דעם שכל פאַר דעם איינציגען יסוד פון יעדען מין וויסען.

אינטענסיוויקייט — די אָנגעשטרענגטקייט פון אלע כחות אָדער אייגענשאַפטען.

אינטראָספּעקציע — דאָס אריינטראַכטען זיך, דאָס אריינ־קוקען אין זיך אליין; „אינ־זיכקייט."

איניציאַטיווע — זיין דער ערשטער אָנצוהייבען עפּעס.

איראַציאָנאַל — אויסער־שכל'דיג, וואָס געפינט זיך אוי־סער דעם שכל, וואָס קאָן מיט'ן שכל ניט באַנומען ווערען.

אַלטרואיזם — די איבערגע־בענקייט צו די מיטמענשען; די פעהיגקייט צו טראַכטען וועגען יענעמס אינטערעסען, ווי וועגען די אייגענע.

אַנאַליז — דאָס פונאַנדערטיילען אַ זאַך; דאָס פונאַנדערקלייבען זיך אין די גרונט־פּרטים פון אַן ענין.

אָנטאָלאָגיע — די פילאָסאָפישע לערע וועגען די גרונט־יסודות פון זיין, פון דער עקזיסטענץ.

**אַנטיטעזיס** — דער היפּוך פון טעזיס; דער קעגנזאַץ.

**אַנטראָפּאָמאָרפיזם** — דער מנהג צוצושרייבן דער אויסערליכער וועלט מענטשליכע אייגענשאַפטן.

**אַנימיזם** — דער גלויבען פון די פרימיטיווע מענטשען, אז יעדער זאַך האָט א נשמה, א באַזונדערען גייסט, וואָס קאָן ווירקען אויף דעם מענטשען.

**אַסאָציאַציע** — א פאַראייניגונג, א פאַרבינדונג.

**אַסאָציאַטיווער סינטעז** — א סינטעז, וועלכער ווערט געמאַכט לויט דער פאַרבינדונג פון אידייעס, וואָס האָבען א שייכות צווישען זיך.

**אַסקעטיזם** — נזירות; דאָס אָפּשיידען זיך פון דער וועלט און אָפּזאָגען זיך פון אירע פאַרגעניגענס און בעקוועמליכקייטען.

**אַ־פּריאָרי** — דאָס וואָס קומט, וואָס ווערט אָנגענומען קודם כל, פריער פאר אלץ.

**אָפּטיק** — די פיזישע לערע וועגען ליכט.

**אָפּטיש** — דאָס וואָס האָט א שייכות מיט ליכט.

**אַפּערצעפּציע** — דאָס באַנעמען פון אַן איינדרוק אין דעם באַוואוסטזיין.

**א. פונדאַמענטאַלע** — די גרונט־איינדרוקען, די איינגעבאָרענע, אויף וועלכע אונזער באַוואוסטזיין שטיצט זיך.

**אַקאַזיאָנאַליסט** — דער וואָס בויט זיין פאַרשטעלונג וועגען דער וועלט אויף צופעליגע דערשיינונגען; וואָס אנערקענט ניט קיין רעגעלמעסיגע, באַשטענדיגע געזעצען פון אַנטוויקלונג פון דער וועלט.

**אַקטיוויזם** — די פאַרשטעלונג, אַז אַלץ אין דער וועלט איז אַקטיוו, שטרעבט צו א וועלכען עס איז צוועק.

**אַקסיאָמע** — א כלל, וואָס איז קלאָר פון זיך אליין; אַן אמת, וואָס דאַרף ניט און קאָן ניט דערוויזען ווערען.

**אַרגומענט** — א באַווייז, א ראיה.

**אַרגומענטירען** — מתוכח זיין זיך, פירען א וכוח און בריינגען באַווייזען.

**אַרכימעדען־פּונקט** — דער צענטראַלער פונקט, אויף וועלכען אַלץ שפּאַרט זיך אַן. די לעגענדע דערציילט, אז דער אַלטגריכישער פיזיקער, ארכימעד, האָט געזאָגט: „גיט מיר אַן אָנשפּאַר־פּונקט וועל איך איבערקערען די וועלט."

**אַרנאַמענט** — אַ באַפּוצונג, א באַצירונג; א צייכענונג, וואָס באַשטייט פון געאָמעטרישע ליניעס.

**אָרפישע מיסטעריעס** — א געהיימער רעליגיעזער קולט אין פאַרצייטיגען גריכענלאַנד.

**באַראָמעטער** — א אינסטרומענט, וואָס צייגט די ענדערונגען אין דעם דרוק פון דער לופט.

**ביאָלאָגיע** — די לערע וועגען די לעבעדיגע באַשעפענישען.

**גילדיע** — א געשלאָסענע אָרגאַניזאַציע פון סוחרים און אונטערנעמער.

**געאָצענטריש** — א שיטה, וואָס באַטראַכט אונזער ערד אלס דעם איינצעלנעם אָדער וויכטיגסטען צענטער פון דער גאַנצער וועלט.

**געמיינשאַפט** — אַן אָרגאַניזירטע מענטשליכע געזעלשאַפט.

גענעזיס — אָפּשטאַמונג.

גענעטיש — א פילאָסאָפישער מעטאָד, וואָס אונטערזוכט די אָפּשטאַמונג פון אונזערע באַגריפען.

גראַפיש — אין דער פאָרם פון א ציַיכענונג, וואָס מען קאָן ארומנעמען מיט'ן אויג.

דאָגמע — א עיקר (פון אמונה).

דאָגמאַטיזם — אַן אופן פון דיינקען, וואָס שטיצט זיך אויף אָנגענומענע עקרים, אין וועלכע מען גלויבט אָהן שום קריטיק.

דאָקטרינע — די לערע וועגען א וועלכען עס איז ספּעציעלען צווייג פון פילאָסאָפיע.

דואַליזם — א פילאָסאָפישע סיסטעם, וואָס נעמט אָן אַז די וועלט באַשטייט פון צוויי באַזונדערע און אומאָפּהייגיגע עלעמענטען, א גייסטיגע און א מאַטעריעלע.

דיאַגראַמע — א ציַיכענונג, וואָס שטעלט בולט פאָר די הויפּט־שטריכען פון אַ וועלכער עס איז זאַך אָדער דערשיינונג.

דיאַגראַמאַטיש — פאָרשטעלען אין דער פאָרם פון א דיאַגראַמע.

דיאַלאָג — א געשפּרעך, א וכוח צווישען צוויי פּערזאָנען.

דיאַלעקטיק — די קונסט צו איבערצייגען אין א וכוח; א יכוח, אין וועלכען דער כלל ווערט אַרויסגעבראַכט פון א געוויסער באַהויפּטונג און פון איר קעגענזאַץ.

דיאַלעקטיש — דער אופן פון דערווייזען די זאַך אויפ'ן גרונט פון אַ לאָגישען וכוח; פון ארויסברייינגען א כלל פון א קעגנערישער באַהויפּטונג.

דיאַמעטר — די גלייכע ליניע, וואָס פאַרבינדט צוויי פּונקטען פון אַ קרייז, דורכגייענדיג דורך זיין צענטער.

דיאַמעטראַלער קעגענזאַץ — עטוואָס, וואָס איז פּונקט דער היפּוך פון עפּעס.

דיפערענץ — דער חלוק.

דיפערענצירען — גענוי אָנצייגען דעם חלוק.

דיפערענציאציע — דאָס פונאַנדערטיילען זאַכען אדער דערשיינונגען לויט זייערע באַזונדערע סמנים .

דעאיזם — א רעליגיעז־פילאָסאָפישע לערע, וואָס האַלט פון דער עקזיסטענץ פון א גאָט, אָבער לייקענט זיין מענשען־ענליכקייט.

דעדוקציע — דאָס ארויספירען געוויסע פּרט ־ באַהויפּטונגען, ארויסגייענדיג פון א באַשטימטען אָנגענומענעם כלל.

דעדוקטיוו — דאָס מאַכען אַן אויספיר לויט'ן מעטאָד פון דעדוקציע.

דעטערמיניזם — די לערע וועגען דעם, אַז יעדער דערשיינונג אין אינערליכען און אויסערליכען לעבען ווערט ארויסגערופען דורך א פריערדיגער אורזאַך.

דעמאָן — א שד; א גייסט, וואָס רעגולירט די מעשים פון דעם מענשען.

דעפיניציע — א קלאָרע באַשטימונג וועגען דעם אינהאַלט און די גרעניצען פון א דערשיינונג; גענוי באַשטימען דעם פּלאַץ און די ראָליע פון א דערשיינונג.

הילאָזאָיזם — די לערע, וואָס באַהויפּטעט אַז יעדער טייל פון דער מאַטעריע אַנטהאַלט אין זיך עלעמענטען פון לעבען.

**ה י פ ע ר ט ר אָ פ י ע** — די אומ־נאָרמאַל גרויסע אַנטוויקלונג אָדער פונאַנדערוואַקסונג פון א וועלכען עס איז גליד אדער אייגענשאַפט.

**ה י פ נ אָ ז** — א שלאָף־צושטאַנד, וואָס ווערט אויף איינעם ארויפ־געצוואונגען דורך א פרעמדען שטאַרקערען ווילען. בעת אַזאַ צושטאַנד פילט דער היפנאָטי־זירטער און טוט נאָר דאָס, וואָס דער וואָס האָט אים היפנאָטי־זירט הייסט אים.

**ה ע ג ע ל י אַ נ י ז ם** — די פילאָ־סאָפישע לערע פון דעם דייטשען פילאָסאָף העגעל; ספעציעל זיין דיאַלעקטישע לערע לויט וועל־כער דער אמת ווערט דערגרייכט דורך דעם כלל: „טעזיס (באַ־הויפטונג), —אנטיטעזיס (אָפּ־לייקענונג פון דער באַהויפ־טונג) און סינטעז (דער אויס־פיר, וואָס גלייכט אין זיך אוים די ווידערשפרוכען).

**ה ע ט ע ר אָ נ א מ י ע** — דאָס גע־פינען זיך אונטער דער ווירקונג פון פארשיידענע געזעצען גלייכ־צייטיג.

**ו ו אָ ל ו נ ט אַ ר י ז ם** — דער פּרינ־ציפּ פון פרייען־ווילען; די פילאָסאָפיע, וואָס שטיצט זיך אויף דער פרייהייט פון דעם ווילען.

**ו ו י ב ר אַ צ י ע** — א רעגעלמע־סיגער ציטערן, וואָס ווערט ארויסגערופען דורך אויסערלי־כע קרעפטען.

**ו ו ע ל ט ־ פ ר אָ צ ע ס** — דער וועלט־גאַנג, די גאַנצע אנטוויק־לונג און דער אינהאַלט פון דער וועלט.

**ט ו י כ ע ר** — איינער וואָס לאָזט זיך אַראָפּ אויפ׳ן דעק פון ים אָדער פון א טיפען וואסער, צו בריינגען פון דאָרטען עפּעס.

**ט ע א י ז ם** — דער גלויבען, אַז ס׳איז דאָ אַ גאָט אויף דער וועלט.

**ט ע אָ ל אָ ג י ע** — די לערע וועגען רעליגיע; די פילאָסאָפישע חקירה וועגען געטליכקייט.

**ט ע אָ ר ע מ ע** — אַ כלל, וואָס ווערט אַרויסגעבראַכט (ספּעצ. אין מאַ־טעמאַטיק) אויפ׳ן גרונט פון אַ באַשטימטער לאָגישער חקירה.

**ט ע ז י ס** — אַ פּאָזיטיווע באַהויפּטונג.

**ט ע ל ע אָ ל אָ ג י ע** — די דאָקטרינע וועגען דעם, אַז יעדער זאַך אָדער האַנדלונג האָט אַ באַשטימ־טען באַוואוסטזיניגען צוועק.

**ט ע ל ע ס ק אָ פ** — אַן אינסטרומענט, וואָס ווערט באַנוצט פון די אַס־טראָנאָמען צו זעהן גענויער זאַכען (שטערן), וואָס געפינען זיך אויף אַ וויטער שטרעקע.

**ט ע ר מ י נ אָ ל אָ ג י ע** — ספּעציעלע טעכנישע נעמען פאר זאַכען אָדער באַגריפען; וויסענשאַפט־ליכע נעמען.

**ט ר אַ נ ס צ ע נ ד ע נ ט ־ י ש** — דאָס וואָס שטייט העכער פון דעם שכל, אויסער אים, וואָס קאָן ניט דערוויזען אָדער אָפּגעלייי־קענט ווערען על פּי חקירה.

**ט ר א נ ס צ ע נ ד ע נ ט אַ ל ־ י ש** — אַ פילאָסאָפישער טערמין, מיט וועלכען מען באַצייכענט יעדע דירעקטע עמפּפינדונג, וואָס מיר באַקומען אָהן אַ ספּעציעלער דערפאַרונג און וואָס קאָן ניט קאָנטראָלירט ווערען דורכ׳ן שכל.

**י אָ נ י ש ע** (אינזלען) — גריכישע אינזלען אין עגעישען ים; **יאָנישע פילאָסאָפיע** — די פ. וואָס האָט זיך אַנט־וויקעלט אויף די אינזלען אין גריכישען אַלטערטום.

**כאַאָס** — אַ תוהו ובוהו; אַ ווילדע אומאָרדענונג.

**ליריק** — אַ פּאָעטישע ריכטונג, אַ ליד אָדער אַ ווערק, אין וועלכען דער פּאָעט דריקט דירעקט אויס זיינע אינערליכע איבערלעבונגען.

**מאַגנעטיש** — אָנציהענדיג; וואָס ווירקט דורך דער קראַפט פון אַ מאַגנעט; וואָס קומט דורך אַ היפּנאָטישער ווירקונג.

**מאָלעקולע** — די קלענסטע טייל פון אַ קערפּער, וואָס האָט אין זיך אַלע אייגענשאַפטען פון קערפּער און וואָס קאָן צעטיילט ווערען אין אַטאָמען בלויז מיט כעמישע מיטלען.

**מאָנאַדע** — דער קלענסטער מיקראָסקאָפּישער אָרגאַניזם; פילאָסאָפיש: די גייסטיגע לעבענס־עלעמענטען, וואָס פון זייער פאַראייניגונג קומט אַרויס אַלץ וואָס עקזיסטירט אויף דער וועלט.

**מאָנאָטאָן** — איינטאָניג.

**מאָניזם** — די פילאָסאָפישע שיטה, וואָס האַלט אַז די גאַנצע וועלט און אַלע אירע דערשיינונגען קאָנען אַרויסגעבראַכט און דערקלערט ווערען אויפ'ן גרונט פון איין־איינציגען פּרינציפּ, אַ מאַטעריעלען אָדער אַ גייסטיגען.

**מוזע** — אַ געטין פון קונסט.

**מיליע** — סביבה, אויסערליכע אומגעבונג.

**מיסטיציזם** — אַ פילאָסאָפישע שיטה, וואָס שטרעבט צו באַגרייפען דאָס, וואָס מען קאָן מיט'ן פּשוט'ען שכל הישר ניט באַנעמען, מיט דער הילף פון ספּעציעלע אויסער'שכל'דיגע מיטלען.

**מיסטעריע** — אַ געהיימניש; אַ רעליגיעזער מנהג, וואָס איז אַרומגערינגעלט מיט סודות.

**מיקראָסקאָפּ** — אַן אינסטרומענט, וואָס ווערט באַנוצט צו זעהן אַזעלכע קליינע באַשעפענישען אָדער טיילען פון מאַטעריע, וואָס מען קאָן מיט'ן אומבאַוואַפענטען אויג ניט זעהן.

**מעגאַרישע פילאָסאָפיע** — די פילאָסאָפישע שולע, וואָס איז געגרינדעט געוואָרען דורך **עווקליד'ן** אין דער פאַרצייטיגער גריכישער שטאָט **מעגאַרע** און וואָס איז אינגאַנצען געבויט געווען אויף חקירה און ריין - לאָגישע פּלפּולים.

**מעדיום** — אַ פאַרמיטלער; אין היפּנאָטיזם — דער, וואָס פאַלט אַריין אין אַ היפּנאָטישען צושטאַנד און וואָס דורך אים קומט מען אין באַציאונגען מיט דער גייסטער־וועלט.

**מעטאָדאָלאָגיע** — די לערע וועגען די מעטאָדען, וועגען די אופנים דורך וועלכע מען באַטראַכט אַ פילאָסאָפישע אָדער ווויסענשאַפטליכע פראגע.

**מעטאַפיזיק** — אַ פילאָסאָפישע שיטה, וואָס איז געבויט אויף דער ריין־שכל'דיגער חקירה וועגען דעם, וואָס קאָן ניט באַגריפען ווערען דורך אונזערע חושים און בכלל דורך קיין שום פּראַקטישער דערפאַרונג; וואָס שטייט איבער די פיזישע געזעצען.

**מעלאָדיע** — אַ נגון.

**נאַטוראַליזם** — אַ ליטעראַרישע ריכטונג, וואָס שטרעבט פאָרצושטעלען דאָס לעבען ווי עס איז, מיט אַלע זיינע פּרטים, אפילו די אָפּשטויסענדיגסטע.

נאַטיוויזם — די לערע וועגן איינגעבאָרענע, אינערליכע איי־גענשאַפטען פון דעם מענשליכען גייסט.

נאָרמע — אַ געניויע מאָס; אַ נאַטירליכער צושטאַנד.

נעאָפּיטאַגאָריער — די אַנהייגער פון דער לערע פון דעם אַלט־גריכישען פילאָסאָף פּיטאַגאָראַס, וואָס איז פאַרענדערט געוואָרען אונטער דער ווירקונג פון מיסטיציזם.

נעאָפּלאַטאָניקער — די אַנהייגער פון דער לערע פון דעם גריכישען פילאָסאָף פּלאַטאָן, וואָס איז אויסגעמישט געוואָרען מיט די שפּעטערדיגע פילאָסאָפישע שיטות פון די מזרח־לענדער.

נעאָקאַנטיאַנער — די הייניגע אָנהייגער פון דער שיטה פון דעם דייטשען פילאָסאָף קאַנט, וואָס האָבען זי אויסגעבעסערט אין הסכם מיט דער מאָדערנער וויסענשאַפט.

נעווראָן — דאָס קלענסטע קעמערל פון א נערוו.

סאַנקציע — פאַרהייליגונג; רשות.

סאָפיזם — אַ פּלפּול, אין וועלכען מען קומט דורך לאָגישע באַווייזען צו אַ פאַלשען שלוס, ווייל מען גייט אַרויס פון אַ פאַלשער באַהויפּטונג.

סאָפיסטיש — פּלפּול׳דיג; וואָס באַצוועקט צו פאַרפּלאָנטערן דעם געגנער.

סאָציאָלאָגיע — די לערע וועגען דער געזעלשאַפט, וועגען איר אנטשטייאונג און איר ראָליע אין מענשליכען לעבען.

סאָליפּסיזם — אַ גלויבען בלויז אין דער אייגענער עקזיסטענץ, וואָס נעמט אָן, אַז אַלץ און אַלע, די גאַנצע אַרומיגע וועלט עקזיסטירט בלויז אַלס אַ פּאָרשטעלונג פון מיין געדאַנק.

סוביעקט — פּערזאָן; דער, וועלכער טראַכט, טוט אָדער ווירקט אויף די אַרומיגע (אָביעקטען).

סובסטאַנץ — דער עצם; די גרונט־מאַטעריע אָדער דער גרונט־עלעמענט, פון וועלכען ס׳קומט אַרויס אַלץ וואָס איז דאָ אויף דער וועלט.

סובסטאַנציאַליטעט — דער גלויבען אין אַן עצם, וועלכען מיר קאָנען מיט אונזערע חושים ניט באַנעמען, נאָר וואָס איז דער יסוד פון אַלץ, וואָס עקזיסטירט.

סטאָיציזם — א פילאָסאָפישע שיטה אין אַלטען גריכענלאנד און רוים, וואָס האָט געהאַלטען, אז דער מענש דאַרף לעבען אין הסכם מיט׳ן שכל און מיט די פאָדערונגען פון דער נאַטור; אַז ער דאַרף זיין גלייכגילטיג צו פּערזענליכע באַקוועמליכקייטען און העכער פון אַלץ שטעלען דעם געפיל פון פליכט.

סטאָיקער — די אָנהייגער פון סטאָיציזם.

סטימול — אַן אָנרעגונג, אַן אויסערליכע סבה, וואָס שטויסט צו געוויסע האַנדלונגען.

סטימולירען — אָנרעגען, שטויסען צו עפּעס.

סילאָגיזם — אַ קל וחומר, אַ לאָגישער אויספיר, וואָס ווערט געמאַכט אויפ׳ן גרונט פון צוויי הנחות.

סימבאָליזם — אַ קונסט־ריכטונג, וואָס שטעלט פאָר די אויסערליכע וועלט אין דער פאָרם פון אינערליכע מענשליכע איבערלעבונגען, אָדער פאַרקערט.

**סימפאָניע** — אַ מוזיקאַליש ווערק, וואָס ווערט אויסגעפירט דורך אַ גאַנצער קאַפּעליע.

**סינטעז** — אין לאָגיק: דער מעטאָד פון אַרויסברייינגען אַ פאַרוויקעלטען באַגריף פון איינפאַכע הנחות; אין כעמיע: דער היפוך פון אַנאַליז; דאָס פאַראייניגען עטליכע איינפאַכע עלעמענטען אין אַ נייעם קאָמפּליצירטען קערפּער.

**סיסטעם** — אַ געבונדענער סדר; אַ שיטה.

**סכאָלאַסטיק** — די מיטעלאַלטערליכע חקירה־ און פּלפּול־פילאָסאָפיע, וואָס האָט געבויט דעם גאַנצען וויסען אויף אַלטע אויטאָריטעטען און לאָגישע אויספירען.

**סענסואַליזם** — א פילאָסאָפישע שיטה, וואָס בויט אירע אויספירען בלויז אויף די מענשליכע חושים.

**ספּאָנטאַן** — פון זיך אַליין; פּלוצלינג.

**ספּיריטואַליזם** — אַ פילאָסאָפישע שיטה, וואָס האַלט, אַז אויסער דער מאַטעריעלער וועלט עקזיסטירט נאָך אַ באַזונדערע וועלט פון גייסט אָדער גייסטער, מיט וועלכער מען קאָן אויף אַ געוויסען אופן אַריינטרעטען אין באַציאונגען.

**ספּיריטיזם** — אַ לערע, לויט וועלכער מען קאָן אַריינטרעטען אין באַציאונגען מיט די נשמות פון פאַרשטאָרבענע מענשען.

**ספּעקטר** — דאָס פאַרבען־בילד, וואָס מען באַקומט, ווען מען לאָזט דורך אַ ליכט־שטראַל דורך אַ ספּעציעלער דורכזיכטיגער פּריזמע (קרישטאָל).

**ספּעקטראַלער אַנאַליז** — די באַשטימונג פון דעם אינ־האַלט פון אַ געוויסען עלעמענט דורך דעם, וואָס מען פאַרוואַנדעלט אים אין אַ לייכטענדיגען גאַז און מען לאָזט דורך זיין ליכט דורך אַ פּריזמע.

**סקולפּטור** — אַ שטיין־בילד; אַ געמעל, וואָס איז אויסגעהאַקט, אויסגעקלעפּט אָדער אויסגעשניצט פון שטיין, גיפּס, האָלץ אָדער מעטאַל.

**סקעפּטיציזם** — אַ צווייפעל; אַ פילאָסאָפישע שיטה, וואָס צווייפעלט אין די איינדרוקען פון אונזערע חושים.

**עגאָטיזם** — די פאַרגעטערונג פון דעם אייגענעם איך; דאָס באַטראַכטען די וועלט בלויז דורך דעם „איך“.

**עגאָאיזם**—אַ פאַרשטעלונג, אַז אַלץ עקזיסטירט בלויז פאַר מיינע פערזענליכע צוועקען.

**עודעמאָניזם** — אַ פילאָסאָפישע שיטה, וואָס איז באַגרינדעט אויף אַ פריידיגער, נחת־רוח׳־דיגער באַציאונג צו דער וועלט.

**עוורעסטיש** — אויסגעפינעריש; אַ פּרינציפּ, לויט וועלכען עס ווערט אויסגעפונען דאָס וואָס מען זוכט.

**עזאָטעריש** — געהיים, סודות׳־דיג; אַ באַגריף, וועלכען עס קאָנען באַנעמען נאָר יחידי סגולה.

**עטיק** — די לערע וועגען דער מענשליכער פליכט, וועגען מאָראַלישע האַנדלונגען.

**עטנאָלאָגיע** — די וויסענשאַפט, וואָס פאָרשט אויס דאָס לעבען און די מנהגים פון פּרימיטיווע פעלקער.

**עטער** — די דינסטע לופט; אַ כעמישע פליסיקייט.

**עלעאַטען** — די אַנהייגער פון דער פילאָסאָפיע, וואָס איז באַגרינדעט געוואָרען אין דער אַלט־גריכישער שטאָט עלעאַס אין 6־טען יאָרהונדערט פאַר קר.; אַ פילאָסאָפישע שיטה, וואָס האָט געהאַלטען, אַז גאָט און די וועלט זיינען איין און דיזעלביגע זאַך, און האָט אַרויסגעבראַכט דעם וויסען וועגען אַלץ פון דעם בלויזען שכל.

**עלעמענט** — דער גרונט־טייל.

**עמאַציע** — אַן אינווייניגסטער געפיל, אַן אינערליכע איבערלעבונג.

**עמפּיריזם** — אַ פילאָסאָפישע אָדער וויסענשאַפטליכע שיטה, וואָס ברייגנט אַרויס אונזער גאַנצען וויסען בלויז פון דער פּראַקטישער דערפאַרונג.

**עמפּיריש** — מאַכען אַן אויספיר בלויז אויפ'ן גרונט פון דערפאַרונג.

**עמפּיריאָ קריטיציזם** — אַ פילאָסאָפישע שיטה, געגרינדעט פון דעם דייטשען פילאָסאָף אַוועגאַריוס, וואָס האַלט, אַז אונזער גאַנצער וויסען נעמט זיך בלויז פון דער קריטיש־דורכגעטראַכטער דערפאַרונג.

**עמפּפינדונג** — אַ דירעקטער איינדרוק, וואָס מיר באַקומען איידער מיר טראַכטען איבער וועגען דער זאַך.

**עסטעטיק** — די לערע וועגען שיינקייט.

**עסעי** — אַ קורצע אָפּהאַנדלונג וועגען אַ וויסענשאַפטליכען אָדער ליטעראַרישען ענין.

**עפּאָס** — אַ צווייג פון דער פּאָעזיע, וואָס פאַרנעמט זיך מיט דער באַשרייבונג פון גרויסע פּאַסירונגען אָדער האַנדלונגען.

**עפּישער** — אַן אָביעקטיוו־באַשרייבענדיגער; אַ רוהיגער.

**עפּיסטעמאָלאָגיע** — אַ צווייג פון פילאָסאָפיע, וואָס אונטערזוכט די אַנטשטייאונג און אַנטוויקלונג פון דעם מענשליכען וויסען און שטעלט פעסט די הויפּט־עלעמענטען פון דעם פּראָצעס פון באַקומען דעם וויסען.

**עקספּערימענט** — אַ פּראָבע, אַן אויספּרובירען דורך דער פּראַקטיק.

**פאַקטאָר** — דער פאַרמיטלער, דער וואָס העלפט דורכפירען אַ געוויסע ווירקונג.

**פונדאַמענטאַל** — דאָס וואָס ליגט אין גרונט פון עפּעס, וואָס בילדעט זיין יסוד.

**פונצענטריש** — אַ קרייז־באַוועגונג, וואָס שטרעבט צו דערווייטערן זיך פון צענטער.

**פיזאָלאָגיע** — די לערע וועגען די פּראָצעסען, וואָס קומען פאָר אין אָרגאַנישע קערפּערס, אין לעבעדיגע אָרגאַניזמען.

**פלאָגיסטאָן** — אַ מין אוניווערזאַלע דינע פליסיגקייט, וואָס דרינגט דורך, ווי די פילאָסאָפען פון 16־טען — 18־טען יאָרהונדערט האָבען געגלויבט, די גאַנצע וועלט און איז דער יסוד פון אַלץ, וואָס עקזיסטירט.

**פענאָמען** — אין געוויינליכען געברויך: אַ מערקווירדיגע דערשיינונג. פילאָסאָפיש: אַ דערשיינונג בכלל, וואָס קאָן באַנומען ווערען דורך אונזערע חושים אָדער שכל.

**פענאָמענאַליזם** — אַ פילאָסאָפישע שיטה, וואָס בויט איהרע אויספירען אויף די דערשיינונגען, וואָס ווערען באנומען דורך אונזער שכל אָדער חושים.

**פאָזיטיוו** — דאָס וואָס עקזיסטירט אויף זיכער.

**פאָזיטיוויזם** — אַ פילאָסאָפישע שיטה, געגרינדעט אין מיטען פון 19־טען יאָרהונדערט פון דעם פראַנצויזישען פילאָסאָף אָגיוסט קאָמט, און וואָס האָט געהאַלטען, אַז מיר דאַרפען מאַכען אונזערע אויספירען בלויז אויף'ן גרונט פון די דערשיינונגען, וואָס מיר זיינען דירעקט איבערצייגט אין זייער זיכערקייט.

**פאָטענציעל** — דאָס וואָס האָט אין זיך אַ מעגליכקייט.

**פאָטענציעלער צענטער** — דאָס, פון וואַנען עס נעמען זיך באַשטימטע באַוועגונגען, האַנדלונגען; דער צענטער פון מאַטעריעלער אָדער גייסטיגער ענערגיע.

**פאָסטולאַט** — אַ הנחה, פון וועלכער מיר גייען אַרויס, ווען מיר ווילען מאַכען אַ לאָגישען אויספיר; די ערשטע הנחה, וואָס רופט ניט אַרויס קיין צווייפעל.

**פלאַזמע** — דאָס קלענסטע קעמערל פון דער לעבעדיגער, אָרגאַנישער מאַטעריע.

**פלאַסטיק** — די קונסטווערק, וועלכע מען קאָן זעהן אָדער אָנטאַפּען; מאַלעריי און סקולפּטור.

**פלוראַליזם** — אַ פילאָסאָפישע שיטה, וואָס האַלט, אַז די וועלט און אונזער וויסען זיינען געבויט ניט אויף איין יסוד, נאָר אויף עטליכע מיט אַמאָל.

**פעדאַגאָגיק** — די לערע וועגען דערציאונג.

**פּראָבלעם** — אַ פראַגע, וואָס דאַרף פאַרענטפערט ווערען.

**פּראַגמאַטיזם** — אַ פילאָסאָפישע שיטה, — געגרינדעט אין אמעריקע, — וואָס האַלט, אַז דער גאַנצער אינהאַלט פון אונזער וויסען ווערט באַשטימט דורך פּראַקטישע צילען, און דער צוועק פון דער פילאָסאָפיע איז צו באַפרידיגען אונזערע פּראַקטישע אינטערעסען.

**פּראָטאָטיפּ** — דער ערשטער טיפּ, דער, וועלכער דינט אַלס מוסטער, לויט וועלכען אַנדערע ווערען געבויט.

**פּראָלעגאָמענאַ** — דאָס וואָס מוז פריער געזאָגט ווערען; דער אַריינפיר, וואָס פאַרנעמט זיך מיט די גרונט־באַגריפען, אויף וועלכע דאָס ווערק איז געבויט.

**פּרימיטיוו** — זעהר פשוט, איינפאַך; וואָס געפינט זיך אויף אַ זעהר נידעריגער שטופע.

**פּרעדיקאַט** — די באַהויפּטונג; דאָס וואָס כאַראַקטעריזירט דעם סוביעקט.

**קאַוזאַליטעט** — אורזאַכליכקייט; די לערע וועגען דעם, אַז יעדע זאַך ווערט אַרויסגערופען דורך אַ באַשטימטער אורזאַך און איז אַליין אַן אורזאַך פאַר שפּעטערדיגע דערשיינונגען.

**קאַטעגאָריע** — אַן אבסטראַקטער גרונט־באַגריף, ווי איכות, כמות, צייט, רוים; אַן איינטיילונג, וועלכע פאַראייניגט אין זיך ענליכע מענשען, זאַכען אָדער דערשיינונגען.

**קאַטעגאָריש** — דאָס וואָס מוז זיין.

**קאַטעגאָרישער אימפּעראַטיוו** — לויט קאַנט'ס מיינונג, אַן איינגעבאָרענער מאָראַל־געזעץ פוז דער מענשליכער נאַטור, וואָס היינגט ניט אָפּ פון זיין ווילען און איז פאַר אים אַ מין מוז־זאַך.

**קאָמפּלעקס** — דער סך הכל פון איינהייטליכע עלעמענטען, וואָס שטעלען צוזאַמען אַ גאַנצקייט פון אַ העכערען מין.

**קאָנטינענט** — הויפּטלאַנד; אַ וועלט־טייל.

**קאָנסעקווענץ** — דער פועל יוצא.

**קאָנצעפּציע** — דער אופן, ווי מען באַנעמט עפּעס אַ זאַך; דער אַלזייטיגער באַגריף וועגען אַ דערשיינונג.

**קאָנצעפּטיש** — וואָס נעמט זיך פון דעם פולען באַגריף וועגען עפּעס.

**קאָסמאָלאָגיע** — די לערע וועגען דער אנטשטייאונג און אנטוויקלונג פון דער וועלט.

**קאָסמאָפּאָליט** — איינער וואָס האַלט זיך פאַר אַ בירגער פון דער גאַנצער וועלט און לייקענט אָפּ די באַדייטונגען פון באַזונדערע נאַציעס.

**קיניקער** — אַן אָנהייגער פון דער קינישער פילאָסאָפיע, וואָס האָט געהאַלטען, אז דער גליק פון דעם מענשען באַשטייט אין אָפּזאָגען זיך פון אַלע באַדערפעגישען אָהן וועלכע ער קאָן זיך באַגיין. דורך דעם ווערט דערגרייכט די גרעסטע אויסערליכע און אינערליכע פרייהייט.

**קינעסטעטיש** — דער פאַרגעניגען, וואָס נעמט זיך פון באַוועגונג.

**קלאַסיפיקאַציע** — דאָס איינטיילען לויט אַ געוויסען סדר, ביי וועלכען זאַכען, וואָס האָבען ענליכע סמנים אָדער אייגענשאַפטען, ווערען אויסגעטיילט אין באַזונדערע גרופּעס.

**קריטיציזם** — אַ שיטה, וואָס קריטיקירט און שטעלט אונטער אַ צווייפעל אונזערע פאַרשטעלונגען און באַגריפען.

**קריטעריי** — אַ העכערע מאָס, לויט וועלכער דערשיינונגען אָדער האַנדלונגען ווערען אָפּגעשאַצט.

**ראַציאָנאַל** — דאָס וואָס לעגט זיך אויפ'ן שכל; וואָס ווערט באַנומען על פי שכל.

**ריטם** — אַ רעגעלמעסיגע ענדערונג פון קלאַנגען אָדער באַוועגונגען.

**רעאַגירען** — אָפּרופען זיך אויף אַ וועלכען עס איז אופן.

**רעאַליזם** — אַ קונסט־ריכטונג, וואָס שטרעבט צו אַ נאַטור־געטרייער באַשרייבונג פון דער ווירקליכקייט; פילאָסאָפיש: אַ שיטה, וואָס אַנערקענט להיפוך צום אידעאַליזם די עקזיסטענץ פון די זאַכען פון דער אויסערליכער וועלט אומאָפּהענגיג פון אונזערע פאַרשטעלונגען.

**רעדוקציע** — דער מעטאָד פון בריינגען אַ געוויסען באַגריף אָדער געדאַנק, צו זיינע פשוטסטע עלעמענטען.

**רעדוצירען** — דאָס בריינגען אַ געדאַנק צו זיינע פשוט'סטע עלעמענטען, באַפרייענדיג אים פון אַלע צופעליגע אייגענשאַפטען אָדער סמנים.

**רעטאָריק** — די קונסט פון שיין־רעדען.

**רעטאָריש** — דאָס פאַרבייטען דעם באַוויוז מיט אַ שיינער אָדער אָנגענומענער פראַזע.

**ר ע ט י נ ע** — די אויסערליכע הויטעל פון אויג.

**ר ע נ ע ס אַ נ ס** — די אויפלעבונג; די צייט פון סוף 15־טען און דעם 16־טען יאָרהונדערט, ווען די קונסט און אַלט־גריכישע פילאָסאָפיע האָבען אויפגעלעבט אין איוראָפּע.

**ר ע פ אָ ר מ אַ צ י ע** — די אויסבעסערונג; די צייט, ווען אין אייראָפּע איז פאָרגעקומען דער קאַמף קעגען דער זעלבסט־הערשאַפט פון דער קאַטוילישער קירכע.